# משה יודל שעליובסקי

# אין יאָרן אַרום

נאָוועלן און דערציילונגען




תשכ"ב — 1961

# א י נ ה אַ ל ט:

לזכרון . . . . . . . 7

פון אַמעריקאַנער יידישן לעבן

מיט מזל . . . . . . . 11

דער מענטש אין זיינע געשטאַלטן

די וועלט זוכט אַ קוימן . . . . . 91

דער פורים־רב . . . . . . 114

אברהמל דער לײדיקגייער . . . . 144

פון נעכטן און מאָרגן

די אייביקע חתן כלה . . . . . 175

העכער פון דער ערד . . . . . 235

לזכרון מיין חבר
דוד קאַזאַנסקי
1888—1945

דוד קאַזאַנסקי איז געשטאָרבן דעם 26טן אָקטאָבער, 1945, איידער ער האָט געענדיקט איבערשרייבן דעם 4טן און 5טן ראָמאַן פון זיין ווערק אונטערן נאָמען „אַרום און אַרום".

ביי זיין לעבן האָט ער אָפּגעדרוקט די ערשטע דריי ראָמאַנען. אין מיטן פון דער אַרבעט אויפן פערטן ראָמאַן איז ער אַוועק פון דער וועלט.

איך גיב אַרויס דאָס בוך אונטערן נאָמען „אין יאָרן אַרום", ס'זאָל אַריינגעמען אַ וואָרט פון זיין נאָמען. זאָל דאָס וואָרט פאַרקניפּן אונדזער שרייבן נאָכן טויט, אַזוי ווי ס'איז געווען פאַרבונדן ביים לעבן.

# מיט מזל

## א

אַז מר. העררי עם בערמאַן קומט אַריין אינדערפרי אין זיין פאַבריק פון רעגנמאַנטלען, שטעלט ער זיך אָפּ פריער אין שאפּ, איידער ער גייט אַריין צו זיך אין אָפיס. ער גנבעט אַריין זיין גוט־מאָרגן אין זיין קאַרגן שאָקל מיטן קאָפּ און פירט דורך זיין בליק איבער די אַרבעטער, מאַשינען, וואָס האָבן שוין אָנגעהויבן דעם טאָג אַרבעט. ער באַווייזט זיך אין שאפּ מען זאָל זען, אַז ער, דער באַלעבאָס, וואָס האָט שוין אָפּגעטאָן אַ וועלט מיט אַנדערע געשעפטן, פאַרשפּעטיקט נישט, ער קומט אין צייט צו דער מינוט.

שיין וואָלט ער אויסגעזען ווען זיינע פאַרדינסטן זאָלן דאַרפן וואַרטן אויפן שווערס ירושה און די באָנדלעך, וואָס די בעלי־מלאכות ציילן אויס, פאַרציט מר. בערמאַן די רעכענונגען פון זיינע פאַרשידענע געשעפטן אין דעם שמייכל פון זיינע דינע ליפּן און גייט אַוועק צו זיך אין אָפיס.

ער היפּט איבער די מיידלעך, וואָס זיצן ביי די אַרבעטס־טישן מיט די שרייב־מאַשינען און פאַרנעמט זיך מיט געמאָסטענע טריט צו זיין אַלמער, וואָס שטייט אין ווינקל צימער, לעבן דעם הויכן אויסגעשפּרייטן פענצטער.

מר. בערמאַן איילט זיך נישט אויסטאָן דעם מאַנטל; ער ציט אַרויס לאַנגזאַם די הענט פון די אַרבל, גלעט אויס מיט די שפּיץ פינגער דעם סאַמעטענעם קאָלנער פון מאַנטל און ציט זיך אויס אין זיין גאַנצער הויך צו דעם הענגער. דער מאַנטל שאָטנט זיך אַראָפּ אויף זיין פּנים און בלייבט הענגען אין דער ליידיקייט, וואָס טיפּט זיך אַראָפּ אויף זיינע טריט.

— ווען ער איז מיט אַ קאָפּ העכער, נאָך אַמאָל די הייך פון זיינע אונטערגעלייגטע אָפּצאָסן, דעם ווייבס אַקסלען זאָלן אים נישט פאַרשטעלן...

נאָר דאָ אין פאַבריק, מיט זיינע צענדליקער געשעפטן, פאַלט מר.

בערמאַן נישט אַראָפּ ביי זיך. ער ווייסט, אַז די וועלט שאַצט נישט אָפּ דעם מענטש נאָך דעם גרויסן אָנגעשטאָפּטן גוף, נאָר נאָך זיין שכל, געלערנטקייט און אויפטואונגען.

און מיט זיינע אויפטואונגען קען זיך מר. בערמאַן איבערנעמען: ער האָט נאָר וואָס איבערגעלאָזן זיין גוט־מאָרגן פון דער אַנדערער זייט טיר און די אַרבעט איז שוין איינגעשטעלט, ווי ס׳דאַרף זיך פירן ביי מר. הערי עם בערמאַן, אינק.

די קאָרעספּאָנדענץ קומט אים אַנטקעגן, צעסאָרטירט, אויסגע־לייגט, פּאַנאַנדערגעלייגט, גלייך ווי מען וואָלט שוין אין דער פריער שעה געענטפערט אויף די בריוו און ער דאַרף זיך נישט פאַרנעמען מיט דער פּאָסט.

ער וויל בלויז אַ קוק טאָן צי זי שרייבט נאָך אַלץ אויף דעם לאַנגן, אויסגעצאַצקעטן בייגעלע פּאַפּיר דעם „איין־וואָרט״, צי מר. קיי האָט זיך שוין איבערגעבעטן אוןֹ אַריינגעשיקט זיין באַשטעלונג — איצטער וועט ער דאַרפן וואַרטן; נישט בלויז שרייבן, נאָר מוזן אַליין קומען — און ער וויל אויך זען צי מר. בערמאַנס נאָמען איז דערמאָנט אין דעם באַריכט פון לעצטן מיטינג.

מר. בערמאַן האָט נישט באַמערקט ווי אַזוי זיין האַנט האָט אַרויס־געצויגן דעם לאַנגן קאָנווערט גראָד פון יענע בריוו, וואָס זיין סעקרע־טאַרין לייגט אָפּ אין אַ זייט, אויפן ברעג טיש, און ער, מעג ער זיי יאָ לייענען און נישט לייענען, ער האָט דעם קאָנווערט נישט געוואָלט עפענען נאָר אַ קוק טאָן פאַרוואָס מענטשן גיבן אויס געלט אויף מאַרקעס. זיין אויג איז געפאַלן אויפן אַדרעס: „אי עם ראַבינאָוויטש ענד סאָנס״. האָט ער אַ שמייכל געטאָן: זיי האָבן נאָך געדאַרפט אויסשרייבן איטשע מאיר ראַבינאָוויטש ענד סאָנס, און מר. בערמאַן האָט געוואָלט אַריינוואַרפן דעם בריוו אין קאָרב.

„ניין״... האָט ער איינגעשטייפּט דעם בריוו אין האַנט, איבערגע־לייענט נאָך אַמאָל: „אי עם ראַבינאָוויטש ענד סאָנס״ און האָט איבער־געקרימט: „איטשע מאיר, ר׳ איטשע מאיר ראַבינאָוויטש פון שעפּע־טאָווקע ענד סאָנס״. ער וועט אָפּגעבן דעם קאָנווערט, הייסן נישט עפענען אַזעלכע בריוו און אָפּשיקן זיי צוריק.

מר. בערמאַן האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי זיין שרייב־טיש און האָט

זיך אָנגעהויבן גרייטן צו זיין טאָג־אַרבעט: ער דאַרף אָפּרופן דעם בראָקער און אים זאָגן וועלכע שערס ער זאָל קויפן און פאַרקויפן; מיט דעם פּלאָמבער האָט ער נעכטן געדאַרפט ריידן וועגן דער וואַסער־לייטונג; אינדערפרי האָט ער נישט געזען ווו מען האַלט מיט די באַשטעלונגען, וואָס דאַרפן אַרויסגיין פאַר דעם ערשטן, זיי זאָלן נישט פאַרשפּעטיקן צום נייעם סעזאָן. אויב דער לאָיער וועט מאַכן פּאַרטיק די פּאַפּירן, וועט ער נאָך היינט דאַרפן אונטערשרייבן דעם קאָנטראַקט אויפן גאַראַזש. און מר. בערמאַן וויל טאַקע הייסן זיין סעקרעטאַרין זי זאָל אים „פאַר־בינדן" מיט דעם לאָיער.

ער כאַפּט זיך אָבער, אַז דער לאַנגער קאָנווערט מיט איטשע מאירס אַדרעס ליגט נאָך ביי אים אויפן טיש, אָפּגעזונדערט פון דער איבעריקער קאָרעספּאָנדענץ, ווי ער וואָלט געוועזן דער וויכטיקסטער בריוו. טוט זיך אַ קרים זיין בליק: זיין שאַפּ איז שוין אויף בראָדוועי אין דער אַכט און דרייסיקסטער גאַס, ס׳איז שוין איינגעשרויפט אַ מעשענער טאוול: הערי עם בערמאַן אינק. און זיי קענען נאָך אַלץ נישט פאַרגעסן דאָס צע־בראָכענע ברעטל פון ספּרינג־סטריט מיט די צעקרומטע בוכשטאַבן: אי עם ראַבינאָוויטש ענד סאָנס. זיי ווילן קומען ווי אין די אַמאָליקע צייטן אויף ספּרינג־סטריט, איבערקלייבן, איבערקוקן און קויפן גאַנצע פּעק אויפן טאָן, פאַר פּעניס.

מר. בערמאַנס כעס זידט אויף דעם „אי עם ראַבינאָוויטש ענד סאָנס": דו קומסט אַריין אין אָפּיס אַ פריילעכער, אַ געזונטער, די אַרבעט בליט אין די אויגן און פּלוצלונג אַ קלייניקייט, אַ וואָרט, אַ פרעמדער טעלעפאָן — דער טאָג ווערט אַן אָפּקומעניש און דו קענסט אפילו נישט אויסרעכענען וויפל דו דערלייגסט צו זיינע שכירות. אַזוי איז אויך מיט די בריוו, ס׳גייט אַוועק אַ טאָג, אַ וואָך, אַ חודש און זיי באַוויזן זיך נישט, נאָר פּלוצלונג... די האַנט ציט זיך אַוועק גראָד צו די בריוו, וואָס דו ווילסט נישט אָנקוקן, דאַרפסט נישט לייענען, און דו דערזעסט דעם אַדרעס, דעם ערשטן... פאַרוואָס האָט די האַנט אַרויסגעצויגן פון אַלע לאַנגע קאָנ־ווערטן דעם „אי עם ראבינאָוויטש ענד סאָנס"? שניידט זיך איין מר. בערמאַנען דער „עם" שאַרפער פון אַלע בוכשטאַבן: ווער ביי וועמען האָט צוגענומען דעם „עם", האָט ער דאָס געקראָגן אין דער ירושה, צי דער שווער האָט געוואָלט נאָכמאַכן דעם איידעם, ער זאָל אויסזען אַמע־

ריקאַנישער? — וויל מר. בערמאַן מאַכן אַ שפּאַס פון דעם אַריינגע־גנבעטן „עם״, ער קען אָבער נישט פאַרגעסן, פאַרוואָס האָט ער עס פריער פאַרזען: ער האָט עס געקענט פאַרמיידן, אַריינשטעלן אַן אַנדערן בוכשטאַב. פאַרקוקט... נישט פאַרטראַכט זיך.

מר. בערמאַן לאָזט נישט אַרויס דעם קאָנווערט פון האַנט, ער זאָל שאַרפער זען דעם טעות און געדענקען, אַז אַ מענטש טאָר זיך נישט איילן; ער דאַרף איבערטראַכטן יעדע קלייניקייט מיט שכל, מיט פאַר־שטענדעניש. אַנדערש... טוט זיך דער „עם״ נישט אָפּ פון זיינע אויגן, ער וואַקסט אויס גרעסער, שרומפּט זיך איין קלענער, אַ פּיטשיניאָנטשי־קער בייסט ער זיך איין אין מר. בערמאַנען, ווי דער יחוס וואָס די שכנים פון די בראָנזווילער הייזקעס דערמאָנען אים וועגן זיינע שוואָגערס, די דאָקטוירים, די לאָיערס און ריידן איבער: דער שווער, ר׳ איטשע מאיר, האָט נישט געמאָנט קיין דירה־געלט, דאָך האָט ער איבערגעלאָזן דעם איידעם אַ פיינעם פאַרמעגן.

מר. בערמאַן קען מער נישט איינזיצן ביים טיש און ער מאָנט ביי זיך אַליין: ער האָט שוין לאַנג געדאַרפט פּטור ווערן פון די בראָנז־ווילער הייזקעס, וואָס טראָגן זיי אים אַריין?... צי וואָס האָט ער זיי געדאַרפט צונעמען ביי די שוואָגערס? זאָלן זיי זיך טיילן מיט זייער פאָטערס פאַר־מעגן, וואָס טראָגט אַריין דרייצן סענט אַ חודש. אַ פאַרזען, זיך נישט באַ־טראַכט, אַ צופאַל, ווי דער אַדרעס מיטן אי עם ראַבינאָוויטש ענד סאָנס, וואָס איז אים אַריינגעפאַלן גראָד היינט אין האַנט, ווען ער דאַרף אָפּשליסן דעם קאָנטראַקט אויפן גאַראַזש, מען זאָל ווידער דערמאָנען אַז דער „אָלד מען״ האָט געוווסט ווען און ווו צו קויפן...

„יאָ, געוווסט״... קרימט איבער מר. בערמאַן די רייד, און וויל זיי נישט פאַרשווייגן: מען דאַרף אָבער וויסן וואָס אַוועקצושטעלן אויפן „לאט״. געקויפט פאַר גאָרנישט; דער שווער האָט אַ סך געוווסט? עמעצער האָט אים אָנגעזאָגט, אַ צופאַל... זיין שווער האָט נישט אָנגעקליבן זיין געלט מיטן שכל, וואָס ער האָט געבראַכט פון שעפּעטאָווקע. גליטשן זיך אַראָפּ מר. בערמאַנס טראַכטונגען פון שכל; זיי ציטערן אויף אַ צופאַל, אַ פאַרזען, ווי זיי וואָלטן געשווינדלט אין אַ טונקלקייט, און ער דערמאָנט זיך אויף זאַכן, וואָס זענען אָפּגעטאָן געוואָרן אין זיין לעבן: ער האָט נישט פאַרקויפט אין צייט, האָט ער געדאַרפט וואַרטן ניינצן חדשים ביז

ער האָט געקראָגן זיין געלט צוריק. ס׳איז בלויז געווען אַ צופאַל. ער האָט דערזען דעם פּאַסאַן ביי אַן אַקטריסע וואָס איז געקומען פון פּאַריז. דזשין האָט זי גאָר גענומען אין דעם קאַבאַרעט עסן און טרינקען... ער האָט אָבער יענעם ווינטער, נישט געקענט קריגן גענוג אַרבעטער אַרויס־צוגעבן די באַשטעלונגען, ס׳גאָרנישט, מאַלע וואָס ס׳טרעפט... וויל מר. בערמאַן זיך שטאַרקן מיט זיינע אויסרעכענונגען און זיך נעמען צו דעם טאָג אַרבעט.

ער לייגט אויס פונקט נאָך פונקט דעם קאָנטראַקט וואָס ער דאַרפט היינט אונטערשרייבן. זיין האַנט ציט זיך צום טעלעפאָן, נאָר זי בלייבט ליגן אויף דעם לאַנגן, אָנגעפּעלצטן קאָנווערט: אפשר וואָלט ער נאָכאַמאָל דורכגעגאַנגען דעם קאָנטראַקט מיטן לאָיער? ער בויט נישט אַליין, נאָר מיט שותפים. זיי האָבן צוויי לאָיערס. אַן איבעריק פּינטעלע, פאַרפעלן אַ בוכשטאַב, בלויז אַ צופאַל, אַ פאַרזען און ס׳קען קאָסטן טויזנטער... מען דאַרף איבערטראַכטן און אַליין אויסרעכענען, אָט אַזוי ווי ער האָט איינ־געשטעלט דעם שאָפּ — וויל מר. בערמאַן באַפעסטיקן זיינע טואונגען. ער וויל אַריינרופן דעם פאָרמאַן און פאַנאַנדערזאָגן אים וועגן דער אַרבעט, נאָר ער גייט צו צום פענצטער און לאָזט אַראָפּ זיין בליק נידעריק אויפן דרויסן. פון זיין פאַבריק אויף דעם אַכצענטן גאָרן, זעט אויס די גאַס, אונטן, אין דער נידער, ענג און שמאָל. די לופט הוידעט זיך צוזאַמען מיט די מענטשן, אויטאָמאָבילן, צווישן די הויכע מויערן, אָט אַזוי ווי דער שאָפּ האָט זיך אַראָפּגעזעצט אונטער די מאַשינען אויפן זעקסטן גאָרן פון ספּרינג־סטריט.

און ער האָט זיך געדאַרפט בעטן, איינריידן, סטראַשען, ביז מען האָט איבערגעצויגן די פאַבריק אָפּטאַון, אויף בראָדוועי אין דער 38־טער גאַס, ווערט מר. בערמאַן שטאָלצער ביי זיך: זייער אַלד מען האָט געוואָלט ברענגען אַהער דאָס גאַנצע אַלטע קלאַפּערגעצייג, צוזאַמען מיט די זקנים, וואָס האָבן נאָך געאַרבעט ביי אים אין שאָפּ אויף זייערע אייגענע מאַשינען, אָט אַזוי ווי ער האָט זיין גאַנץ לעבן נאָכגעשלעפּט נאָך זיך זיין נאָמען איטשע מאיר ראַבינאָוויטש פון שעפּעטאָווקע, און נישט געלאָזן אַראָפּ־נעמען קיין אות. זיי ציטערן פאַר אַן ענדערונג... האַלטן זיך מיטן פאַסאָן פון נעכטן און היינט וויינען זיי: ס׳גייט נישט, מען קויפט נישט... עס יאָגט זיך אַן אומרו אויף מר. בערמאַנען, ער אַליין זאָל נישט פאַרשפּעטיקן

מיט זיינע פּאַסאַנעז. ער דערמאָנט זיך אַז ער איז שוין באַלד אַ האַלבן טאָג אין אָפיס און ער האָט נאָך נישט אַ קוק געטאָן צי די באַשטעלונגען וועלן אַרויסגיין אין צייט פאַר דעם ערשטן. איילט ער זיך אַוועק אין שאַפּ צו די אַרבעטער.

ב

מר. הערי מ. בערמאַן פון „הערי מ. בערמאַן אינק." האָט זיך באַקענט מיט ראָוז, ר' איטשע מאיר ראַבינאָוויטשס איינציקער טאָכטער, פון „איי מ. ראַבינאָוויטש ענד סאָנס", ווען ווינציק מענטשן האָבן דערמאָנט זיין פאַמיליע־נאָמען בערמאַן און מען האָט אים גערופן הערי, הערשל, האיקי. ער האָט נאָך דעמאָלט אַריינגעמישט יידישע ווערטער אין די רייד און האָט איבערגעחזרט דער מאַמעס אַ קללה, ווען ער האָט געוואָלט מאַכן שאַרפער זיינס אַ גראָב וואָרט.

ער האָט געאַרבעט אין „שיפּינג דעפּאַרטאַמענט" פון אַ גרויסער דרוקעריי און ער האָט געהאָפט צו ווערן אַ לערער אין „היי־סקול" פון מאַטעמאַטיק, אָדער אַ שרייבער פון די „סאָסייעטע־זשורנאַלן", וואָס האָבן זיך געדרוקט אין דער דרוקעריי.

בייטאָג איז ער געווען פאַרנומען אין דרוקעריי און אין אָוונט איז ער געגאַנגען אין קאַלעדזש. ער האָט אויך געפונען צייט איבערצולייענען די זשורנאַלן, וואָס האָבן זיך געדרוקט אין דער דרוקעריי און האָט געזוכט גרייזן און פאַרריכט שורות. ער האָט געפּרוווט אַליין נאָכשרייבן אַן אַרטיקל, די רעדאַקטאָרן זאָלן זען אַז ער קען אויך זיין אַ שרייבער.

פאַר די חברים האָט ער זיך געהאַלטן, ווי ער וואָלט שוין געווען דער לערער פון מאַטעמאַטיק און האָט זיך איבערגענומען, אַז ער שרייבט אין די זשורנאַלן נאָר ער באַהאַלט זיין נאָמען, דער באַלעבאָס זאָל זיך נישט דערוויסן און אָפּזאָגן אים פון דער אַרבעט.

אַז די חברים האָבן געוואָלט אונטערשטעכן זיין גאווה: „מיט אַזאַ וווקס, מיט אַזאַ הייך! ניסעלע, אַ מיידל שעמט זיך דאָך אַוועקצו־שטעלן לעבן דיר"... איז הערי נישט אַראָפּגעפאַלן ביי זיך. ער האָט זיך געשטאַרקט מיט זיינע איינרעדענישן: אַז ער וועט עלטער ווערן און פאַרלאָזן וואָנסעס, וועט ער אויסזען מער מאַנסביל; און אַז שכל און קענ־טעניש הייבט אויף די הייך העכער פון וווקס. ער האָט אויסגעטראַכט

געשיכטעס וועגן זיך, וואָס זאָלן דערציילן וועגן זיין געוואַגטקייט און קלוגע איינפאַלן און אַז ער איז געווען צווישן מענטשן, האָט ער פאַררייסן דעם קאָפּ, אויסגעצויגן זיין בליק אַפריער פון זיך, גלייך ווי ער וואָלט זיך געשפאַרט צום אָרט, וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן פאַר אים.

ער האָט בלויז אויסגעמיטן שפּיגלען, ער זאָל נישט זען זיין נידע־ריקן ווּקס. אַז ער איז אָבער געבליבן אין שטוב אַליין, האָט אים געצויגן אַ קוק צו טאָן אין שפּיגל, ווי ער וואָלט געדאַרפט עפּעס דערקענען אויף זיין פּנים. האָט ער באַהאַלטענערהייט אַרויסגענומען דאָס קליינע שפּיגעלע פון בוזים־קעשענע און צוגעטראָגן עס צו די אויגן. ער האָט אָבער באַוויזן בלויז דעם שפּיץ גלאָז און אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ: וואָס, אַן אַנדערער מענטש וועט אַרויסשפּרינגען? ער האָט צוריק באַהאַלטן דאָס שפּיגעלע אין בוזים־קעשענע, און אים האָט זיך געדאַכט, אַז דערמיט האָט ער אָפּגעמעקט זיין ווּקס ביי אַנדערע פון די אויגן. נאָר די הענט זענען גע־בליבן הענגען נאַקעטע, אָפענע, קלייניגקע, דאַרינקע, די פינגער קורצע: מען דערזעט זיי, איידער מען דערהערט זיינס אַ וואָרט.

האָט הערי געהאַלטן די הענט אין די קעשענעס און מיט זיין פאַר־ריסענעם קאָפּ האָט ער אויף אַ חתונה פון אַ לאַנדסמאַן זיך באַקענט מיט ראוז, איטשע מאיר ראַבינאָוויטשס בת־יחידה, וואָס איז געוואָרן זיין ווייב, די מאַמע פון די צוויי קינדער.

העריס מאַמע, האָט עס אויף דער חתונה די ערשטע דערזען, נאָר איר האָט זיך נישט געגלייבט: איטשע מאיר ראַבינאָוויטשס טאָכטער זאָל זיך פאַרקוקן אויף איר ניסעלע, אַן איינציקע טאָכטער, די זין מאַכט ער פאַר דאָקטוירים, לאַיערס... ס'פעלט נדן ?...

די מאַמע האָט געהאָפט: אפשר ?... נאָר באַהאַלטענערהייט האָט זיך איר געוואָלט זי זאָל מאַכן אַ טעות: א סך עלטער פון אים, דאַר, ווי זי וואָלט קיין שטיקל ברויט נישט געזען פאַר די אויגן. אַ הויכע, אַ סך העכער פון אים, זי וועט אַראָפּקוקן אויף אים...

און דער מאַמען וואָלט נישט געאַרט, ווען ראַבינאָוויטשס טאָכטער זאָל נישט קוקן אויף הערין, און דער אויבערשטער זאָל צושיקן דעם זון, אירן, אַ כלה פון זיין גלייכן.

איטשע מאיר ראַבינאָוויטשס זין האָבן זיך אָבער אַריינגעמישט אין דעם שידוך. איינער האָט זיך געגרייט צו ווערן אַ דאָקטער, און דער

אַנדערער אַן אַדוואָקאַט. הערין איז געפעלן געוואָרן, וואָס קאָלעדזש־סטודענטן פון אַ גביריש הויז, ווילן זיך חברן מיט אים, ריידן צו אים וועגן לערנען און פאַרבעטן אים צו זיך אַהיים. האָט ער פאַרזען וואָס די שוועסטער איז העכער און עלטער פון אים, און זיך איבערגענומען מיט דער אַכטונג, וואָס זי ווייזט אַרויס צו אים פאַר זיין קלוגשאַפט און פעיקייט.

ער האָט זיך נישט אַרומגעזען ווי אַזוי ער האָט אָנגעהויבן עסן וועטשערע יעדן פרייטיק־צונאַכט ביי ראַבינאָוויטשן אין הויז, און האָט געבראַכט אַהיים אַ וואָרט דער מאַמען, זי זאָל זיך האָבן מיט וואָס איבער־צונעמען, און זי זאָל פאַרשטיין, אַז פון אַזאַ משפחה דאַרף מען זיך נישט דערוויטערן.

האָט די מאַמע פאַרזען דעם „אונטערשיד" אין יאָרן, אין הייך און האָט זיך איינגעקוקט אויף די מעלות: „אויב לערנען, וועט ער ביי ראבינאָוויטשן אין הויז, אין אַזאַ משפחה, מיט אַזאַ גבירישקייט, און ראוזעס איידלקייט, וועט ער מערער דערגרייכן, ווי בייטאָג אין דרוקעריי און ביינאַכט אין קאָלעדזש.

און ביי איטשע מאיר ראַבינאָוויטשן אין הויז האָבן טאַטע־מאַמע אויך פאַרקוקט די מניעה. זיי האָבן אויסגעגליכן דעם „אונטערשייד", וואָס זיי האָבן געזען אין דעם שידוך, אויף זייער אופן: זיין טאַטע ע"ה איז געווען אַ ייד, אַ יודע ספר... קלעפּט זיך עפּעס צו צום זון... ער קען אַן אות אין סידור... וועט זיין הויז נישט אָפּגעפרעמדט ווערן פון יידיש־קייט... אָרעמקייט איז גאָר אַ מעלה... ס'פעלט נישט ח"ו אויף שבת ביי דער כלה... ס'וועט זיין געגנוג פאַר ביידן... ער וועט וויסן ווי אָפּצושאַצן אַ דאָלער, און וועט זי האַלטן אין כבוד...

און הערי האָט געמאַכט דעם חשבון אויף זיין וועג: ווען ער רעדט צו ראוז, קוקט זי זיך איין אויף אים, ווי זי וואָלט אים געזען אין דער הייך, העכער פון זיך. און אירע ברידער — די שוואָגערס; אַ דאָקטער, אַ לאָיער: ער אַליין וועט אויך ווייטער לערנען... היינט די רייכקייט, דער נדן... מענטשן מאַטערן זיך אָפּ אַ לעבן, ביז זיי דערזעען אין באַנק פיר ציפערן און דאָ קריגט ער גלייך אַ חלק אין דעם פאַרמעגן.

האָט הערי גאָר פאַרגעסן אין זיין נידעריקן וווקס, דאַרע קליינע

הענט, און נישט געטראַכט אַז ראוז איז עלטער פון אים, אַנדערש ווי ס׳פּירט זיך אויף דער וועלט ביי חתן־כלה.

האָט מען געשריבן תנאים, געשטעלט די חתונה, און ר׳ איטשע מאיר ראַבינאָוויטש האָט אַריינגענומען זיין איידעם אין שאָפּ, ער זאָל זיין צוזאַמען מיט די זין אין זיינע געשעפטן.

ג

די זין האָבן ווייטער שטודירט. איינער איז געוואָרן אַ דאָקטער מיט אַ גרויסער פּראַקטיק, דער אַנדערער — אַן אַדוואָקאַט מיט רייכע קליענטן און זיי האָבן זיך נישט געוואָלט מישן אין דעם טאַטנס געשעפטן.

הערי בערמאַן, ר׳ איטשע מאיר ראַבינאָוויטשס איידעם, איז גע־בליבן מיטן שווער אין זיינע געשעפטן.

די פאַבריק פון רעגנמאַנטלען איז נאָך געווען אויף דעם זעקסטן גאָרן אויף ספּרינג־סטריט, ווו מר. ראַבינאָוויטש האָט אָנגעהויבן מאַכן רעגנמאַנטלען פאַר די קראָמען אויף דער איסט־סייד. איטשע מאיר ראבי־נאָוויטשס קינדער זענען נאָך דעמאָלט געווען קליינע, ערשט אָנגעהויבן גיין אין שול, לערנען אַ יידיש אות. דער טאַטע האָט אָבער שוין גע־טראַכט וועגן אַ מעמד פאַר דעם גאַנצן הויז. ער האָט געהאָפט אַז די זין וועלן אונטערוואַקסן, וועלן זיי איבערנעמען דאָס געשעפט און ער וועט, אויף די עלטערע יאָרן, קענען זיך אָפּרוען מיט אַ ספר אין האַנט און אָניאָגן וואָס ער לאָזט דורך אין זיין כאַפּעניש און לויפעניש. האָט ער אַ נאָמען געגעבן זיין געשעפט „אי מ. ראַבינאָוויטש ענד סאָנס״ און אזוי ווי אין דער משפחה האָט ער זיך אויך געפירט אין שאָפּ מיט די אַרבעטער: ער האָט נישט פאַרזען וואָס ס׳טוט זיך ביי דעם אַרבעטער אין דער היים, זיך נאָכגעפרעגט אויפן ווייב מיט די קינדער און זיך געפרייט מיט זייערע שמחות. ער האָט נישט פאַרגעסן אַריינצולייגן אין די שכירות אַן איבע־ריקן דאָלער אויף יום־טוב, און האָט זיך מצער געווען, ווען ביי עמעצן האָט געטראָפן, ח״ו אַן אומגליק.

און די אַרבעטער האָבן אָפּגעדינט דעם באַלעבאָס אויפן זעלבן אופן: אַז ס׳איז געווען אַ סך אַרבעט, איז מען אַריינגעקומען מיט אַ שעה פריער, פאַר דער צייט, געזעסן אַ שעה שפּעטער, און מען האָט זיך נישט געדונגען מיט די שכירות. מען האָט זיך פאַרלאָזן, דער באַלעבאָס זאָל

אַליין צולייגן אַ דאָלער. און גערעדט האָט מען צו אים ווי צו אַ לאַנדסמאַן, ווי צו אַ יידן, מיט וועמען מען דאַווענט צוזאַמען אין שול: ר׳ איטשע מאיר, אָדער, וואָס זאָגט ער, דער בעל־הבית, אָן אַ נאָמען, און זעלטן גע־רופן אים מר. ראַבינאָוויטש. אַז מען האָט איינגעפירט די יוניאָן, האָבן זיך די בעל־מלאכות נישט אָפּגעזאָגט פון איר, נאָר די יוניאָן איז זיי אויסגעקומען ווי דאָס צעטל וואָס דער „פּייער דעפּאַרטאַמענט" הענגט אויף אויף דער וואַנט אין שאַפּ, מען טאָר עס טאַקע נישט אַראָפּרייסן, אָבער ווער קוקט זיך אַרום אויף דעם?

און דער שאָפּ האָט זיך געפירט ביי איי מ. ראַבינאָוויטש ענד סאָנס, אָט אַזוי ווי די אַרבעט איז געגאַנגען ווען קיין יוניאָן איז נאָך נישט געווען. אַז דער איידעם מר. הערי בערמאַן איז אָנגעקומען אין דעם שווערס פאַבריק, איז אים נישט אָנגעשטאַנען וואָס זיין שווער הייסט אין שאָפּ ר׳ איטשע מאיר און נישט מר. ראַבינאָוויטש אָדער מר. אַר. ער אַליין האָט זיך נישט אָפּגערופן, ווען מען האָט געזאָגט הערי און נישט מר. בערמאַן. ער האָט געוואָלט צוגעוויינען דעם שווער צו זיין פאַמיליע־נאָמען און אָפּגעוויינען אים פון די אַלטע פירונגען, וואָס פאַסן נישט פאַר אַ שאָפּ, וועלכער פירט שוין זיינע געשעפטן מיט גאַנץ ניו־יאָרק, אַפילו איבערן לאַנד, און נישט בלויז מיט דער איסט־סייד.

נישט אַזוי... נישט דאָס... האָט ער געפּרוווט געבן צו פאַרשטיין דעם שווער מיט גוטן, און אַמאָל ברוגז ווערן: דער שאָפּ טאָר שוין מער נישט זיין אויף ספּרינג־סטריט מיטן אַלטמאָדישן עלעווייטער און פינצ־טערע פענצטער, און האָט דערשלונגען: און די בעל־מלאכות די זקנים...

ר׳ איטשע מאיר האָט פאַרהערט דעם איידעמס רייד און געטראַכט: אין די יונגע יאָרן האָט ער אויך געמיינט, אַז מען קען אין איין טאָג איינ־נעמען די וועלט; אַז מען קען נישט, ווייסט מען אַלץ; אַז גאָט וועט געבן, ס׳וועט קומען אַ קינד, וועט ער ווערן געזעצטער, און אים האָט זיך גע־דאַכט, אַז ער גיט עפּעס נאָך דעם איידעם, בלויז לפנים וועגן: זאָל ער מיינען אַז ער פירט אויס... אין דער אמתן האָט ר׳ איטשע מאיר געזען אַז זיין שאָפּ פירט זיך ווי פריער, די הצלחה פון די אַנדערע געשעפטן טוט זיך, געלויבט דעם אייבערשטן, נישט אָפּ. ביי די מאַשינען, ביי די טישן אַרבעטן די זעלבע בעל־מלאכות. ער כאַפּט אַריין אַמאָל אַ מנחה

מיט די עלטערע אַרבעטער און איבערן שאַפּ גייט אַרום ר׳ איטשע מאיר, איטשע מאיר, און נישט מר. ראַבינאָוויטש אָדער מר. אַר.

אַי, ער וויל הייסן מר. בערמאַן? פּאַר אַ יונגן מענטשן, אַן אמתן אַמעריקאַנער, פּאַסט עס אפשר שענער, ווי הערי. מיט זיין וווקס קען מען נאָך מיינען, אַז ער איז אַ יינגל; דער שאַפּ אויף בראָדוועי — אפשר אַ גלייכע זאַך; אויף דירה־געלט וועט מען נישט דאַרפן לייען; אַי די זקנים!... דאָס איז געווען שווער ר׳ איטשע מאירן אויסצוהערן. ער האָט אָבער אויך געזען אַ שכל אין דעם און האָט געפונען אַ היתר: „אַ יונגער מענטש דאַרף אויך האָבן חיונה״.

און אַז דער איידעם האָט זיך איינגעשפּאַרט און האָט געוואָלט אויספירן עפּעס, וואָס דעם שווער איז נישט געפעלן געווען, איז ר׳ איטשע מאיר גאָר אין כעס געוואָרן אויף זיינע זין און נישט אויפן איידעם. אים האָט נישט געאַרט וואָס זיי ווילן זיין דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, און נישט קיין פאַבריקאַנטן, סוחרים. אים האָט אָבער פאַרדראָסן וואָס זיי האָבן זיך אָפּגעקערט פון דעם טאַטנס וועגן, ווילן נישט געדענקען וואָס זיי האָבן אַמאָל געלערנט אין חדר. האָט ער זיך געוואָלט אָפּרעכענען מיט זיי און האָט געזוכט אַ זכות אויפן איידעם: קען כאָטש אַ צורת אות, רעדט אויס אַמאָל אַ יידיש וואָרט, זאָל ער בלייבן דער בעל־הבית.

איז מר. הערי בערמאַן געוואָרן תקיפער ביי זיך; ער האָט זיך אַריינגעגראָבן טיפער אין דעם שווערס געשעפטן און האָט נישט פאַרגעסן באַווייזן ביי יעדער געלעגנהייט, וואָס ס׳טויג נישט און וואָס ס׳לוינט נישט. ער האָט געמאַכט דעם רעכענונג אַז די בראָנזווילער הייזער זענען גאָר אַ היזק, קיין כבוד, אַוודאי נישט, נישט פאַר אי. מ. ראַבינאָוויטש ענד סאָנס און נישט פאַר זיין נאָמען.

ער האָט געפּרוווט געבן צו פאַרשטיין דעם שווער: דער שאַפּ איז אויף בראָדוועי, אָפּטאַון, מען וווינט שוין אויף לענאָקס עווועניו און נישט אויף ריווינגטאָן סטריט; דער שווער גייט שוין אַפילו נישט דאַוועגען אויף אַטוירני־סטריט, טאָ צי וואָס דאַרף זיך נאָך נאָכשלעפּן אַן אַלטע קאַנאַפּע פון בראָנזוויל. אַז מען וועט אַוועקגעבן אומזיסט די הייזער, וועט עס מערער אַריינטראָגן ווי די פּעניס דירה־געלט וואָס מען בעט אויס ביי זיי.

— יאָ, אויף בראָדוועי, האָט ר׳ איטשע מאיר אַ שמייכל געטאָן און

האָט אָנגעהויבן אויסציען און אויסגלעטן זיין באָרד, די גרויע האָר זאָלן זיך מערער אָנזען: — אַוודאי אויף בראָדוועי, האָט ער איבערגעחזרט שאַרפער און האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין איידעם, אָט אַזוי ווי ער שטייט אין זיין קליינקייט און נידעריקייט. ער האָט געוואָלט אָנוואַרפן פאַר אים, העכער פון אים, די באַשטעלונגען, וואָס זענען געלעגן אין הורבעס אויף ספרינג־סטריט, אין דעם פינצטערן שאָפּ מיט די זקנים. די בלישטשענ־דיקע מאַשינען, די נייע פנימער פון די אַרבעטער, די לאַנגע בייגנס פאַפּיר מיט די רעכענונגען, האָבן אָבער אַ שפּאַר געטאָן ר׳ איטשע מאירן אין די אויגן די ליכטיקייט פון בראָדוועיער שאָפּ מיט אַזאַ פרעמדקייט, אַז זיינע רייד זענען פאַרשטומט געוואָרן. ער איז אָפּגעטראָטן אַ טראָט, זיך אָפּגעשטעלט אַ ווײַלע, האָט אויסגעצויגן ווייט און לאַנג זיין בליק אויף אַן אַרבעטער פון די זקנים, און האָט געוואָלט אַוועקגיין. ער האָט זיך אָבער אומגעקערט צוריק, איז צוגעגאַנגען צום איידעם און אַראָפּ־געלאָזן זיין בליק אין באָרד: דו ווייסט וואָס איך וועל דיר זאָגן?...

יעדערער מאַכט זיין רעכענונג אויף זיין אופן, און יעדערער מאַכט מסתמא זיין טעות. איינער האָט הנאה פון ציילן יענעמס טויזנטער ביי זיך אין באַנק, און מיר איז ניחא אויסצובעטן די פּעניס, גראָשנס דירה־געלט אין בראָנזוויל.

ד

ר׳ איטשע מאיר האָט געהאַלטן די הייזער אין בראָנזוויל; ער האָט זיי פאַרריכט און אָפּגעהיט צוליב די שכנים, וואָס האָבן זיך אַמאָל אַריינ־געקליבן אַהין, אין יענע צייטן, ווען ער האָט נאָך נישט אויסגעצאָלט דעם צווייטן מאָרגעדזש. ער איז אַליין געפאָרן נאָך דירה־געלט און נישט געשיקט זיינעם קיין מענטשן, כדי ער זאָל קענען אויסריידן אַ וואָרט מיט אַן אַלטן שכן און זען ווער ס׳קען צאָלן און ווער ס׳קען ח״ו נישט באַצאָלן קיין דירה־געלט.

אַז ר׳ איטשע מאיר איז געפאָרן פון בראָנזוויל אַהיים, האָט זיך אים געדוכט, אַז ער איז נאָר וואָס געוועזן צוגאַסט ביי אַ לאַנדס־מאַן, וואָס האָט זיך פלוצלונג באַוויזן פון שעפּאַטאָווקע, און ער האָט געטראַכט, אַז איצטער וואָלט אים אַליין בעסער געפּאַסט אַ היטל מיט אַ דאַשעק פון שעפּאַטאָווקע, איידער דער קאַפּעליוש, וואָס ציטערט אויפן

שפּיץ קאָפּ. דאָס דירה־געלט, וואָס ער האָט איינגעמאָנט ביי די שכנים, האָט זיך אויסגעמינצט אין זיינע קעשענעס אין די רייד וועגן שול, גוטע יידן, אַלטע פריינד, אין די זיפצן אויף די זאַכן וואָס מען זעט איצטער אין אַמעריקע, און ער האָט זיי איבערגערעדט פאַר זיין ווייב.

— איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, ווען זיי צאָלן נישט, נאָר גלאַט אַזוי גערעדט איך זאָל קענען זיין אַ ווילע צווישן אייגענע מענטשן, וואָלט מיר געווען מער ניחא ווי דאָס געלט. זיי ווילן אָבער נישט וווינען אומזיסט. צאָלן טאַקע ווינציק, אָבער צאָלן.

— ווען‌סטו אַוועקגעבן אויף צדקה, האָט דאָס ווייב געוואָלט צורעכענען צו די מצוות דעם מאַנס נסיעות קיין בראָנזוויל: זאָל נאָר דער אויבערשטער צושיקן איר באַשערטן פאַר דער טאָכטער.

— וואָס מיינסטו, טו איך? האָט איטשע מאיר אויסגעגלעט די באָרד; ער האָט אָבער זיך אַליין געוואָלט אַ שטאָך טאָן: אַ קונץ אַוועקגעבן די עטלעכע דאָלער דירה־געלט, ווען מען איז אַליין געהאָלפן געוואָרן, און יענע זענען נעבעך געבליבן אין דעם זעלבן אָרעמען מעמד, האָט ער זיך אָפּגערופן צום ווייב:

— דו ווייסט וואָס איך וועל דיר זאָגן? גאָט וועט געבן און רייזעלע וועט חתונה האָבן, וועלן מיר זיך אַריינקלייבן צוריק קיין בראָנזוויל. אַ מענטש דאַרף מסתמא קומען צום סוף דאָרטן, ווו ער הייבט אָן. אין בראָנזוויל איז פאָרט אַנדערש ווי אין אַמעריקע. שבת איז שבת און פרייטיק זעט מען נאָך דעם ערב־שבת. וואָס איז דאָ אויף לענאָקס עוועניו? דו זיצסט און קוקסט זיך איין ווי זיי גייען שפּאַצירן אין פּאַרק; וואָס זאָגסטו חנה?...

די רייד האָבן זיך אָבער אויסגעוועפּט ביי ר׳ איטשע מאירן אין די טעג, וואָס האָבן זיך אַוועקגעיאָגט נאָך די געשעפטן, באַלד נאָכן אָפּגעכאַפּטן דאַווענען. מר. איי מ. ראַבינאָוויטש איז געבליבן וווינען אין דער רייכער, רחבותדיקער דירה אויף לענאָקס עוועניו און האָט געשעפט אין די הויפּנס פון דער הצלחה, וואָס האָט געקוועלט פון זיינע פאַרדינסטן. ער האָט געפירט זיינע געשעפטן מיט אַן אויסרעכענונג: ער האָט אָפּגעשאַצט דעם ווערט פון אַן עסק, היינט, איצטער, ווען ער מאַכט דעם חשבון, און האָט אויך געפּרוווט אויסרעכענען, וואָס וועט פון דעם אַרויסקומען שפּעטער, אין אַ יאָר, אין צען יאָר אַרום. ער האָט איינגעשטעלט די צייט, וואָס ער

דאַרף זיין אין שאַפּ און האָט אויך געהאַלטן וואַך דאָס אויג אויף אַ הויז וואָס מען קען קויפן. ער האָט אויסגערעכנט אַ הלוואה, וואָס קען אַריינטראָגן אַ גרעסערן ריווח, ווי דער פּראָצענט אין באַנק, נאָר געדוכט האָט זיך אים, אַז זיין פאַרמעגן וואַקסט נישט פון זיינע אויפטואונגען, נייערט פון די רעכענונגען, וואָס דער בוכאַלטער פאַרשרייבט אין די ביכער. זיינס איז דאָס וואָס ער האַלט אין קעשענע, צעטיילט אויף צדקה, גיט אַ קינד, לאָזט איבער ביים ווייב... דאָס עשירות פון די געשעפטן האָבן די חשבונות נאָר איינגעלייגט ביי אים און ווער ווייסט ווען ווערט זיך דער בלייפעדער, די פען אונטערגעבן אונטער דער אונטערשטער שורה, און די רעכענונגען ווערן צונעמען זייערס, וואָס ס׳קומט זיי... פלעגט ר׳ איטשע מאיר אַ ציטער טאָן, ווען מען האָט אים באַוויזן די לאַנגע פאַפּירן מיט די סך־הכלן און אים האָט זיך געדוכט, אַז ער וואָלט געוועז זיכערער, ווען מען פאַרשרייבט עפּעס נישט אין די ביכער און מען לאָזט דורך אַ חשבון. האָט ער אַליין פאַרזען זיינע רעכענונגען, נישט מסדר געווען זיינע ווערט־פּאַפּירן און האָט נישט אָפּגעהיט אַז זיין געלט פון טייסטער, וואָס ס׳ליגט אין שטוב, זאָל אַריינגעטראָגן ווערן אין באַנק.

און אַז דאָס ווייב האָט געזען, ווי האָב־און־גוטס וואַלגערט זיך אין קאָמאָד, ליגט אין די קעשענעס פון מאַנס בגדים, האָט זי אים שטיל דערמאָנט: מען לעבט נישט אייביק, מען מוז פירן אַ חשבון, ס׳דאַרף זיין אַן אָרט, ס׳זענען דאַנקען גאָט, פאַראַן קינדער, אויף לאַנגע יאָר...

האָט ר׳ איטשע מאיר אויסגעצויגן זיין באָרד: דו דאַרפסט זיך נישט אַריינמישן אין די חשבונות; ער פירט די רעכענונגען זאָל ער פירן... מען מעג זיך פאַרלאָזן אויף אים...

אים האָט פאַרדראָסן פאַרוואָס די באָרד באַהאַלט זיך, ווען ער איז פאַרטאָן אין שאַפּ, ווען ער קומט אַריין אין די גרויסע געשעפטן, און האָט זיך דערמאָנט, ווי ס׳וועקט זיך אויף אַן אַלטער ווייטיק, אַז ער האָט שוין לאַנג נישט געמאַכט קיין נסיעה קיין בראָנזוויל. די געשעפטן יאָגן אָבער שנעלער פון זיינע רעיונות: גייט אַרויס פון זינען... ר׳ איטשע מאיר קוקט אויף זיין ווייב, זעט ווי זיי עלטערן זיך ביידע און טראַכט אַז ער דאַרף עפּעס פאַרריכטן, טוט ער אַ זיפץ: אפשר דאַרף אַזוי נישט זיין...

## ה

ס׳איז אוועק אַ יאָר נאָך אַ יאָר; די זין זענען אַרויס פון קאָלעדזש, רייזעלע האָט חתונה געהאַט מיט הערי בערמאַן; ר׳ איטשע מאיר האָט זיך אַמאָל דערמאָנט אויף אַ נסיעה קיין בראָנזוויל און אים האָט זיך געדאַכט, אַז זיין לעבן פירט זיך אָן שינויים, אויפן זעלבן שטייגער ווי דעמאָלט, ווען ער פלעגט ענטפערן דעם ווייב, זי זאָל זיך נישט אַריינמישן אין די חשבונות און לאָזן דעם אויבערשטן פירן די רעכענונגען...

ער האָט זיך אָבער נישט אַרומגעזען ווי אַזוי דער איידעם האָט אויסגעביטן דעם שווערס דעה פון געשעפט אויפן כבוד, וואָס ער האָט אויסגעבעט אין שאַפּ פאַר דעם „אָלד מען".

מר. בערמאַן האָט איבערגענומען די געשעפטן אין זיין רשות און האָט מהנה געווען דעם „אָלד מען" מיטן פאַרקירצטן נאָמען „מר. אַר", מען זאָל אים דערקענען אויפן ווינק, מען זאָל וויסן ווען ס׳רעדט זיך וועגן אַ מענטשן, וועמענס עלטער מען דאַרף אָפּהיטן און שאַנעווען.

ער האָט אָפּגעטיילט אין אָפיס אַ באַזונדער צימער פאַר מר. אַר; אַריינגעשטעלט אַ שווערן טיש, ווייכע שטולן מיט אַ קושעטקע און באַ־שטעלט מען זאָל יעדן טאָג ברענגען פאַרן שווער יידישע צייטונגען. ער האָט אויך געבראַכט אין דעם צימער עטלעכע ספרים, ר׳ איטשע מאיר זאָל קענען רויק און באַקוועם לייענען אַ צייטונג און אַריינקוקן אין אַ ספר.

ר׳ איטשע מאיר האָט געוווסט אַז ער איז נישט קיין יונגערמאַנ־טשיק: די פיס שטעלן שוין נישט אַזוי גרינג די טריט; ער פאַרגעסט אַמאָל, וואָס ער האָט ערשט געדענקט; גענוג... אָפּגעכאַפּט... און אים וואָלט אפשר נישט געאַרט וואָס די וועלט פירט זיך אָן אים. ער האָט געוואָלט נאָכ־געבן: זאָלן זיי מאַכן דעם חשבון; ס׳בלייבט גענוג... וועלן זיך איינטיילן... אַז ער איז אָבער אַריין אין דעם צימער, וואָס דער איידעם האָט אָפּגעטיילט פאַר אים, און האָט אַ קוק געטאָן אויף די צייטונגען, וואָס הערי האָט צו־געגרייט פאַרן שווער, האָט זיך אים געדאַכט, אַז מען האָט אים אונטערגע־לייגט נאָכגעמאַכטע פּאַסאָנען פון זיין אייגענער אַרבעט, און ער האָט אַ שמייכל געטאָן: דאָס וואָס ער דאַרף וויסן, האָט ער שוין געלייענט; און דעם איידעמס כבוד? דאָס פּאַסט דעם שווער, ווי די פּאַפּירענע מיצקעס פון די פורים־שפּילער, פּורים צו דער סעודה.

ער האָט דערזען דעם איידעמס לויפנדיקע אייגעלעך, וואָס טונקען זיך אין זיינע פאַרבאָרגענע רעיונות און רייצן זיך מיט אים, ווי די ציפערן שפּיצן זיך אַרויס פון די באַהאַלטענע חשבונות.

ר׳ איטשע מאיר וויל זיך אָבער נישט פאַרהערן מיט זיין איידעם: ער איז דער מאַן פון זיין טאָכטער, דער פאָטער פון אירע צוויי קינדער... נאָר ביי דער אייגענער באָרד מעג ער יאָ פרעגן: וואָס זאָגסטו? ס׳דאַרף אַזוי זיין?

ער טראָגט צו די באָרד צום פּנים און רייסט אויס אַ גרויע האָר:

— ער נעמט אַראָפּ פון חשבון, און רעכנט צו דעם „אָלד מען" צו די יאָרן, די עלטער זאָל ווערט זיין מערער כבוד.

דער כבוד לייגט זיך אָבער אויף ר׳ איטשע מאירן אַזוי שווער ווי די רויקייט הויערט אַראָפּ אין דעם אָפּגעטיילטן צימער, פון די הויכע, פאַררי־סענע ווענט אויף די שווערע אויסגעבעטע שטולן:

— ער איז נאָך נישט געשטאָרבן! האָט זיך פלוצלונג אָפּגעשלאָגן אין דער שטילקייט אַ קלאַנג פון ר׳ איטשע מאירס אויפטואונגען: ער ליגט נאָך נישט אין קבר, אָבער זיצן דאָ אויפן שטול פון כבוד וועט ער אויך נישט. ער האָט אַוועקגעשטעלט פעסט דעם טראָט און איז צוגעגאַנגען צו דער טיר, נאָר די טיר האָט זיך נישט געעפנט.

דער טומל פון דער אַרבעט האָט זיך שאַרפער אָפּגעשלאָגן אין זיינע אויערן, פרעמד און דערווייטערט פון זיין מי און פראַצע. ר׳ איטשע מאירן האָט זיך געדאַכט, אַז ער שטייט דאָ אין צימער, און פרעגט זיך נאָך אויף עמעצן, וואָס איז שוין לאַנג, לאַנג אַוועקגעגאַנגען פון דאַנען: — דאַרף ער אויך אַוועקגיין און מער זיך נישט באַווייזן; רייזעלעס קינדער האָט ער פאַרזאָרגט; ווי קלוג ער זאָל נישט זיין מיט זיינע דריידלעך אין שאַפּ, וועט ער קיין אות נישט קענען אַרויסבייטן פון דער צוואה; מיט די גע־שעפטן זאָלן זיי זיך טיילן; ער האָט זיין חלק שוין אָפּגענומען — קוקט ר׳ איטשע מאיר אויף דער גרויקייט פון דער באָרד, וואָס קנוילט איין זיינע אַלע יאָרן אויף די שפּיץ פינגער.

ער קען נישט אַוועקשטעלן דעם לעצטן טראָט, ער וויל נישט אונ־טערפירן די אונטערשטע שורה, אָט אַזוי ווי ער האָט אַמאָל געציטערט פאַרן סך הכל פון די רעכענונגען אין זיינע געשעפטן. שטאַרקט זיך ר׳ איטשע מאיר מיט אַ וואָרט, וואָס ער דאַרף נאָך זאָגן זיין איידעם. ער וויל

אים באַוויזן אַז איטשע מאיר ראַבינאָוויטש פון שעפּאַטאָווקע איז נישט אַנדערש ווי מר. הערי מ. בערמאַן פון ניו־יאָרק; ער דינט אויך אָפּ פאַר דעם כבוד, וואָס מען טראָגט אים צו. ער וועט אַריינגיין אין שאָפּ, דעם שטאָלץ פון אפּטאַן, אויף בראָדוויי און אַכט און דרייסיקער גאַס, און באַדאַנקען זיין אײדעם מר. הערי, עם, בערמאַן פאַר די יידישע צייטונגען וואָס ער גרייט צו פאַר זיין שווער מר. אַר... ריידן וועט ער ענגליש, דער אײדעם זאָל זען, אַז דער שווער האָט זיך עפּעס אויסגעלערנט ביי אים — ער אַמעריקאַניזירט זיך...

ו

דער פאָרמאַן האָט זיך אַוועקגעשטעלט לעבן דעם „אָלד מען" מיט הכנעה, ווי ער וואָלט געוואַרט ביי דער טיר צו באַגעגענען אים, און האָט געוואָלט מיט עפּעס אויסנעמען ביי מר. אַר. האָט ער אָנגעוויזן אויפן רחבות פון שאָפּ: — דאָ מיט די נייע איינשטעלונגען; נייע מאַשינען, אַרבעט זיך גאָר אַנדערש.

— יאָ... האָט ר' איטשע מאיר אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ אויף אַ מאַשין, געטאַפּט דאָס רעדל, געגלעט דעם צוגעלאַדעוועטן טיש און האָט געטונקט זיין חידוש אין שמייכל פון באָרד: — זיי מאַכן נאָך פון מעש? און איך האָב געמיינט, אַז ס'איז פון בלעך.

טראַכט דער פאָרמאַן: אויף דער עלטער איז דער שכל שוין אַנדערש... ער ווייזט עס אָבער נישט אַרויס דעם „אָלד מען", און היט אָפּ זיין כבוד: די אַמאָליקע מאַשין איז טאַקע געווען שווערער, פעסטער, די נייע גיט אָבער אַרויס מערער שטעך.

— נאָר די נאָדל שפּרינגט איבער, און די שטעך צעטרענען זיך אײדער מען נייט זיי איין, פאַרלירט ר' איטשע מאיר אַ וואָרט פון זיין שטאָלץ, אַזוי ווי ער לאָזט איבער דעם פאָרמאַן מיט זיין פינגער אויף דער נייער מאַשין, און גייט אַוועק איבערן שאָפּ צו די אַלטע אַרבעטער פון ספּרינג־סטריט.

די עלטערע אַרבעטער וואַרטן אויפן באַלעבאָס, זיי קוקן זיך איין ווי ער דערנענטערט זיך צו זיי, און זיין נאָמען ברעקלט זיך אין דער באַגעגעניש. זיי ווייסן נישט ווי צו רופן אים: „ר' איטשע מאיר, צי מר. ראַבינאָוויטש". ר' איטשע מאיר טוט אָבער אָפּ די פרעמדקייט מיט זיין שמייכל:

— מעגסט זאָגן איטשע מאיר; מר. ראַבינאָוויטשן האָבן זיי איינ־געמאַרינירט אין דעם „אָלד מען" און האָבן אַוועקגעזעצט מר. אַר. אויפן וויכן שטול.

— יאָ, ר' איטשע מאיר זיי האָבן צעסאָרטירט די בעל־מלאכות אין נומערן, קאַרטלעך, אלץ איז געוויגן און געמאָסטן...

— אַז ס'קאָסט אַזאַ דירה־געלט מוז מען שניידן די פינגער פון די טריט, ס'זאָל זיין אָרט, ווו אַוועקצושטעלן דעם פוס.

— אָבער ספּרינג־סטריט, דאָרטן האָט מען אויך געצאָלט שכירות, און אַ בעל־מלאכה איז נישט געווען קיין נומער. ער האָט געוווסט אַז ער איז אַ מענטש, אַ ייד, און איר האָט ח"ו נישט דערלייגט צום עסק.

— דער עסק!... טוט אַ קוק ר' איטשע מאיר: פון ספּרינג סטריט זענען אינגאַנצן געבליבן פינף אַרבעטער, און ער וויל זאָגן: צום עסק האָט ער טאַקע נישט דערלייגט, אָבער וואָס ס'האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי אים פון דעם געשעפט, רעכנט אויס עמעצער אַנדערש... און זיין חלק טראָגט אַרום איזי אין זיין קאָשעק איבערן שאַפּ.

ער וועט אָבער נישט איבערלאָזן די בעל־מלאכות אָן אַ גוט וואָרט וועגן די פריערדיקע צייטן. טוט ער אַ טאַפּ אַ שטיקל אַרבעט וואָס ליגט אויף דער נייער מאַשין: דעמאָלט האָט די אַרבעט טאַקע געהאַט אַן אַנדערן טעם...

— מען גיט דאָ אויך אַרויס גענוג אַרבעט, ווילן נישט די אַרבעטער פאַרמינערן דעם יונגן באַלעבאָס פעיקייטן; זיי וועלן אַפילו נישט זאָגן פאַר ר' איטשע מאירן עפּעס, וואָס זאָל נישט געפעלן ווערן מר. בערמאַנען, דערציילן זיי וועגן די נייע פאַסאָנען וואָס ער ברענגט אַריין אין שאַפּ.

— נאָר איזי טראָגט זיך אַרום ביי אים מיטן אַלטן קאָשעק, שניידט זיך אויס פלוצלונג ר' איטשע מאירס ענטפער און ער טראַכט: איזי וועט אויף די עלטערע יאָרן נישט אויספוצן ספּרינג סטריט מיט די נייע פאַ־סאָנען פון בראָדוועי, ער זאָל אויסנעמען ביי דעם נייעם באַלעבאָס.

ר' איטשע מאיר קען זיך אָבער נישט שענקען, וואָס ער האָט פאַרגעסן איזיס נאָמען. גייט ער אַוועק איבערן שאַפּ, אפשר וועט אים קומען אַנטקעגן דאָס דאַרע יידעלע מיט דעם שיטערן שפּיציקן בערדעלע און ער וועט זיך דערמאָנען זיין נאָמען.

איזי מיידט אָבער אויס ר' איטשע מאירן; ער פירט מיט אים אַ

וויכוח וועגן זיינע הנהגות און ווייסט אַז ער וועט גאָרנישט אויספירן. באַהאַלט ער זיך צווישן זיינע אַרבעטן, ווען דער אַלטער באַלעבאָס באַווייזט זיך אין שאַפּ, און קוקט זיך איין פון ווייטן ווי ר׳ איטשע מאיר רעדט מיט בערעלען.

בערעלע האָט טאַקע אויף ספּרינג סטריט נישט געאַרבעט. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַרבעטן שוין דאָ, אויף בראָדוועי, אָבער אויסריידן אַ וואָרט מיט אים, קען ר׳ איטשע מאיר בעסער ווי מיט די אַלטע אַרבעטער פון די אַמאָליקע צייטן.

אַז ער געפינט נישט איזין אין שאַפּ טוט ער אַ זיפץ: „פאַרגעסן"... און שטעלט זיך אָפּ לעבן בערעלעס טיש: נו, בערעלע לייג אַוועק דעם ראָלער, דו ביסט דאַנקען גאָט יונג, וועסט נאָך האָבן גענוג צייט צו אַרבעטן ביז דו וועסט ווערן דער „אָלד מען" מר. אַר.

— איך בין אַ שכר יום, פּעפּערט איין בערעלע דעם שפּאַס: ער צאָלט דאָך פאַר יעדער מינוט.

— זאָג אים, ער זאָל פאַרשרייבן אויף מיר, איך האָב מיט אים אַ לאַנגן חשבון.

— ער פירט אָבער אַן אַנדערע רעכענונג...

— אָט דאָס איז דער אומגליק; דער מענטש וויל נישט געדענקען, ווו ס׳הייבט זיך אָן דער חשבון און טראַכט נישט, אַז ער דאַרף זיך אַמאָל ענדיקן. אַי, אַי, זיי פאַרגעסן... דו ווייסט בערעלע, וויל ר׳ איטשע מאיר אַרויסשלאָגן פון זיינע רעיונות דעם איידעם מיט זיינע פירונגען, די זין, וואָס זענען געראָטן אין אַלץ וואָס איר ווילט אויף דער וועלט, נאָר נישט אין טאָטן: — דו ווייסט, דו דאַרפסט גאָר הייסן דוב, איך מיין דוב בער, דו ביסט אַ גוטער בעל־מלאכה, דו אַרבעטסט ווי צוויי, וועט ער אפשר צאָלן דיר שכירות פאַר צווייען.

— וועלן זיי פאַרגעסן דעם בער, ס׳וועט בלויז בלייבן דוב און זיי וועלן מיינען אַז איך האָב איבערגעמאַכט פון דוד אויף דייוו. איר ווייסט דאָך, אַז דאָ האַלט מען אין איין איבערמאַכן, טוט אַ שמייכל בערעלע.

— צו טיף זיך אַריינגעגראָבן. מיט אים פּאַסט גאָר צו ריידן אין לערנען, און נישט וועגן דער אַרבעט, גלעט אויס ר׳ איטשע מאיר זיין באָרד: דו האָסט דאָך געלערנט, זאָג, בערעלע, קוקסט נאָך איצטער אַריין אין אַ ספר?

— פון וואַנען ווייסט איר, אַז איך האָב געלערנט?

— דו פאַרשטייסט, אַפילו אַ שאף דערקענט מען נאָכן באַלעבאָס, וועט מען, להבדיל, נישט דערזען דעם מענטשן נאָך זיינע פירונגען?

טוט זיך אויס בערעלע פון דעם בעל־מלאכה מיטן ראָלער, וואָס פאַרשטעלט אים דאָ אין שאף, און בייגט זיך צו צו ר׳ איטשע מאירן:

— איך הער דאָס לערנען אין דעם טאַטנס קול.

— האָסט נישט פאַרגעסן? אַז מען נעמט נישט קיין ספר אין האַנט פאַרגעסט מען, דוכט זיך ר׳ איטשע מאירן, אַז ער מאָנט ביי זיך, פאַרוואָס ער האָט אויסגעביטן דאָס לערנען אויפן פאַרמעגן, וואָס ער לאָזט איבער דעם איידעם.

אַז מען נעמט אַפילו נישט קיין ספר אין האַנט, איז שווער צו פאַרגעסן דעם לעצטן ביסן וואָס דער טאַטע האָט אַוועקגעגעבן אויפן שכר לימוד, קוקט בערעלע אויף ר׳ איטשע מאירן: — דער טאַטע וואָלט מסתמא אַזוי אַלט געווען ווי ער, און אפשר עלטער, פאַרענטפערט ער זיך פאַר ר׳ איטשע מאירן, פאַרוואָס ער לערנט נישט אָפּ אַמאָל קיין בלאַט גמרא: — היט איך אָפּ די יידיש רייד, אָט אַזוי ווי דער טאַטע ע״ה האָט גערעדט צו מיר מיט גוטן, און אַפילו אין כעס, ס׳זאָל נישט אַריינפאַלן קיין אַמעריקאַנער שעטנז, און ס׳זאָל נישט פאַרקרימט ווערן דער מאַמעס אַ זאָג.

און ר׳ איטשע מאיר טראַכט, אַז בערעלע איז מסתמא נישט יונגער פון זיין טאָכטער: פאַרוואָס איז ער נישט געוואָרן זיין איידעם? ווען ער קומט אָן צו אים אַרבעטן, ווען ער איז נאָך געווען דער באַלעבאָס אויף ספרינג סטריט? ער קוקט אַריין טיפער אין בערעלעס באַנעמונג: — ס׳איז גאָר אַן אַנדערער דרך; ווי ס׳ווייזט אויס גייט דער שאף אויף אַן אַנדערן וועג; ער וועט נישט פאַרבלאָנדזשען צו בערעלען, דערפאַר איז בערעלע נישט אָנגעקומען צו אים פאַר אַן איידעם; און אים, דעם באַלעבאָס וועט איצטער נישט אַרן, אַז ער אַליין וועט אויך אַהער מער נישט קומען. טוט ער אַ זיפץ: ס׳איז שווער, שווער איינצוהיטן... זאָל דער אויבערשטער דיר העלפן... און ער ציט זיך אַוועק פון בערעלעס טיש.

ז

מר. בערמאַן וועט נישט צוגיין צום שווער, ווען ער רעדט מיט אַ בעל־מלאכה, און ער וועט זיך נישט באַווייזן, ווען דער „אָלד מען" שטייט לעבן בערעלעס טיש. ער איז אָבער נישט רויק ווען ר׳ איטשע מאיר גייט אַריין אין שאַפּ. ער קען נישט אַוועקגיין פון פאַבריק און ער קען נישט איינזיצן ביי זיך אין אָפיס. ער פּרוּווט עפּעס טאָן, נאָר די אַרבעט ברעקלט זיך אָפּ, און די הענט בלייבן שטעקן, ליידיקע, אין די קעשענעס.

ער ווערט אין כעס, וואָס דער „אָלד מען" פּטרט אַוועק די צייט ביי די אַרבעטער; ער וויל אים מאַכן דעם רעכענונג וויפל ס׳קאָסט אויף בראָדוועי אַ שעה מיטן „אָווערהעד", און ער פאַרענטפערט דעם שווער: — אַזוי זענען זיי שוין; ווייסן נישט, אַז די צייט איז אַנטלאָפן... ווילן כאַפּן צוריק. פּלאָנטערן זיי זיך אונטער די טריט. ער, מר. בערמאַן, דאַרף עס פאַרשטיין, און אים דאַרף נישט אַרן, ווען דער שווער רעדט אַפילו צו בערעלען וועגן זיין איידעם.

די רייד ציטערן אָבער פאַר מר. בערמאַנס אויגן, ווי אַ סוד רייצט זיך אין אַ שפּאַרונקע פון אַ באַהעלטעניש. אָט כאַפּט ער אַ קלאַנג, וואָס ער האָט גאָרנישט דערהערט, און ער לייגט אַליין אויס די ווערטער; און אָט דערטראָגט זיך צו אים אַ וואָרט, ווי אַן אָפּגעשפּאָלטענער אות. וויל ער זאָגן בערעלען, וואָס ער קען דעם שווער נישט ענטפערן, ער זאָל נישט מיינען אַז אָט, אָט גיט אים איבער מר. אַר. די פירונג פון שאַפּ: „ר׳ איטשע מאיר קען אים אַריינגעמען פאַר אַ שותף אין די בראָנזווילער הייזקעס. דער שאַפּ געהערט אָבער צו דעם, וואָס האָט אים איינגעשטעלט, אַרויפגעאַרבעט, און געמאַכט אים פאַר אַ גרויסער פירמע אָפּטאַון אויף בראָדוועי. קיין אַנדערער קען דאָרטן נישט האָבן קיין דעה.

מר. בערמאַן ווייסט אָבער, אַז בערעלען וועט דאָס נישט אַרן, אַזוי ווי דער שווער וועט נישט פאַרשטיין, אַז פאַר אים איז שענער און בכבודיקער צו זיצן אין דעם צימער, וואָס ער האָט צוגעגרייט פאַר אים, איידער זיך אַרומדרייען אין שאַפּ צווישן די אַרבעטער. מאַכט ער אָפּ ביי זיך, אַז ער וועט צו בערעלעס טיש נישט צוגיין: — זאָל דער פאָרמאַן ריידן מיט אים וועגן דער אַרבעט.

די טריט, וואָס ר׳ איטשע מאיר לאָזט אָבער איבער ביי בערעלעס

טיש, ציען זיך אויס איבערן שאַפּ ווי אַ נעץ און פלאָנטערן זיך אין מר. בערמאַנס גאַנג. קען מר. בערמאַן נישט צונעמען די אויגן פון בערעלען; זיי ציען זיך צו זיין הויכן וווקס, אָט אַזוי ווי זיי פאַררייסן זיך צום הענגער פון זיין מאַנטל; — וועגן וואָס ריידן זיי? מיט אים וועט ער דאָך נישט שמועסן, אָט אַזוי ווי ער רעדט זיך פאַנאַנדער מיט די זקנים פון ספרינג סטריט? אפשר דערציילט ער אים זאַכן פון געשעפט? ווייסט נישט, אַז ער ווייסט שוין נישט; מאַלע וואָס ער קען אַרויסריידן?... טוט אַ ציטער מר. בערמאַן איבער די סודות פון געשעפט: און ער אַליין, ווייסט יאָ, וואָס פאַר אַ מענטש איז בערעלע? מעג מען אים געטרויען? איז ער אַ סאָציאַ־ליסט? וואָלט ער געאַרבעט שבת? דערמאָנט זיך ווידער מר. בערמאַן אויפן טעות וואָס ער האָט געמאַכט: — ווען ער שפּאַרט זיך איין און גיט נישט נאָך, וואָלט מען דאָ, אויף בראָדוועי, אָנגעהויבן אַרבעטן שבת, ווי אין אַלע גרויסע שעפּער. דער שווער וואָלט נישט געקומען, נישט געקומען... וואָלט זיך צוגעווינט... און טאָמער נישט, וואָלט ער נישט געשמועסט מיט בערעלען. און בערעלע אַליין וואָלט אפשר דאָ אויך נישט געווען.

בערעלע שטייט ביים טיש מיטן ראלער, זיכער און פעסט, ווי ער וואָלט נישט געאַרבעט אויף די קאָלנערס, נאָר געוועלגערט די ברעטער פון טיש. זיינע שוואַרצע האָר טאַנצן אַראָפּ פון טשופּרינע אויפן שטערן, ווי זיי וואָלטן געזייט זיין גאווה אויף די בליקן.

— אויף צו להכעיס וועט ער נישט נאָכגעבן, ווען ער זאָל אַפילו נישט וועלן אַרבעטן שבת, וועט ער אויך נישט אַוועקגיין... טוט מר. בערמאַן נאָך אַמאָל אַ קוק אויף בערעלען און פאַרנעמט זיך צו זיך אין אָפיס: — אַ צעדרייטער, וויל זיך גאָרנישט אויסלערנען, אַ גרויסהאַלטער, מיינט, אַז מיט זיין הויכן וווקס איז ער וויכטיקער ביים שווער ווי דער איידעם.

ער וויל זיך בלויז אָפּשטעלן לעבן טיש און אַראָפּשנעלן פון בע־רעלען זיין גאווה. ער וועט אים זאָגן איין וואָרט, אָן כעס, רויק געלאַסן, ער זאָל וויסן, אַז זיין אָרט איז ביים טיש מיטן ראָלער, אין צעמענט, און נישט אין שותפות פון שאַפּ, דאַרף ער מיט מר. אַר. נישט ריידן וועגן די פירונגען פון געשעפט...

אַז מר. בערמאַן האָט פאַרריסן דעם קאָפּ, אַריינצושפּיצן זיין בליק אין בערעלעס פנים האָט בערעלעס הייך אַראָפּגעבויגן פון אים זיין שטאָלץ,

און זיין כעס האָט זיך אויסגעוועפּט פון די רייד. ער האָט זיך ווידער דערמאָנט, אַז ער האָט זיך נישט געדאַרפט אָפּשטעלן דאָ, ביים טיש, נאָר אָן אַ וואָרט האָט אים נישט געפּאַסט אַוועקגיין.

און קיין וואָרט וועגן דער אַרבעט איז אים נישט געקומען אויפן רעיון; און וועגן דעם שווער, מר. אַר, אוודאי נישט, האָט זיך ביי אים אַרויס־געגליטשט דער שפּאַס, וואָס היט אויס זיינע טראַכטונגען פון אַ פרעמד אויג. ער האָט אָנגעהויבן דערמאָנען בערעלען מיט גוטן, מיט אַ שמייכל, אַז ס׳איז שוין צייט ער זאָל זיך אויסגרינען:

— נאָך אַלץ בערעלע ?... און בעני איז שלעכט ?... בען ?... מען קען מאַכן נאָך קירצער, בי...

— יאָ... גיט צו בערעלע שטיל, מיט אַן אָנשטעל פון הכנעה. ער לייגט אַוועק דעם ראָלער אויפן טיש, גלייכט זיך אויס אין זיין גאַנצער הייך, מר. בערמאַן זאָל זען אַז ער דערלאַנגט ביי אים בלויז ביז דער פּאַכווע. ער ציט אַרויף אויף זיך אַן ערנסטקייט: — בי איז טאַקע שענער ווי בערעלע, ס׳מאַכט שיין דעם מענטשן, ווי דער שפּיץ קאָלנער דעם פּאַסאָן, און ער טוט אַ שמייכל: מען קען אָבער מאַכן אַ טעות און מיינען, אַז איך בין דער באַלעבאָס, מר. בי, פון הערי מ. בערמאַן אינק. טאָ זאָל שוין בעסער זיין בערעלע, בערל חיים פון זשירעווע.

— איטשע מאיר פון שעפּעטאָווקע, דערשלינגט מר. בערמאַן זייי כעס אין דעם שמייכל, וואָס באָדט זיך אין זיינע לויפיקע אייגעלעך:

— דעריבער ביסטו געפעלן דעם „אָלד מען״; וועל איך דיר נאָכ־געבן, זאָל זיין בערעלע, און נישט בעני... דו ווייסט בערעלע, מר. אַר. האָט האָלט מיט דיר צו ריידן; אמת, מיט אים איז גוט צו ריידן; וועגן וואָס רעדט מען נישט ?

בערעלע ווייסט, אַז דאָס איידעמל וויל דערגיין וואָס זאָגט דער שווער וועגן די געשעפטן, וועגן אים, שטייפט ער איין דעם ראָלער אין האַנט, ווענדט אָפּ די אויגן פון מר. בערמאַנען און פאַרלירט פון הינטן די רייד: — ער איז אַ קלוגער ייִד, קען לערנען, פאַרשטייט אַ וועלט, איז גוט מיט אים צו ריידן...

— איינער נעמט זיך אָן פאַר דעם אַנדערן — ווייסט נישט מר. בער־מאַן ווי אַזוי מבטל צו זיין ביידן, דעם שווער מיט בערעלען. מעסט ער אָפּ בערעלען פון די שוואַרצע האָר ביז צו די שיך, וואָס ער פאַרגעסט אַרומ־

פוצן: וואָס טוט ער אויף מיט זיין הייך און דעם שווערס וויסן? ווייסט אַפילו נישט ווי אַ קוק צו טאָן אויף אַ פרוי; און וועלכע פרוי וועט זיך אַרומקוקן אויף בערל חיים פון זשירעווע — שעפּעטאָווקע?

— און נאָך עפּעס וויסן חוצן לערנען דאַרף מען נישט? שטעלט מר. בערמאַן אַוועק אַ פעסטן טראָט, דערוויטערט זיך מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ פון טיש און באַקוקט דעם שאַפּ: אַז ס'וועט נישט זיין קיין בערעלע, וועט מען נישט דערקענען קיין שעפּעטאָווקע...

## ח

און אַז ר' איטשע מאיר ראַבינאָוויטש איז געשטאָרבן, און די קינדער האָבן זיך איינגעטיילט מיט דער ירושה, איז דער שאַפּ פון די רעגנמאַנטלען מיט די הייזער אין בראָנזוויל געבליבן ביי דעם איידעם מר. הערי בערמאַן.

מר. הערי בערמאַן האָט געטרויערט אויפן טויט פון שווער, און האָט צוגענומען מיט ווירדע די טרייסט־ווערטער, מען זאָל זען דעם כבוד, וואָס ער גיט אָפּ דעם „אָלד מען". ער האָט קיין סך נישט גערעדט וועגן מר. אַר.; בלויז אַ וואָרט, אַ זיפץ, אַ שאָקל מיטן קאָפּ, ווי ס'פּאַסט פאַר אַ מענטשן, וואָס איז אין צער:

— יאָ, יאָ...

— קיינער קען נישט אויסמיידן...

— אַז ער האָט זיך באַוויזן אין שאַפּ...

דער שאַפּ האָט זיך אָבער אַנדערש אויפגעעפנט פאַר מר. בערמאַנען נאָכן שווערס טויט. אַז ער האָט אַ קוק געטאָן אויף די אַרבעטער, אויף די מאַשינען, האָט זיך אים געדוכט, אַז זיי האָבן זיך אויסגעלייטערט פון אַ שאָטן, וואָס האָט זיך געטונקלט אין דער לופטן. דער שטח איז געוואָרן פרייער, ברייטער און נישט געלאָזט איינרוען זיינע טריט, ווי ער וואָלט ערשט אַריין אין שאַפּ, וואָס ער האָט איבערגעצויגן אויף בראָדוועי. ער האָט זיך געהאַלטן אין איין אַרומקוקן וואָס נאָך דאַרף ער טאָן דאָס געשעפט זאָל זיך פירן אויף זיין אופן, נאָך זיין סיסטעם, און דער שמייכל האָט אים געענטפערט: איצטער דאַרף ער זיך נישט פאַר קיינעם פאַרענטפערן.

האָט מר. הערי מ. בערמאַן געענדערט דעם נאָמען פון געשעפט; אַנשטאָט „איי מ. ראַבינאָוויטש ענד סאָנס" האָט ער צוגעקלאַפּט ביים

אַרײַנגאַנג אין דער געבײדע אַ מעשענעם טאָוול מיטן נײעם נאָמען: „הערי מ. בערמאַן אינק״.

אמת, ער האָט די עטלעכע עלטערע ארבעטער — די זקנים — פון ספּרינג סטריט נישט אַוועקגעשיקט, נאָר אַוועקגעשטעלט האָט ער זײ בײַ אַן אַנדערער אַרבעט, זײ זאָלן נישט פאַרנעמען קײן מאַשין: אַ מאַשין דאַרף פּראָדוצירן, אַרויסגעבן אַרבעט...

ער האָט אָנגעשטעלט געהילף־„פאָרלײט״ פאַר יעדער אָפּטײלונג פון דער אַרבעט, זײ זאָלן אַכטונג געבן אויף די אַרבעטער, אַ בעל־מלאכה זאָל וויסן אַז ער דאַרף אָפּטאָן אַ טאָג אַרבעט פאַר די שכירות וואָס ער נעמט.

ער האָט פון דעם שווערס צימער געמאַכט אַ „שאָו־רום״ — אַן אויסשטעלונג־צימער — מיט שפּיגלען, שטולן און אַלערלײ באַלײכטונגען, דעם „בײער״־אײנקויפער — זאָל זײן באַקוועם, אָנגענעם, און די גאַרמענטס זאָלן זיך שפּיגלען אין זײנע אויגן.

און אַז מר. בערמאַן האָט גערעדט צו אַ „בײער״, האָט ער געצײלט די רייד, יעדעס וואָרט זאָל באַטאָנט ווערן. ער האָט געגעבן צו פאַרשטײן, אַז דאָ אין „שאָו־רום״ זענען אויסגעשטעלט אַלע פאַסאָנען און אין דעם ליכט קען מען זײ בעסער זען און אָפּשאַצן, ווי אין שאָפּ.

די „בײערס״ זענען אָבער, פון אַלטער געוווינהייט, אַרײן אין שאָפּ, געטאַפּט די סחורה, אויסגערעדט אַ וואָרט מיט אַן אַרבעטער און זײ האָבן נישט פאַרגעסן צו דערמאָנען דעם „אָלד מען״.

— אַז דו ביסט אַרײן אין זײן שאָפּ אויף ספּרינג סטריט, איז טאַקע געווען פינצטער, אָנגעוואָרפן, דו האָסט אָבער געקראָגן דײן סחורה, וואָס דו האָסט געוואָלט, האָט דער „בײער״ געוואָלט געבן אַ שבח דעם שווער, דער אײדעם זאָל זיך קענען איבערנעמען מיט אים.

מר. בערמאַן האָט אַ שמייכל געטאָן, ווי ער וואָלט געוואָלט צוגעבן נאָך אַ שבח דעם „אָלד מען״, נאָר זײנע רייד האָבן זיך אויסגעצײלט אין אַ זיפץ, אונטערן שווערן יאָך פון זײנע געשעפטן:

— אַנדערע צייטן, אַלע טאָג נײע פאַסאָנען; דאָס, וואָס איז הײנט גוט, ליגט מאָרגן אויפן פּושקאַרט; דער ספּרינג סטריט־שאָפּ וואָלט זיך איצט נישט געקענט האַלטן קײן אײן מינוט.

— ער איז אָבער געווען אַ קלוגער סוחר, האָט פאַרשטאַנען דאָס

נעשעפט, און אַ פיינער מענטש; אַז דו האָסט גערעדט צו אים, האָסטו פאַרגעסן, אַז דו ביסט געקומען נאָך סחורה, נאָר געמיינט, אַז דו ביסט אַריין צום פּאָפּ.

מר. בערמאַן הערט ווי דער „בייער" רעדט צו אים אויף ענגליש, נאָר די רייד קלינגען אים יידיש: — אַי, אַי, דעו שווער, ר' איטשע מאיר ע"ה... דעם שווערס ירושה...

רעדט זיך נישט אויס מר. בערמאַן מיט דעם „בייער", נאָר פירט דעם רעכענונג מיט זיך אַליין, מיט די שוואָגערס, מיט די אַרבעטער: — אַז ער וועט אויפקלייבן אַלע צעטעלעך, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט ביים שווער, און באַצאָלן די חובות; ער וועט סילוקן וואָס ער האָט יאָ צוגעזאָגט און נישט צוגעזאָגט, די „קאָמיטעס" זאָלן נישט קומען צו אים מיט קיין טענות: „דער שווער ר' איטשע מאיר"... וועט אים, דעם איידעם, נאָך אַרויסקומען פון די בראָנזווילער הייזער, וואָס מען האָט אַרויפגעצווונגען אויף אים מיט אַן אָפּמאַך, מיט אַ צוזאָג, אַז ער מוז, מוז... אָפּהיטן... גייט אַריבער מר. בערמאַנס כעס פון די אַנדערע מענטשן אויף זיך אַליין: — אַז מען כאַפּט נאָך איצטער אַריין אַ מנחה ביי אים אין שאַפּ, בערעלע לאָזט נישט פאַרגעסן ר' איטשע מאירס אַ וואָרט. ער אַליין פאָלגט נאָך דעם שווער, און שליסט זיך נישט אָן אין דער אַסאָסיאיישאָן פון די מאַנופעקטשורעס, מעגן די אַרבעטער טראַכטן אַז זיי קריגן זייערע שכירות פון דעם שווערס ירושה, און זיך פירן ווי אויף ספּרינג סטריט.

ר' איטשע מאיר האָט געהאַלטן, אַז כאַלעבאַטים טאָרן נישט מאַכן קיין יד־אחת קעגן זייערע בעל־מלאכות, ווייל דער ארבעטער און דער באַלעבאָס שניידן אָפּ דעם פּענעץ פון דעם זעלבן לאבן ברויט. האָט ער נישט געוואָלט געהערן צו דער „אַסאָסיאיישאָן פון מאַנופעקטשורערס", און כל זמן ער האָט געלעבט האָט ער אָפּגעהיט, אַז די פירמע מיט זיין נאָמען זאָל זיך נישט פאַרבינדן מיט זיי.

— אַי, אַ יוניאָן — האָט ער אַריינגעטענהט מיט הערין — מאַלע וואָס פאַר אַ חברה, פּועלים מאַכן, זיי נעמען דאָך נישט אַריין די נאָדל־פּאָדעם אין דער יוניאָן, די מאַשינען נייען... און אַז ער איז געוואָרן אין כעס, האָט ער אויסגעשריגן:

— דו, יאָ! איך קען אָבער אויסקומען מיט די אַרבעטער אויף

יידיש, און דאַרף נישט גיין מיטן יד־אחת — מיט דעם אַסאָסיאיישאָן צו די מיטינגען און זיך מאַטערן אויף ענגליש...

אַז ר׳ איטשע מאיר איז געשטאָרבן, איז פאַר מר. בערמאַנען געוואָרן די יוניאָן אויס „חברה פועלים״, נאָר ער האָט געזען פאַר זיך אַ כוח, וואָס טרעט אויף זיינע טריט און וויל אַלע מאָל עפּעס אָפּבייסן פון זיינעם אַ פינגער.

— דאַרף ער אַליין נישט גיין, נאָר צוזאַמען, און מר. בערמאַן פון „הערי מ. בערמאַן אינק״ האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן דער „מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן״.

מען האָט דאָרטן דערקענט זיין קאָלעדזש־ענגליש. ער האָט נישט באַהאַלטן אַז ער האָט געקענט ווערן אַ לערער פון מאַטעמאַטיק און האָט זיך געריכט, אַז מען וועט אים אינגיכן באַערן מיט אַן אַמט. ביי אים האָט זיך אויפגעוועקט דער פאַרלאַנג וואָס ער האָט אַמאָל געהאַט, צו ווערן אַ שרייבער אין די „סאָסייעטע, זשורנאַלן״ און ער האָט דערזען אַז איצטער קען ער אים אויספירן אין דעם פאַך־זשורנאַל — ער קען אויך ווערן אַ שרייבער אין די „סאָסייעטע־זשורנאַלן״ און ער האָט דערזען אַז איצטער נישט צו ווערן אַ שרייבער, און האָט געלאָזט הערן מיט אַ וויץ: דער־ווײַלע וואַרט ער נישט, מען זאָל באַצאָלן פאַר זיין קאַווע; ער איז נאָך נישט קיין שרייבער; מען מעג פאַרריכטן, אויסמעקן... ס׳איז אָבער וויכטיק פאַר דער אינדוסטרי אַז זיינער אַן אַרטיקל זאָל אָפּגעדרוקט ווערן אין זשורנאַל.

און אַז מר. בערמאַן האָט דערזען ווי זיין נאָמען איז אָפּגעדרוקט אין דער הייך אויפן בלאַט איבער זיין אַרטיקל, האָט זיך אים געדוכט, אַז ער אַליין איז געקומען צו זיך צו גאַסט, ווי אַ פרעמדער, וועמען ער דאַרף אָפּגעבן כבוד. ער איז געוואָרן שטאָלצער ביי זיך: — זיי וועלן גאָרנישט פאַרשטיין דעם ענגליש. אים האָט זיך אָבער געוואָלט אַז דער זשורנאַל זאָל ליגן פאַר אַלעמענס אויגן. האָט ער זיך אַרומגעדרייט צווישן די פאַב־ריקאַנטן, ווען ער איז געקומען צום מיטינג און האָט גערעדט מערער ווי אַלע מאָל וועגן דער אינדוסטרי. ער האָט דערמאָנט די פּראָבלעמען, פּלענער וואָס די נייע צייט ברענגט פאַר דעם פאַך און האָט נישט פאַרגעסן אָנצווייזן אויף דער וויכטיקייט פון דעם זשורנאַל. אַ פאַבריקאַנט, וואָס האָט נאָך געקענט בערמאַנס שווער, מר. ראַבינאָוויטשן, האָט זיך כלומרשט פאַרטיפט

אין דעם זשורנאַל; ער האָט געקוקט אַ ווײַלע, דערנאָך האָט ער אויפגע־הויבן דעם קאָפּ, באַטראַכט מר. הערי בערמאַן, מען זאָל זען אַז ער קלייבט זיך צו ריידן וויכטיקע רייד:

— אוודאי דאַרף מען קענען אַרויסברענגען אַזאַ מיינונג; און אפשר זייט איר גערעכט; נישט יעדערער קען עס באַווייזן, ווען מען איז נאָך פאַרנומען אין די געשעפטן...

— אַוודאי, יאָ... אָבער... אַז מען כאַפּט אַריין אַ מינוט, וויפל נעמט עס? וויל מר. בערמאַן פאַרמינערן זיין שרייבן, דער פאַבריקאַנט זאָל אים מער לויבן.

ביי דעם פאַבריקאַנט לאָזט זיך אָבער אַראָפּ דאָס קול; ער שאַצט מר. בערמאַנען מיט די אויגן, וואָס ער קוקט אויף זיין אייגענער משפחה, רעדט ער שטילער: — מיר צאָלן טאַקע די גרויסע טויזנטער פאַר אַ לאַפּט, און מען מוז, מען דאַרף... איר ווייסט אָבער וואָס איך וועל אייך זאָגן, מישט ער אַריין אַ פשוט יידיש וואָרט: דער אַלטער דור איז אפשר נישט געווען אַזוי קלוג ווי מיר, זיי האָבן אָבער אויפגעבויט די אינדוסטרי, זיי האָבן געשאַפן פאַר אונדז דעם מאַרק. זיי האָבן נישט געוואַרט דער אַקאונטן זאָל זיי ווייזן אַז זיי זענען אין „רעד״, מען דערלייגט געלט. זיי האָבן געטראָגן די חשבונות אין קאָפּ, אין די פּעקלעך סיגנאַציעס אין קעשענע, האָבן זיי נישט געדאַרפט אָנקומען צו דער באַנק, שטיין ביי דער טיר און וואַרטן אויף אַ טובה...

— און ריידן אַזאַ ענגליש, וויל מר. בערמאַן אַריינשטעכן אין דעם פאַבריקאַנט זיינע גרייזן, נאָר ער רעכנט זיך אָפּ מיט אים אויף אַן אַנדערן אופן; ער טוט אַ שמייכל און ציט אויס דעם נאָמען: — מר. שפּיזשינסקי, פאַרוואָס זאָלט איר דאָס נישט אַריינשרייבן אין אונדזער זשורנאַל, וועלן אפשר זיין ווינציקער באַנקראָטן אין דער אינדוסטרי.

— מר. ראַבינאָוויטש האָט נישט געשריבן אין קיין זשורנאַלן און ער האָט קיינעם נישט אָנגעזעצט, לייגט מר. שפּיזשינסקי אַוועק דעם זשורנאַל, אַ צונויפגעוויקלטן, ווי ער וואָלט געוואָלט באַווייזן אַז דער כבוד פון זיין אייגענעם, לייבלעכן נאָמען, וואָס איז שווער אויסצולייגן אויף ענגליש, איז מערער ווערט פאַר אים, ווי דאָס גאַנצע שרייבעריי אין דעם זשורנאַל.

מר. בערמאַן בלייבט שטיין אַ גלייכער, אַן אויסגעצויגענער, נאָר אים דוכט זיך אַז זיין הייך איז אָפּגעשניטן געוואָרן נידעריקער. דער

זשורנאַל קוקט אויף אים פון טיש, ווי אַ פּאַראַיאָריקער פּאַסאַן וואָס איז אַרויס פון דער מאָדע און ער קען זיך צו אים נישט צורירן. לייגט ער אַרייַן די הענט אין די קעשענעס, זאָגט אַ וואָרט, ווי מען רעדט צו אַ מענטשן, וואָס מען באַגעגנט צופעליק, און ער שפּאַצירט אַוועק, מען זאָל זען אַז ער טאָר דאָ צופיל צייט נישט פּטרן, זיין ענגליש זאָל נישט פאַרדאָרבן ווערן.

ט

און אַז מר. הערי בערמאַן איז אויף מאָרגן אינדערפרי אַריין צו זיך אין שאַפּ און דערזען ווי דער שאַפּ טראָגט אים אַנטקעגן די אַרבעט „אויף אַ טעלערל״, האָט ער געמאַכט דעם אָנשטעל אַז ער קוקט זיך אַרום אין אַלע זייטן אויף דער איינגעשטעלטער צעשפּרייטקייט פון שאַפּ, און האָט אַ שמייכל געטאָן: ווו איז דער אַלטער דור?

ער האָט אויסגעבערעקלט שפּיזשינסקיס רייד און אַרויסגערופן אים: זאָל ער קומען אַ קוק טאָן און זען וואָס ס׳איז געוואָרן פון ספּרינג סטריט... ערשט ער זעט: ער איז דאָ, שטייט ביים טיש מיטן ראָלער... וויל מר. בערמאַן אַ שפּרונג טאָן צום טיש און אַרויסרייסן ביי בערעלען דעם ראָלער. נאָר ער קוקט רויק, געלאַסן און ווייסט נישט צי די שרעק פאַר דער יוניאָן, אָדער די איינגעצאַמטקייט, וואָס אַ באַלעבאָס דאַרף אָנטאָן אויף זיך ביי זיך אין שאַפּ, לאָזט זיך אים נישט רירן פון אָרט. רופט ער צו דעם פאָרמאַן:

— ווי קומט אַהער בערעלע?

— די יוניאָן האָט אים צוריק אַריינגעשיקט.

— וועל איך אים אַרויסשיקן.

— מר. בערמאַן, וועט זיין אַ שטרייק.

— ער איז 11 וואָכן נישט געווען אין שאַפּ, וועלן זיי שטרייקן 11 יאָר.

— מר. בערמאַן, איר ווייסט דאָך, רעדט דער פאָרמאַן, ווי ער וואָלט זיך געבעטן דער באַלעבאָס זאָל אים אַ טובה טאָן: איר האָט דאָך געלייענט וועגן די קוילן־מיינס, מיינט איר אַז שלעזינגער איז בעסער ווי לואיס?

מר. הערי בערמאַן זעט ווי די קוילן־באַראָנען האָבן געמוזט גיין צו קאָנפערענצן מיט דעם שיכור און נאָכגעבן אים. לאָזט ער אַראָפּ זיין קול,

ס׳זאָל הייסן, אַז ער מוז טראָגן דעם יאָך צוזאַמען מיט אַלעמען וואָס בויען דעם ווילזיין פון לאַנד, די בערעלעך זאָלן האָבן וואָס צו פרעסן:

— אָט דאָס זענען די צייטן... דעריבער... דערפאַר...

— ער איז אָבער אַ גוטער בעל־מלאכה — ברילליאַנטענע הענט.

— טאָ האַלט אים אויף די אַכצן 75 מאַנטלען, און זאָג אים אַז דאָ צאָלט מען נישט פאַר ריידן מיט איזין.

— ער איז נאָר וואָס צוגעגאַנגען צו אים; אַזוי לאַנג זיך נישט געזען.

— יאָ... טוט מר. בערמאַן אַ קוק באַהאַלטענערהייט אויף בערעלען:

— קיין האָר זיך נישט געענדערט — דער זעלבער גרויס־האַלטער, און ער וויל זאָגן: שעפּעטאָווקע האָט זיך קוים דערוואַרט אויף זשירעווע, נאָר ער טוט אַ שמייכל: מאכט אים איזי אַ באַנקעט ביי זיך אין קאַשעק.

ו

איזי איז אַן אַלטער ייד, אַ קליינער, אַ דאַרער, מיט אַ גרוי שפּיציק בערדעלע. ער גייט קורץ געקליידט, נאָר אַ היטל טראָגט ער מיט אַ דאַשעק און טוט עס נישט אויס, ביז ער באַוואָרנט זיך נישט, אַז ער וועט קריגן נאָך אַזאַ, ווי ער האָט געטראָגן אין דער היים, ביי זיך אין שטעטל.

איזי איז פון די זקנים וואָס האָבן געאַרבעט ביי ר׳ איטשע מאירן אויף ספּרינג סטריט.

מר. בערמאַן ווייסט, אַז איזי איז אין די יונגע יאָרן אויך נישט געווען קיין בעל־מלאכה, און ער קען נישט פאַרשטיין ווי אַזוי ער האָט זיך דורכגעגליטשט דורך זיינע בליקן, איז אָנגעקומען אַהער, אָפּטאָון, אויף בראָדוועי און 38־סטער גאַס.

און דאָ אין שאַפּ, דוכט זיך אַז ער טרעט נישט אויף די טריט נאָר בלאָזט זיך דורך דורך די מאַשינען, דורך די טישן. אומעטום איז ער פאַראַן, אַלעמען ענטפערט ער, נאָר אַז מר. בערמאַן וויל אים אָפּשטעלן און אויסליידיקן זיין צוגעגרייטן שפּאָס: איזי, איזי, דו וועסט שוין באַלד נישט האָבן קיין צייט אויפצועסן אין אַ מושב זקנים די פאָר סענט, וואָס דו האָסט אָפּגעשפּאָרט, בלייבן די רייד ביי מר. בערמאַנען אין די הענט, ווי אַן איבעריק קנעפּל אויף אַ רעגנמאַנטל, און דער וויץ זעצט זיך אָפּ אין זיין פאַרטראַכטקייט: ווי אַ ווינט, פילסט אים, ער וואַרפט אַראָפּ אפילו דיין הוט, אָבער אָנכאַפּן אים קענסטו נישט...

מר. בערמאַן רעכנט נישט אַריין איזין צווישן די אַרבעטער פון שאַפּ, ער לאָזט אים נישט צו צו קיין מאַשין, און שטעלט אים אַפילו נישט אַריין צווישן די זקנים פון ספּרינג סטריט. ער לאָזט אים טאָן אַנדערע אַרבעט: אויפקלייבן די קלײניקייטן אין שאַפּ, גיין אַ גאַנג און ברענגען צובייסן פאַר די אַרבעטער.

גייט אַרום איזי איבערן שאַפּ פון מאַשין צו מאַשין, פון טיש צו טיש, און רופט זיך אָפּ, ווו ער דערהערט: „איזי". פאַר מיטאָג נעמט ער דעם קאָשעק אין האַנט, פאַרריכט דאָס היטל אויפן קאָפּ, ציט אויס דאָס שפּיץ־בערדל און גייט אַרום פון אַרבעטער צו אַרבעטער. ער רעדט איבער יעדן טאָג די זעלבע רייד, מיטן זעלבן ניגון, וואָס גייט אויס ערגעץ אין דער פרעמד, ווייטער פון זיין קול:

— נו, וואָס היינט? ווידער? יאָ, גוט...

— איזי פאַרשרייב... אַמאָל אירצט מען אים און אַמאָל זאָגט מען אים „דו" און איזי ענטפערט אַלע מאָל: אָהאָ, שרייבן! שרייבן, שרייבט מען... איך וועל מאַכן אַ סימן...

בערעלע וועט זיך אָבער נישט שאַפן מיט דעם אַלטן יידעלע, ער וועט נישט מאַכן קיין חוזק פון אים, און וועט אים נישט רופן „איזי". בייגט ער אַראָפּ דעם קאָפּ, ווען איזי גייט צו צו זיין טיש מיטן „פרעגן", און לייגט אַוועק דעם ראָלער: איר ווייסט דאָך... ער וויל פאַרציען די רייד און פרעגן: זיידעניו, ווי איז טאַקע אייער נאָמען? נאָר איזי טאָקט אויס די ווערטער: איך טו דאָס נישט פאַר אייך, דאָס איז מיין אַרבעט, פאַרוואָס זאָל איך אַרויסלאָזן אייך? בערעלע גיט נישט נאָך, ער באַשטעלט גאָר־נישט, אָט אַזוי ווי איזי איז איינגעשפּאַרט און זאָגט נישט אויס זיין נאָמען.

איזי ווייסט, אַז פון בערעלען קען ער זיך נישט אויסבאַהאַלטן. און פאַר אים דאַרף ער זיך נישט פאַרשטעלן. ער קען אָבער אין שאַפּ נישט אַרויסברענגען זיין נאָמען און אָנטאָן בזיונות יצחק חיימען. לאָזט איזי איבער יצחק חיימען אין זיין דירהלע אויף אַטוירני סטריט, זאָל ער זיך מאַטערן איבער אַ שווערער סוגיא, אָפּזאָגן אַ קאַפּיטל תהילים אין בית מדרש. אַהער אין שאַפּ ברענגט ער איזין, מאַכט אים פאַר אַ משרת ביי מר. בערמאַנען, אַ שיק־יינגל ביי דזשימען, סעמען, ער זאָל זיין צום געלעכ־טער, אָט אַזוי ווי די איבערגעקרומטע נעמען לאכן אָפּ פון זייערע יידישע נעמען.

איי דער מלאך דומה; נישקשה, ער וועט זיך אַן עצה געבן: ער וועט אַזוי לאַנג קלאַפּן אין שטערן יצחק חיימען, חנה רחלס, מיט איזין, אַז פון טריף־פּסול וועט אַרויסשפּרינגען יצחק חיים. דאָ אין שאַפּ מעג ער לאָזן דרעמלען יצחק חיימען... פרעמדט זיך אָפּ איזי פון בערעלען, זיין נאָמען זאָל זיך נישט אַרויסגליטשן פון דעם כבוד, וואָס בערעלע טוט אים אָן.

אַז די יוניאָן האָט אָבער אויסגעפירט, און בערעלע איז געקומען צוריק צו דער אַרבעט, האָט איזי פון גרויס פרייד מער נישט געקענט באַהאַלטן זיין נאָמען. ער איז צוגעגאַנגען צו בערעלעס טיש און אָפּגעגעבן אים שלום עליכם: — איזין האָט טאַקע נישט געאַרט דער עסק, נאָר יצחק חיים האָט פון דעם געהאַט אַ סך עגמת נפש. מיר איז שווער געווען איבערצוטראָגן די עוולה...

— ר׳ יצחק חיים... איז בערעלע אַזוי צעטראָגן געוואָרן פון דער מתנה, וואָס איזי האָט אים צוגעטראָגן אין זיין נאָמען, אַז ער האָט פאַרגעסן עפּעס זאָגן וועגן „דזשאַב״, און האָט גענומען ריידן, איבעררייידן; פרעגן, און איבערפרעגן: — פאַרוואָס? זשירעווע, די היים... אַריינוואַרפן דעם נאָמען מיט די דזשימיס, העריס, סעמיס ווי קאַרטאָפל אין אַ זאַק.

— דו פאַרשטייסט, האָט יצחק חיים אָנגעהויבן ריידן צו בערעלען אויף „דו״:

— דו ביסט נאָך אַ יונגער מאַן, דיין נאָמען וועט מיטן אויבערשטנס הילף וואַקסן צוזאַמען מיט דיר, וועט ער איבערוואַקסן סעמין, העריןֹ, און ער וועט פאַרגעסן אַז די איבערגעקרימטע נעמען זענען אַמאָל געווען דאָ אין שאַפּ. אָבער איך... איך בין שוין אַן אַלטער מאַן, איך קלייב זיך שוין אין וועג... וויל איך נישט פאַרשעמען מיין נאָמען און איבערלאָזן ביי העריןֹ יצחק חיימען מיטן שיק־ייִנגל...

— אָבער פאַר ר׳ איטשע מאירן? ער האָט געהאַלטן אַ מענטשן מיט כבוד: האָט ער געוווּסט אייער נאָמען, ר׳ יצחק חיים?

— דו ווייסט שוין, בערעלע, ווי אַזוי איזי דאָס שיק־ייִנגל פּרוּווט אָפּהיטן יצחק חיימען פון קאָסאָווע; איך ווייס אָבער נישט צי יצחק חיים היט אָפּ זיך אַליין, שטייפּט איין איזי דעם קאָשעק אין האַנט און הייבט זיך אָן שווער און פּאַמעלעך דערווייטערן פון בערעלעס טיש: ער האָט שוין אויפגעהערט טראַכטן וועגן ר׳ איטשע מאירן און געלאָזן דעם

חשבון אויף אחרי מאה ועשרים שנה און דאָ קומט בערעלע, אַ פשוטער ייד, און דערמאָנט אים פלוצלונג... מסתמא דאַרף אַזוי נישט זיין... ער לאָזט נישט פאַרגעסן, ער מאָנט...

און דאָ אין שאַפ, ווו מר. בערמאַן צעטרעט און מעקט אָפּ דעם סימן פון שווער, פאַרענטפערט זיך ר׳ יצחק חיים פאַר ר׳ איטשע מאירן. ער פירט מיט אים אַ דין תורה, נאָך זיין טויט, פאַרוואָס ער האָט זיך אויס־באַהאַלטן פון דעם „אָלד מען״ ווען ער האָט זיך באַוויזן אין שאַפ צווישן די אַלטע אַרבעטער פון ספרינג סטריט.

ר׳ איטשע מאיר האָט זיך אַ גאַנץ לעבן געוויקעט אין דעם מסחר; אָפּגעכאַכט דאָס דאַווענען, ער זאָל האָבן צייט אונטערצושרייבן אַ קאָנ־טראַקט, געמאַכט גרינגער די שעה פון לערנען, דאָס געלט זאָל ווערן שווערער אין קעשענע... נו, און מיט די רייד? אַז מען איז אין אַזעלכע געשעפטן, דאַרף מען זען ביים פאַרקויפן ס׳זאָל זיין מערער ריווח, און ביים קויפן — ס׳זאָל קאָסטן ביליקער; און טאַקע נישט פאַרגעסן דעם חשבון וויפל אַרבעט ס׳גיט אַרויס אַ בעל־מלאכה. טאָ ווי אַזוי קענען זיין פיו ולבו שווים? ער וויל ח״ו נישט זאָגן אויף אַ יידן, אַז ר׳איטשע מאיר איז געווען אחד בפה ואחד בלב, ער קען אָבער נישט פאַרשטיין, ווי אַזוי קענען די ליפּן, וואָס ווערן אַמאָל, און אפשר אַלע מאָל געשטרויכלט מיט די רייד פון מסחר, ווי אַזוי קענען זיי ריידן, ריין און ערלעך, צו דעם גרעסטן סוחר פון דער וועלט, צו דעם מלך מלכי המלכים, ביי וועמען אין די הענט ס׳ליגן אלע געשעפטן...

איזי האָט אָבער נישט געקענט הייסן יצחק חיימען, ער זאָל עס זאָגן אין שאפּ דעם „אָלד מען״ ביי זיין לעבן. ר׳ יצחק חיים האָט געטראַכט: דער אויבערשטער האָט באַשאַפן די וועלט, זאָרגט ער איבער די ווערק, וואָס ער האָט באַשאַפן, זאָל ער זיי פאַרריכטן. ער אַליין, קען אַפילו נישט פאַרזאָרגן יצחק חיימען.

פלעגט איזי נעמען דעם קאָשעק אין האַנט און אַרויסגיין פון שאַפּ, אָדער ער פלעגט זיך באַהאַלטן אין אַנדערער אַרבעט, ווען ר׳ איטשע מאיר פלעגט זיך באַווייזן פאַר די אַרבעטער, יצחק חיים זאָל זיך נישט אַריינמישן אין דעם רבונו של עולמס פירונגען, און נישט פאַרשעמען מיט דער וואָכעדיקייט פון שאַפּ די יום־טובדיקייט פון איטשע מאירס באָרד.

— מען דאַרף אָבער אויסהערן דעם אַנדערן צד, דערשרעקט זיך

ר׳ יצחק חיים: גערעדט האַרבע רייד אפשר מבייש געווען אַ מת... יאָגט ער זיך אַוועק צו בערעלען, ער זאָל הערן ווי בערעלע וועט ריידן גוטס אויף ר׳ איטשע מאירן, און ער, יצחק חיים, וועט נישט אָפּרעגן קיין וואָרט.

בערעלע האָט זיך פאַרחידושט וואָס ר׳ יצחק חיים האָט זיך פּלוצ־לונג באַוויזן ביי זיין טיש: ס׳האָט עפּעס געטראָפן? דער קליינינקער האָט זיך דערמאָנט אַז ער איז דער באַלעבאָס?

— ניין, ביי מיר איז נאָך אַלץ דער באַלעבאָס ר׳ איטשע מאיר.

— ער האָט אים געמאַכט פאַר אויס באַלעבאָס, נאָך איידער ער איז אַוועק פון דער וועלט.

— פון שבר לב... נאָר ער האָט עס געטראָגן באַהאַלטן אונטער דער באָרד.

— אַז ער איז געווען אַ פיינער ייד, דאָס האָט מען מסתמא יאָ געזעז.

— אַ מענטש קוקט אָבער נאָר אַ פריער פון זיך, ער זאָל אַריינכאַפּן וואָס מערער טריט, זעט ער נישט וואָס ס׳טוט זיך אַרום אים, און ער איז אַמאָל נישט אָפּגעהיט מיט קיין וואָרט.

— ר׳ איטשע מאיר האָט אויף קיינעם נישט געטראָגן קיין כעס, ער האָט אַפילו מוחל געווען זיין איידעמל.

– וועט ער אפשר מיר אויך מוחל זיין, נעמט אָן ר׳ יצחק חיים זיין פסק, און פרעגט נישט אָפּ בערעלעס רייד. ער טוט אַ קוק אויף בערע־לען, לאָזט אַראָפּ די אויגן אין קאָשעק און וויל אַ שמייכל טאָן, נאָר די רייד לאָזן זיך אַרויס אין אַ זיפץ: אַפילו פאַר איזין איז גוט, וואָס יצחק חיים קען אמאל צוגיין צו דיין טיש.

יא

אַז מר. בערמאַן בלייבט אַמאָל זיצן נאָך דער אַרבעט ביי זיך אין אָפיס — און זיינע געשעפטן וויגן זיך אַראָפּ פון זיין פאַרמאַטערטקייט, אויף די געשלאָסענע רעכענונגען, אַרויסגעשיקטע באַשטעלונגען, ווי זיי וואָלטן איינגעשלאָפן די שטילקייט, און ער אַליין וויל אויך נישט טראַכטן, נישט וועגן די נייע מאַשינען און נישט וועגן די בעל־מלאכות, וואָס דאַרפן זיך לערנען שכל ביי די מאַשינען, נאָר ער זוכט גאָר אַריינצוקוקן אין זיך אַליין, אין דעם צענדליק יאָר, וואָס ער האָט חתונה געהאַט, אין די טריט, וואָס האָבן אים געפירט צו דערפאָלג און דורכפאַל; ער פרווט איבערשאַצן

די מענטשן, וואָס פאַרשאַפן אים פרייד און פאַרדרוס, אָט אין אַזעלכע רגעס שוועבט דורך פאַר זיינע אויגן איזי מיטן קאָשעק: — אין זיין עלטער, גייט און לויפט, אומעטום איז ער דאָ. און דיר דוכט זיך, אַז דו זעסט אים ערגעץ נישט, ווי דאָס מזל פון אָ מענטשן — אַליין האָט עס גאָרנישט און טיילט אָן אַ וועלט מיט אַל־דאָס־גוטס...

מר. בערמאַנען ווערט גוט, וואָס ער האָט איזין נישט אַוועקגעשיקט, און האַלט אים ביי זיך אין שאַפּ, ווי ער וואָלט געזען אין אים אַ שמירה פאַר זיינע געשעפטן. גיט ער אַכטונג אויף איזין אָט אַזוי ווי ער היט אָפּ אַנדערע פירונגען אין זיין לעבן: ווען ער גייט אַרויס פון הויז צו די געשעפטן, וועט ער זיך נישט אומקערן צוריק נאָך עפּעס וואָס ער האָט פאַרגעסן, ווי וויכטיק דאָס זאָל נישט זיין. ער וועט נישט שליסן קיינע קאָנטראַקטן דעם דרייצענטן פון מאָנאַט, און ער פאַרגעסט נישט אין נאָך אַזעלכע איינרעדענישן.

געדענקט ער אויך איזיס מעלות: שטיל, גוט, פאָלגט שטענדיק, אים אָרט נישט דער נאָמען איזי, אפשר רעדט ער אויך ענגליש, האָט נישט אויסגעקוקט אויפן שווער; אַיי מיט בערעלען... יענער נאַרט אים אַריין, ער האָט נישט ר׳ איטשע מאירן, זוכט ער איזין...

אַז מר. בערמאַן דערזעט אָבער ווי איזי שטייט לעבן בערעלעס טיש, פעדעמען זיך פאַנאַנדער פון זייערע בליקן „די בייערס” פון אַמאָליקע צייטן, שפּיזשינסקי מיט די פאַבריקאַנטן, די רייד פון די בראָנזווילער שכנים, ווי זיי אַלע וואָלטן אויסגעשטאַנצט אַרום אים אַ נעץ, און זיך געררייצט מיט אים אין די שפּינוועבס.

— אַוועקשיקן! שפּאַרט זיך אַרויס מר. בערמאַנס כעס: קיין סימן זאָל נישט בלייבן פון ספּרינג סטריט...

מר. בערמאַן וועט אָבער נישט זאָגן קיין וואָרט איזין, אַזוי ווי ער שרעקט זיך פאַר אַן איינרעדעניש.

נאָר בערעלען וועט ער נישט פאַרשווייגן. ער שטעלט זיך אָפּ לעבן זיין טיש און וויל פרעגן שאַרף: וויפל קריגט ער באַצאָלט אַ שעה?

מר. בערמאַן ווייסט שוין אָבער וואָס בערעלע וועט אים ענטפערן און ער ווייסט אויך, אַז ער וועט גאָרנישט אויספירן. פּרוּווט ער ריידן צו אים מיט גוטן, אין אַ שפּאַס און באַוויזן בערעלען, אַז ער שאַצט אָפּ

זיין קלוגשאַפט, אינטעליגענץ, ער זאָל אַליין זען, אַז פאַר אים איז נישט קיין תכלית צו שטיין מיטן „ראָלער" ביים טיש:

— נאָך אַלץ בערעלע, נישט בענעדיקט? אָטאָ הייסט דיין פריינד איזי און קיינער בייסט נישט אָפּ דעם נאָמען פון זיין נאָז.

— גוט, וועל איך טראָגן אויף דער נאָז דעם בענעדיקט, הייסן וועל איך אָבער בערל חיים.

— אַפילו פאַר בערל חיימען פּאַסט נישט צו זיין אַן אַרבעטער; אַ מענטש מיט דיין וויסן האָט געדאַרפט זיין אַ יוניאָן־פירער, אַ לערער, אַפילו אַ פאַבריקאַנט...

נעמט בערעלע אַריין דעם ראָלער אין האַנט, ווי ער וואָלט געוואָלט באַווייזן אַז די אַרבעט מאַכט אים נישט קלענער, און ציילט אויס רויק:

— פאַר מיר איז גענוג, וואָס אַנדערע לערנען די פאַבריקאַנטן, און איך פאַרלאָז זיך אויף דער יוניאָן, זי זאָל אָפּהיטן מיין דזשאָב.

— איך וויל אָבער אַז די יוניאָן זאָל זיין אין בעטהאָווען האל און נישט דאָ ביי מיר אין שאַפּ, וויל מר. בערמאַן אַריינזאָגן בערעלען, וואָס ער קען נישט זאָגן דעם יוניאָן פאָרשטייער.

אין דער אמתן זענען בערעלען פרעמד די יוניאָן־פירונגען; ער מישט זיך נישט אין זייערע טוּאונגען און ער היט נישט אָפּ אַלע מיטינגען. ער קומט נאָר צו אַ פאַרזאַמלונג, ווען מען לייגט אַרויף אַ חוב. ער הערט זיך איין ווי דער רעדנער רעדט, און אים דוכט זיך, אַז דאָס זענען נישט זיינע רייד, נאָר נאָר ער מאַכט עמעצן נאָך, ער זאָל קענען אָנטאָן יענעמס גאווה: באַרימט זיך ווי דער באַלעבאָס שטעלט זיך אַרויס ביי זיך אין שאַפּ. וויל בערעלע איצטער ענטפערן ביידן — דעם יוניאָן־רעדנער און דעם באַלעבאָס, ער וועט אָבער נישט נאָכגעבן מר. בערמאַנען, און וועט אים נישט לאָזן פאַרמינערן דעם כבוד פון דער יוניאָן.

לאָזט ער זיך נישט אַריין אין קיין וויכוח, נאָר ער הייבט אויף דעם קאָפּ, זיין גאַנצע הויך זאָל זיך אָנזען:

— יאָ, דאָ אין שאַפּ, אין בעטהאָווען האל, אומעטום, ווו אַ יוניאָן־ביכל היט אָפּ דעם אַרבעטער.

— אומעטום, נאָר נישט... פאַררייסט מר. בערמאַנס בליק זיין קאָפּ העכער פון אים, און ער דערזעט פּלוצלונג זיין נידעריקייט, ווי ער וואָלט זיך באַהאַלטן אונטערן שאָטן, וואָס בערעלע לאָזט אַראָפּ אויף אים. טעמפּן

זיך אָפּ זיינע רייד, ער קען נישט אַרויסברענגען דאָס, וואָס ער, דער באַלעבאָס האָט זיך געקליבן זאָגן אַן אַרבעטער, אָט דעם בעל־מלאכה, וואָס די יוניאָן האָט זיך איינגעבעטן, ער, דער באַלעבאָס, זאָל אים האַלטן אויפן דזשאַב.

מר. בערמאַן וויל זיך אָבער אַרויסראַטעווען פון זיינע טריט, וואָס זינקען אים אַראָפּ נידעריקער פון זיין וווּקס; ער כאַפּט זיך, אַז ער גיט נאָך בערעלען, און רעדט מיט אים יידיש, ווי מיטן שווער. מאַכט ער דעם אָנשטעל, אַז ער שפּאַרט זיך נישט מיט בערעלען, און טאָקט אויס זיין ענגליש אַזוי טיף, ווי ער וויל זיך אַרויסווייזן אין זיינע אַרטיקלען: יאָ, אַ יוניאָן איז אַ וויכטיקע זאַך, אַז אַן אַרבעטער וויל זיך אָבער האַלטן אויף אַ דזשאב בלויז מיטן כוח פון דער יוניאָן, האָט ער נישט קיין רעספּעקט, נישט פאַר דער יוניאָן, און נישט פאַר זיך...

נעמט בערעלע דעם ראָלער אין האַנט און פאַרלירט די רייד אין דעם קאָלנער, וואָס ער הייבט אָן אויסגלעטן:

אַז אַ מענטש ווערט, מיט אַזאַ ענגליש, אַ באַלעבאָס פון אַ שאָפּ, וואָס אַ ייד פון שעפּעטאָווקע האָט איבערגעלאָזן, האָט ער מסתמא נישט קיין רעספּעקט פאַרן „טי", מיטן „אייטש", וואָס דער פּראָפעסאָר האָט אים געלערנט אויסצוריידן.

— וועסטו אַרבעטן ביי דעם יידן — צעגראָבט מר. בערמאַן די טריט, ער זאָל זיך נאָך אַמאָל נישט קענען אָפּשטעלן ביי בערעלעס טיש.

## יב

אַז בערעלע איז געקומען מיט אַ יאָר צוועלף צוריק קיין ניו־יאָרק, איז ער פאַרפאָרן צו זיין פעטער אויף לענאָקס עוועניו, אין דער געגנט, ווו ס'האָבן אין יענער צייט געוווינט די אויפגעקומענע יידישע גבירים.

זיין עלטער־פעטער — דער באָבעס אַ ברודער — האָט שוין דע־מאָלט געהאַט אַ פאַבריק פון גלאָז און שפּיגלען. ער האָט באַוווינט אַ גרויסע דירה מיט צימערן, זאַלן, דינסטן, און האָט זיך שוין געפירט אויפן אַמעריקאַנער שטייגער.

ער האָט אָבער אויפגענומען בערעלען נישט בלויז ווי אַ ליבלעכן קרוב, נאָר ווי אַ שטיק וועלט פון די אַמאָליקע יאָרן, וואָס דער גרינער האָט אַריינגעבראַכט צו אים אין דער רייכער היים. ער האָט זיך נאָכגע־

פרעגט, איבערגעפרעגט און דערמאָנט בערעלען אַזעלכע זאַכן, וואָס ער אַליין האָט נישט געדענקט, אָדער פּאַרזוי דער פעטער האָט אָבער אויך נישט פאַרגעסן צו מדריך זיין בערעלען, אַז דאָ, איז אַמעריקע, נישט זשירעווע מיט די שטרויענע דעכער און באָרוועסע פיס.

זיינע זין — די קאָזינס — וואָס האָבן שטודירט אין די אוניווער־סיטעטן, האָבן אויך געוואָלט לערנען בערעלען ווי אַזוי ער זאָל זיך אויפפירן אין אַמעריקע; ער זאָל פאַרגעסן זיין זשירעווער יידיש, אָנהייבן ריידן ענגליש, און ריידן ריכטיק מיטן „טי" און „אייטש", ווען ער נישט בלייבן קיין גרינער, ווי זיין פעטער — זייער פאָטער.

די זשירעווער אָרעמקייט האָט אָבער געשיינט בערעלען אין די אויגן, מיט די וועלדער, סעדער, בערג און פעלדער, שענער פון דעם זילבערוואַרג און גאָלדוואַרג, וואָס האָט געבלישטשעט ביים פעטער אין דער רייכקייט.

און אין גאַס האָט זיך בערעלע מערער איינגעקוקט אויף די פאַר־ריסענע קעפּ פון די ביסטרע פערד, וואָס האָבן זיך געיאָגט צו אַ שריפה, אָדער געטראָגן מיט שטאָלץ דעם רייטער, ווי אויף די מענטשן, וואָס האָבן אים געשווינדלט אין די אויגן מיט זייער פרעמדקייט, און זיך צע־ברעקלט אין זייער גערעג, ווי זיי וואָלטן זיך אַראָפּגעטומלט פון די הויכע מויערן.

און אַז ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דיביימער פון סענטראַל פּאַרק, האָט זיך אים געדוכט, אַז זיי וואַקסן נישט פון דער ערד, נאָר זיי זענען איינגעשמידט, אויסגעצאַצקעטע, אין דעם שטיינערנעם ברוק, ווי די אויס־געפּוצטע הינט, וואָס מען פירט אין גאַס אויף די קייטלעך. האָט בערעלען אַרומגענומען אַ רחמנות אויף די ביימער מיט די פאַרריסענע שפּיצן, וואָס זוכן דעם שאָטן פון זייערע צווייגן אין דעם אויסגעקעמטן גראָז. אָט אַזוי ווי ער בענקט אַהיים צו טאַטע־מאַמען. איז ער אין פּאַרק נישט אַריין; ער איז געזעסן ביים פעטער אין הויז און געטראַכט: ווי אַזוי זאָל ער אים זאָגן, אַז ער וויל פאָרן אַהיים.

ביים פעטער אין הויז האָט מען אָבער שוין אויפגעהערט ריידן וועגן דער היים און מען האָט געזוכט וועגן ווי אַזוי מען זאָל דעם „גרינעם" צוגעוויינען צו די פירונגען פון דער נייער וועלט.

בערעלע האָט זיך אָבער נישט געלאָזט אַריינציען אין די רייד

וועגן אַמעריקע, אַזוי ווי ער האָט זיך נישט געוואָלט אָנטאָן אין זייער קליידונג. און אַז דער פעטער האָט אַריינגעטאָן זיין כעס אין אַ שמייכל, ווי אין אַ שפּאַס:

— דיר איז טאַקע גאָרנישט געפעלן אין אַמעריקע? די כאַטעס אין זשירעווע זענען שענער?

— ניין, די פערד זענען דאָ אמתע פערד, שענער ווי אין דער היים.

— וועט ער דאָ נאָך אפשר געפינען אויך א בהמה, פאַרלירט די מומע אַ וואָרט, און דערווייטערט זיך פון שמועס.

טראַכט בערעלע, אַז ער וויל בעסער הערן ווי די בהמה טוט אַ מעקע אין פענצטער: אָטאָ בין איך געקומען פון פעלד, ווי דער מומעס גוטע רייד: — דו מיינסט, אַז ס'איז נישטאָ קיין געשמאַקערער עסן ווי אַ שיסל קאַרטאָפל מיט אַ הערינג?...

בערעלע פאַרשטייט אָבער, אַז ער האָט נישט געדאַרפט אַזוי ענט־פערן דעם פעטער: — די קינדער פוצן אים אַרום דאָ אין הויז, ווי דיביימער אין פאַרק; ווער ווייסט מיט וואָס פאַר אַ בענקעניש ער טראָגט זיך אַרום, וויל ער זיך מיט עפּעס פאַרענטפערן פאַרן פעטער און באַווייזן אים, אַז ער הערט זיך צו צו אים.

האָט זיך בערעלע געלאָזט איינריידן פון פעטער און האָט נאָכגעגעבן די קאָזינס. ער איז זיי נאָכגעגאַנגען איבער די קראָמען, האָט אָנגע־מאָסטן די מלבושים, וואָס זיי האָבן אויסגעקליבן פאַר אים, און האָט אַפילו נישט געקוקט אין שפּיגל, ווי זיי ליגן אויף אים. ער האָט זיך בלויז איינגעשפּאַרט און נישט איבערגעלאָזן די אַלטע קליידער אין קראָם.

אים האָט נישט געאַרט דער חוזק פון די קאָזינס: „צוליב וואָס", ווייל ער האָט זיך אָפּגערעכנט מיט זיי אין דעם באַהאַלטענעם ענטפער, אַז זיי וועלן דאַרפן פריער אויסלערנען אים דעם „טי" מיטן „אייטש" אויסריידן, איידער ער וועט אָנטאָן דעם נייעם גאַרניטור מיט דעם הוט.

אַז ער איז אָבער געקומען אַהיים, האָט זיך פּלוצלונג אויפגע־וועקט ביי אים אַ תשוקה אַ קוק צו טאָן אויף זיך אין דער אויסקליידונג, וואָס די קאָזינס האָבן אויסגעקליבן פאַר אים, ווי ער וואָלט געוואָלט אָפּשאַצן דעם ווערט און פאַרשטענדעניש פון די קאָזינס.

איז ער אַריין באַהאַלטענערהייט אין אַ באַזונדער צימער און אָנגעטאָן אויף זיך די נייע זאַכן, פון דעם הוט ביז די שיך.

דאָס צימער איז געווען אַרומגעשטעלט מיט גרויסע שפּיגלען, און פון אַלע זייטן האָט זיך פּלוצלונג באַוויזן פּאַר בערעלען אַ פּאַרשוין, וואָס מען שטעלט אַרויס אויף די יאַרידן צום געלעכטער: — אַ האַרטער הוט, די מאַנישקע בלאָזט זיך פון קאַמיזעלקע; דער שניפּס רייסט זיך פון האַלדז אין דער הייך; די הויזן ברייטע; די שיך — לאַקירטע, האַלבע, ווי טופליעס.

— און ווו איז בערעלע? טוט אַ ציטער בערעלע.

— ער שפּילט טעאַטער שבת בייטאָג ביי פּערטשען אין שטוב, אונטער די קאָזשוכעס, לאַכט זיך פּאַנאַדער דער פּאַרשוין אין שפּיגל.

— ניין, ער שטייט ווי אַ טשוטשעלע אין פעלד און שרעקט די פייגל, שניידט אַריין בערעלע זיין געלעכטער דעם פּאַרשוין אין פּנים אַריין, און דער פּאַרשוין בייסט דעם חוזק ביטערער:

— אַ גראַף אין אַ צילינדער־הוט מיט באָרוועסע פיס... נאָר בערעלען אַרט דאָס נישט ער שטייט רויק, געלאַסן, באַקוקט זיך פון פאָרנט, פון הינטן, טאַפּט דעם אויסגעפּרעסטן קנייטש פון די הויזן, טוט אויס און טוט אָן דעם האַרטן הוט, און אים דוכט זיך, אַז ער האָט עפּעס אויסגעפירט. ער האָט אַוועקגעשטעלט דעם פּעטערס הויז מיט די אָנגע־קראָכמאַלעטע בילדער, בלישטשענדיקן גלאָזוואַרג אין די שפּיגלען, און באַוויזן דער מומען מיט איר גאָלד און זילבער, די קאָזינס מיט זייער „טי" און „אייטש", זיי זאָלן זען, ווי זיי קוקן אויס אין זייערע פּירונגען. ער טוט אַ שמייכל: און ווו איז דעם גראַפס שטעקעלע? און פּרוווט זיך אויסציען אויף דער קושעטקע, זיך אויסוואַלגערן אין דעם נייעם אָנטועכץ, ווי אַ הונט פּאַררייסט דעם בויך, און הייבט זיך אָן קאָרטשען אין זאַמד.

נאָר פּלוצלונג הייבט זיך אויף אַ געשריי, נישט מיט בערעלעס קול, וואָס טראָגט זיך פרעמד און ווייט:

— ניין! דאָס לאַכן זיי אָפּ פון דיר, מאַכן חוזק פון דיינע רייד, פּאַרשעמען דיין טאַטן מיט דער מאַמען!

שפּרינגט אַראָפּ בערעלע פון דער קושעטקע, שטעלט זיך אַוועק אין מיטן צימער און רייסט אַראָפּ פון זיך דאָס אָנטועכץ. ער וואַרפט און שליידערט די מלבושים אויף דער ערד און טרעט זיי מיט די פיס. דער

כעס פאַרציט זיינע אויגן, ווי זיי וואָלטן זיך געטרונקען אין אַ וואַסער. ער זעט נישט זיין אַלט אָנטועכץ, וואָס ער האָט נאָר וואָס אויסגעטאָן, און שרייט: גיט מיר אָפּ מיינע זאַכן!

ס׳לויפט אַריין דער פעטער, ס׳קומט אַריין די מומע, ס׳באַווייזן זיך די קאָזינס, די דינסט שטייט פון ווייטן. אַלע בעטן זיך, גיבן נאָך, באַרויקן, ציטערן, ווי מען שרעקט זיך פאַר איינעם וואָס גייט אַראָפּ פון זינען. נאָר בערעלע שטילט זיך נישט איין. אים אַרט נישט, וואָס ער שטייט, פאַר אַלעמען אין די אויגן, בלויז אין די אונטערוועש; ער שרייט און מאָנט: איר קענט אָפּלאַכן פון אייער טאַטן, אָבער נישט פון מיינעם! גיט מיר מיינע זאַכן! איך לויף אַרויס אין גאַס אַ נאַקעטער!

אין גרויס צעטומלעניש ווייסט נישט די מומע וואָס פאַר אַ זאַכן בערעלע מאָנט, זי זעט אַפילו נישט אַז זיין אַלט אָנטועכץ איז צעוואָרפן איבערן צימער, פּרוּווט זי אים איינשטילן: נאַ, נעם, איך האָב נאָך נישט אַרויסגעוואָרפן... און איילט זיך אַוועק מיט דער דינסט זוכן אין היבּ־טערשטן אַלמער.

די קאָזינס שטייען פון ווייטן, שווייגן, און קוקן זיך איבער, פאַר זיי איז דאָס נישט קיין חידוש... זיי מאַטערן זיך בלויז צו דערטראַכטן, ווי אַזוי מען זאָל אים אַוועקשיקן פון הויז, און דער פאָטער זאָל נישט האָבן קיין טענות, נישט צו זיי, און נישט צו דער מאַמען.

דער פעטער איז געשטאַנען אין דער אָפענער טיר פון צימער, געקוקט אויף בערעלען, און די שרעק פון בערעלעס פּנים האָט פאַר־שטיינערט די רייד אין זיינע בליקן. האָט ער אַ קוק געטאָן אויף זיינע זין, און האָט אַליין נישט געוווּסט, צי ער פאַרענטפערט זיך, צי ער נעמט זיך אָן פאַר דעם „גרינעם" אָדער ער בעט די קינדער, זיי זאָלן איינשטילן בערעלען: — אַ בחור מיט אַ בחור... זאָלן זיי אים באַווייזן, אַז ער איז נישט קיין פרעמדער... זייער גלייכן...

די רויקייט, וואָס איז געלעגן ביי די זין אויף די פּנימער, האָט אָבער אָפּגעפרעמדט דעם פעטער פון זיין הויז, דעם טאַטן פון זיינע קינדער און האָט אים פאַרוואָרפן אין דער ווייטער ווייטקייט. און אין בערעלעס צעשראָקנקייט האָט זיך, פון דעם הויכן גרויען קאָפּ, מיטן גלאַטן אָפּגעגאָלטן פּנים פון מר. סאַלאָמאָן ד. גאָר אויסגעשיילט שמער־קע גאָרטשינסקי.

דער פעטער האָט דערזען דאָ, אין צימער, דעם „באַי״ פון וועמען מען האָט געמאַכט חוכא וטלולא: טו אויס דאָס היטל, דער קאָפּ ברענט... און בערעלע איז אים געוואָרן אייגענער ווי זיינע זין. ער האָט אַוועקגע־שטעלט אַ טראָט צו בערעלען, אַרויפגעלייגט די האַנט אויף זיין אַקסל: מיך האָבן זיי שוין אויסגעמושטירט... דו וועסט זיך אויך צוגעוויינען... וועסט איבערקומען... וואָס ווייסן זיי?... זיי האָבן אַמאָל געזען אַן אות אין אַ ספר? קוק נישט אויף מיין פּנים, אויפן פּנים פון אַן אַמעריקאַנער גלח, נאָר הער וואָס אַ ייד רעדט צו דיר, וואָס דער פעטער זאָגט דיר: איך אַליין וועל מיט דיר גיין, דו וועסט קויפן וואָס דיר געפעלט; מען קריגט דאָ אַלץ...

בערעלע איז אַנטשוויגן געוואָרן, האָט זיך געטוליעט צום פעטער, געקוקט אים אין די אויגן און געטראַכט, אַז איצטער וועט ער אים בעטן, ער זאָל אים געבן געלט צו פאָרן אַהיים.

נאָר פלוצלונג האָט זיך באַוויזן די מומע מיט דער דינסט, זיי האָבן צונויפגעקליבן די אַלטע זאַכן, בערעלעס און פרעמדע, וואָס זענען געלעגן אין הינטערשטן אַלמער, און געטראָגן די קליידער אין די אויסגעצויגענע צעשפּרייטע הענט, ווי זיי וואָלטן געוואָלט באַווייזן בערעלען, אַז זיי ווילן זיך נישט צורירן צו די שמאַטעס. די מומע איז נישט אַריין אין צימער, זי איז געבליבן שטיין אין טיר, און האָט אַ וואָרף געטאָן די זאַכן אויף דער ערד מיט כעס וואָס האָט געברויזט אין איר, ווען זי האָט זיך געגראָבן אין הינטערשטן אַלמער:

— נאַ, נעם, טו אָן זשירעווע... טראָג... גיי... און דערשלונגען: ווי דו ווילסט, זי וועט מער נישט לערנען אים....

דער מומעס קול האָט זיך אַ שפּאַר געטאָן בערעלען אין פּנים, האָט אָפּגעשטויסן פון אים דעם פעטער, און האָט זיך געריצט אויף די נעגל פון די שפּיץ פינגער, וואָס האָבן געטראָגן די אַלטע זאַכן. האָט ער אַ טופּע געטאָן מיט די פיס און אָנגעהויבן שרייען:

— איך וועל טראָגן! וועל גיין! איך וועל אַוועקגיין!

די מומע האָט זיך אָנגעהויבן פאַרענטפערן: — איך האָב נישט געמיינט; איך האָב געוואָלט זאָגן... און אָנגעהויבן דערקלערן אויף ענג־ליש: זיי פאַרשטייען נישט וואָס מען רעדט צו זיי; דאָ איז אַנדערש ווי

אין זשירעווע... איך ווייס נישט, האָט זי אַ זיפץ געטאָן, דער מאַן זאָל זען אַז זי האָט נישט ווינציקער פאַרדרוס פון אים.

בערעלע האָט אָבער געזען אַז מען האָט אים פאַרשעמט, האָט ער זיין בייזקייט אַריינגעשפּאַרט אין זיין צולהכעיס:

— און איך וועל זיין אין זשירעווע, איך וועל דאָ נישט בלייבן; איך גיי... איך וועל טראָגן...

— דו האָסט דאָך נישט קיין געלט, העלפט דער פעטער בערעלען צונויפקלייבן זיינע זאַכן, אפשר וועט עס באַווירקן אים.

בערעלע לאָזט אָבער נישט אַראָפּ קיין וואָרט פון זיינע רייד:

— איך דאַרף נישט... איך גיי... וועל דאָ נישט בלייבן...

זעט שוין דער פעטער: דעם זיידנס האָנאָר; ישראלס זון; אַז די שוויגער האָט אים מיט אַן אות פוגע בכבוד געווען, האָט ער געגעכטיקט אַ גאַנצע נאַכט אין דרויסן, און איז אָפּגעלעגן אַ ווינטער אין בעט. ער פאַרשטייט, אַז ער וועט גאָרנישט אויספירן ביי בערעלען, רעדט ער זיך איין אַז ס׳וועט איבערגיין זיין כעס, וועט ער קומען צוריק, און רוקט אים געלט אין קעשענע.

בערעלע ווייסט נישט צי ער נעמט דאָס געלט ביים פעטער און שפּאַרט זיך אַרויס פון הויז, ווי ער וואָלט געשפּרונגען איבער אָנגעברענטע טריט.

יג

ס׳איז געווען אָנהייב אָווגט; די גאַסן זענען געווען באַלויכטן; די הויכע מויערן האָבן אָבער געקוקט אויף בערעלען, ווי טורעמס וואָס שפּאַרן זיך אַרויס פון אַ טאָל און ציען אַרויף אַ וואָלקן אויף זיין וועג. די מענטשן וואָס זענען געגאַנגען צוזאַמען מיט בערעלען, וואָס זענען אים געקומען אַנטקעגן, האָבן אים געשווינדלט אין די אויגן, ווי צווייגן וואָס שמייסן דעם רעגן אויפן ווינט.

דעם פעטערס בליקן, וואָס האָבן אַרויסבאַגלייט בערעלען פון הויז, האָבן זיך אָבער נישט אָפּגעטאָן פון אים, איז ער זיי נאָכגעגאַנגען און האָט זיך געשטאַרקט מיטן רעיון אַז ער וועט נישט פאַרפאַלן ווערן: ער וועט נאָך טרעפן אַ ייד; און אַ ייד וועט ווייזן אַ יידן דעם וועג צו נאָך אַ יידן...

בערעלע האָט נישט געדענקט ווי לאַנג ער איז געגאַנגען, און שפּעטער, אַז ער האָט שוין אויסגעמאָסטן די גאַסן פון ניו־יאָרק, האָט ער נישט געקענט דערקענען דעם וועג, וואָס האָט אים געבראַכט אויף דער איסט סייד. אים האָט אָבער געוואַרעמט די יידישע רייד, קולות, געשרייען וואָס האָבן אים אויפגעוועקט פאַרטאָג פון שלאָף.

אַז בערעלע האָט זיך אויפגעכאַפּט האָט זיך אים געדוכט אַז אַ נאָענטע האַנט האָט אים אויפגעוועקט. ער האָט זיך געוואָלט איבערדרייען אויף דער אַנדערער זייט און שלאָפן ווייטער. נאָר צוקאָפּנס איז אים געווען האַרט און דער קאָפּ שווער. ער האָט דערזען, אַז ער שלאָפט אויף דער ערד אין ווינקל פון אַ הויז. האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער איז אין דער פרעמד, אין אַמעריקע, איינער אַליין, און טרערן האָבן זיך אים געשטעלט אין די אויגן: וווהין זאָל ער גיין?...

מען האָט בערעלען נישט געלאָזט לאַנג טראַכטן. יידן האָבן דערקענט: ס׳איז אַ גרינער, מסתמא נאָר וואָס אַראָפּ פון שיף, איז מען צוגעגאַנגען צו אים:

— פון וואַנען אַ לאַנדסמאַן?

— פון זשירעווע, לעבן סלאָנים.

— וועסט נישט פאַרפאַלן ווערן, דאָ נישט ווייט איז דער סלאָנימער בית מדרש הגדול, — וועסטו געפינען לאַנדסלייט.

בערעלען וואַרעמען די יידן, מיט די יידישע רייד, עצות, רחמנות, ווי זיי וואָלטן געקומען צוזאַמען מיט אים פון זשירעווע. גייט ער אַרום איבער די גאַסן פון דער איסט סייד, ווי ער וואָלט זיך אַרומגעדרייט אין סלאָנים אויפן שול־הויף. טראַכט ער, אַז ער וועט זיך פאַרזאַמען אַ ווײַלע אויף דער איסט סייד פון ניו־יאָרק און דערנאָך פאָרן אַהיים. די לאַנדסלייט ווייסן אָבער, אַז אַמעריקע איז ווי אַ בוכטע אין טייך; ס׳דרייט, ס׳רוט נישט... דו שווימסט אַרויס, אָדער ווערסט דערטרונקען. אַוועקפאָרן פון דאַנען אַהיים, קען מען נישט. זיי פאַרגעסן נישט בערעלעס יחוס, און גיבן זיך אָפּ מיט אים מערער ווי מיט אַן אַנדערן בן־עיר. זיי טראַכטן: מיט אַזאַ קאָפּ קען ער ווערן אַ דאָקטער, ער וועט ביי דער אַרבעט נישט בלייבן, דערווײַלע, ביז ער וועט זיך אויסלערנען ענגליש, דאַרף מען זוכן פאַר אים אַן איידעלע מלאכה.

אַרויפגענומען האָט אים אַ לאַנדסמאַן צו זיך אין שאַפּ פון רעגנ־

מאַנטלען. אַ קליינער שאַפּ, קיין סך וועט ער ביי אים נישט קענען פאַר־דינען, ער וועט זיך אָבער אויסלערנען די אַרבעט, און וועט קענען קריגן אַ „דזשאָב“ אין דעם בעסטן שאַפּ.

בערעלען האָט זיך נישט געגלייבט אַז ער, דער ישיבה־בחור, וואָס האָט מיט די הענט בלויז געעפנט אַ ספר, אַ בוך, וועט אויסלערנען די פינגער אָפּבייגן אַ קאָלנער. ער האָט זיך אָבער איינגערעדט מיטן לאַנדס־מאַנס רייד: „אַז דער קאָפּ איז גוט, טויגן די הענט“, און ער איז אָנגעגע־קומען צו אים אין שאַפּ.

דער לאַנדסמאַן איז געווען גערעכט; בערעלע האָט זיך נישט אַרומ־געזען ווי ער איז געוואָרן אַ גוטער בעל־מלאכה און מען האָט פאַר אים געקראָגן אַרבעט אין אַ גרויסן שאַפּ ביי „איי מ. ראַבינאָוויטש ענד סאָנס“. מר. ראַבינאָוויטש, דער באַלעבאָס איז אַליין אַ יודע ספר, האַלט שטאָט, האָבן די לאַנדסלייט געטראַכט: ער וועט אָפּשאַצן בערעלעס ווערט און וועט אים גאָר אַנדערש באַהאַנדלען...

ס׳איז געווען ווי די לאַנדסלייט האָבן אויסגערעכנט; מר. ראַבינאָ־וויטש האָט גלייך דערקענט, אַז בערעלע איז אַ פּירה גאָר פון אַן אַנדערן גאָרטן, נישט פון די אַרבעטער וואָס שטייען ביי אים אין שאַפּ. ער האָט ליב געהאַט אויסצוריידן אַ וואָרט מיט אים, האָט געזען אַז ער זאָל קריגן אַ בעסערן „לאָט“ (פּאַק) אַרבעט, און אים האָט נישט געאַרט, וואָס דעם אײדעם איז דאָס נישט געפעלן.

די לאַנדסלייט האָבן אָבער נישט געטראָפן וועגן דעם ווייטערדיקן גאַנג פון בערעלעס לעבן. מיט זיין גוטן קאָפּ און יחוס האָט ער זיך נישט גענומען צום לערנען, ער זאָל ווערן אַ דאָקטער, אַ דענטיסט; ער האָט אַפילו זיין יידיש־ריידן נישט פאַרביטן אויף ענגליש, ער האָט זיך געהאַלטן ביי די פירונגען פון דער היים, און איז געבליבן אַ בעל־מלאכה.

ער האָט זיך דערווייטערט פון די לאַנדסלייט, אַזוי ווי אים איז שווער געווען זיך דערנענטערן צו די אַרבעטער אין שאַפּ — האַלט זיך גרויס, נעמט זיך איבער, האָבן די אַרבעטער אָפּגעמאַכט ביי זיך, און האָבן אַמאָל, מיט ביטערקייט, פאַרביטן זיין נאָמען אויף „ער“ — „ער זיצט אויף אַ וואָרט ווי אַ הון אויף די אייער“, כאָטש זיי האָבן נישט געזען ביי בערעלען קיין גאווה, נישט אין זיין אָנטאָן זיך און נישט אין זיין ריידן.

פאַרקערט, זיי האָבן געוואָלט אַמאָל זאָגן אים: „מעגסט שוין אויספּרעסן די הויזן", ער זאָל זיך עפּעס אָפּלערנען פון זייער אַמעריקאַנישקייט.

אַזוי האָבן אויך די לאַנדסלייט געטראַכט וועגן בערעלען. זיי האָט זיך געדוכט, אַז זיי דערקענען אים נישט: „נישט אַמעריקאַניש, און נישט ווי אין דער היים".

אַז בערעלע האָט דערזען דעם חידוש ביי אַ לאַנדסמאַן אין די אויגן: — אָט אַזוי, ווי מען האָט דיך געפונען אויף העסטער סטריט, בערעלע, דו ווילסט נאָך אַלץ זיין אַ גרינער?

האָט זיך בערעלען געדוכט, אַז דעם לאַנדסמאַנס ענגלישע ווערטער צעשיטן זיך אין זיין יידיש ריידן, ווי קוילן פון אַן אויסגעלאָשענעם אויוון, האָט ער געענטפערט האַלב אין שפּאַס און האַלב אין כעס:

— און אַז יאַנקעלע האָט געביטן דעם נאָמען; ער הייסט שוין דזשעק, איז ער געוואָרן אַן אַנדערער, שענער, קליגער?

— שענער, קליגער... נעמען זיך אויס ביים לאַנדסמאַן די רייד, מען קען אָבער נישט אַרומגיין מיט זשירעוועס אין ניו־יאָרק, דאָ עסט אַן אָרעמאַן אַפילו ווינטער, אין די גרויסע פרעסט, אַן עפּל...

— דאָס האָט שוין געקנעלט מיט מיר מיין פעטער, מר. גאָראָ־טשינסקי, ניין, איך מיין מר. גאָר, רעדט בערעלע געלאַסן, ווי ער וואָלט זיך אונטערגעגעבן.

— אָהאָ דיין פעטער, מר. גאָר, כאַפּט זיך אָן דער לאַנדסמאַן: דו ווייסט אין וויפל מען שאַצט אים, וויפל ער איז ווערט?

— און וויפל איז ווערט בערעלע?

— מיט דיין קאָפּ? דאָס קען מען נישט אָפּשאַצן, טוט אַ ציטער פאָרן לאַנדסמאַן אַ ספר, אַ רעדנער וואָס ער הערט אַמאָל, און ער טוט אַ זיפץ:

— ווער איז דאָ, אין אַמעריקע, אַ מבין אויף אַ מענטשן?

— אָבער אַ פּאָר פערד קען מען דאָ יאָ אָפּשאַצן?

— איי, איי בערעלע, דו קריכסט מיט אַ וואָגן־משא אויפן מערע־מינער באַרג און ווילסט נישט פאָרן מיט די פּאָר פערד אויפן גלייכן וועג. איילט זיך דער לאַנדסמאַן צו זיינע געשעפטן, ער אַליין זאָל נישט אַראָפּ־פאַלן אונטער די רעדער פון דעם וואָגן.

## יד

דעם לאַנדסמאַנס זאָג: בערעלע, דו קריכסט מיט אַ וואָגן משא אויפן מערעמינער באַרג, האָט זיך איינגעשניטן בערעלען שאַרפער פון דעם מוסר, חידוש און אַפילו אָפּלאַכן, וואָס ער האָט פריער געהערט, און די רייד האָבן זיך באַוויזן צו אים, ווי דאָס מזל, וואָס אַ קאָרטן־וואַרפערין לייגט אויס אויפן האַנט.

— אָט דאָס איז דער גורל וואָס פּלאָנטערט זיך אונטער זיינע טריט, פון דער ישיבה ביז איצטער, ווען ער שטעלט דעם פוס אויף די גלאַטע אויסגעטראָטענע גאַסן פון ניו־יאָרק: דאָרטן האָט מען געמאָנט ביי אים פאַרוואָס ער פאַרלאָזט זיך נישט אויף תנאים און אמוראים, און דאָ לאַכט מען פון אים, פאַרוואָס ער הערט זיך נישט צו צו די שרייבער, רעדנער — צו די יידן, וואָס זענען אפשר ערגער פון אַ גוי. האָבן זיך אָפּגעזעצט די דרייסיק יאָר פון בערעלעס לעבן מיטן אומעט, וואָס אַ זייגער שלאָגט אויס די שעהן אין דער שטילקייט פון מיטן נאַכט.

די צאָל דרייסיק האָט זיך אויסגעלייגט פאַר בערעלען שווער און אַלט, ווי מ׳וואָלט אויסגעגראָבן פאַר זיינע אויגן די אַלטקייט פון אַן אַלטן מאַן. אים האָבן אָנגעהויבן טיפער עגבערן די פראַגן, וואָס האָבן אים פריער אויך נישט געלאָזט רוען: „וואָס וועט זיין ?״.

די מלחמה האָט זיך שוין געענדיקט. פון די בריוו, וואָס בערעלע קריגט פון דער היים קען ער נישט דערגיין וואָס ס׳טוט זיך דאָרטן; ער קען זיך אַפילו נישט דערוויסן וועր ס׳לעבט און ווער איז ח״ו געשטאָרבן. איין זאַך שרייבט מען אים קלאָר, ער זאָל בלייבן אין אַמעריקע. ער קען קומען, ער דאַרף קומען זיך זען, די נעסט אויף מאָרגן דאַרף ער אָבער בויען אין דעם נייעם לאַנד: „און וויפל איז דער שיעור צו זיין אַ בחור ?״.

ווו זאָל אָבער בערעלע נעמען געלט צו פאָרן זיך זען, אַז אויסציילן דעם גראָשן קען ער נישט, און די דאָלערס קלייבן זיך אַליין נישט אָן אין די קעשענעס.

— און וויפל איז טאַקע דער שיעור צו זיין אַליין, אַ בחור ? שפּאַרט זיך אַרויס די עלנטקייט פון בערעלעס שפּאַס, אַז ער האָט צייט צו וואַרטן ביז הונדערט און צוואַנצי׳ק יאָר אויף זיין זיווג.

פאַר דער וועלט האַלט ער אָן דעם שפּאַס, נאָר מיט זיך אַליין פירט ער אַ וויכוח וועגן די רייד, וואָס ער ענטפערט אָפּ אַ מענטשן, און וועגן די זאַכן וואָס ער הערט פון מענטשן.

און אַז ס'באַפאַלט אים דער אומעט פון אַליינקייט, איז ער זיך מודה אין דער שטילער נאַכט: ער וואָלט אויך געוואָלט אַרויספאָרן צוזאַמען מיט דער גאַנצער וועלט אויף אַ פּאָר פערד נאַשפּיק, איבער די גלאַטע אויסגעטראָטענע וועגן, און נישט קריכן אַליין מיטן וואָגן משא אויפן מערעמינער באַרג.

פּרוווט בערעלע אָפּטעמפּן די שאַרפקייט פון זיינע רייד; ער וויל נאָכגעבן, אפשר זענען די תנאים מיט די אמוראים, די שרייבער, די רעד־נער, גערעכט; און ער וועט אַפילו צוגעבן, אַז מר. גראָשין, וואָס מען האָט אין דער היים גערופן „חייקעלע קריך נישט, לויף" האָט זיך אויף העסטער סטריט אַוועקגעיאָגט מיטן פושקאַרט ווייטער פון אים.

ער זעט אָבער ווי סאָניע טראַכט, אָט אַזוי ווי מר. גראָשין לייגט אויס זיינע רייד אויף די הענט, וואָס האָבן שוין אַריינגענומען אַ בנין אין זייער רשות; זי פרעגט ביי זיך אַליין:

— מיט וואָס נעמט ער זיך איבער? פאַרוואָס האַלט זיך בערעלע גרויס? נישט קיין שרייבער, נישט קיין רעדנער, פּרוווט זיך נישט לערנען, ער זאָל ווערן אַמאָל אַ דאָקטער, אַ דענטיסט, אַפילו נישט קיין דראָגיסט.

ביי זיך אַליין פאַלט נישט אַראָפּ סאָניע: זי לייגט אויס איר חשבון, אָט אַזוי ווי זי פאַרקעמט די האָר, אָן רעש; זי שטעלט בלויז אַריין די קעמעלעך אין קאָפּ, איר פרויען־רייץ זאָל זיך אָנזען. זי באַהאַלט נישט, אַז זי אַרבעט אין שאָפּ, זי וויל אָבער מען זאָל אויך וויסן, אַז זי איז געגאַנגען אין גימנאַזיע, ל'ייענט אַ בוך און זי לאָזט נישט דורך קיין לעקציע. זי וואָלט חתונה געהאַט מיט בערעלען, נישט דורך אַ שדכן, נאָר מיט ריינער ליבע.

אַז בערעלע הייבט אָבער אָן ריידן און זי דערזעט זיינע אויפפירונ־גען, דערשרעקט זי זיך, אַז אַזאַ מאַן וועט נישט קענען מפרנס זיין אַ פרוי מיט קינדער: ווער ווייסט וווהין זיינע משוגעסן קענען אים פאַרפירן?

זי קען נישט אָפּלייקענען אַז אַזאַ מאַן דאַרף געפעלן ווערן אַ פרוי: אַ הויכער, שוואַרצע האָר, שוואַרצע אויגן, זיינע בליקן פאַרציען דאָס

פנים מיט אַ טוי; אַז ער הייבט אָן לאַכן, בליען זיך פאַנאַדער זיינע ליפּן און דו וואַרטסט זיי זאָלן דיר אַ קוש טאָן.

זי פאַרמינערט אָבער בערעלען, איר זאָל נישט פאַרדריסן, וואָס זי לאָזט דורך אַזאַ שידוך:

— דאָ איז נישט די אַלטע היים, מען נעמט נישט קיין איידעם אויף קעסט. און זי שאַרפט אויס בייזער אירע רייד:

— איצטער קלייבט מען געלט פאַר די מלחמה־קרבנות פון דער אַלטער היים.

בערעלע ווייסט גאָרנישט צי ער וואָלט חתונה געהאַט מיט סאָניען; ער באַגעגנט זיך מיט איר, אַזוי ווי ער מיידט נישט אויס אַנדערע פרויען, וואָס טראַכטן מסתמא נישט אַנדערש ווי סאָניע, אַז זיינע רייד און פירונגען פּאַסן נישט זיין אויסזען.

בערעלע בענקט נאָך אַ פרוי, וואָס זאָל מיט אירן אַ בליק אַרויס־אָטעמען פון אים די רייד, וואָס אים איז שווער אַרויסצוברענגען, און ער ווייסט אַוודאי נישט נעמען פאַר אַ ווייב אַזאַ מיידל, וואָס פאַרמינערט מיט אירער אַ תנועה אַפילו דאָס, וואָס ער זאָגט יאָ אַרויס.

שפּאַרט ער זיך נישט מיט סאָניען וועגן איר קענטשאַפט אין גימ־נאַזיע, נישט אַלע מאָל פּרוווט ער איר באַווייזן, אַז אַן אַרבעטער מיטן האַמער קען זיין אַזוי חשוב ווי אַ דאָקטער מיט זיינע רעצעפּטן. סאָניעס זאָג וועגן די קרבנות פון דער אַלטער היים קען ער אָבער נישט פאַר־שווייגן. אין איר קול הערט ער ווי מען שרייט אויף די מיטינגען, אויף די קאָנפערענצן: אַלטע היים! מלחמה־קרבנות!

וועקט זיך אויף זיין כעס: זיי האָבן שוין אונטערגעפירט דעם רעכענונג און אַראָפּגענומען פון חשבון. ער וועט עס אָבער נישט אַרויס־ווייזן סאָניען, זי זאָל נישט מיינען, אַז זי האָט עפּעס אויסגעפירט ביי אים. פאַרציט ער זיין וווייטאָג מיט אַ שמייכל:

— יאָ, סאָניע, איך האָב פאַרגעסן פרעגן, וואָס פאַר אַ קרבן מיינט איר: אַ קרבן חטאות צי אַ קרבן עולה?

סאָניע טראַכט: דאָס וויל ער איר באַווייזן, אַז חוץ לייענען אַ בוך, קען ער אויך לערנען. זי וועט זיך אָבער נישט לאָזן אַראָפּנידערן פון דעם אויסגעוואַקסענעם בחור, וואָס רעדט אין דער גרויסער שטאָט ניו־יאָרק מיט די רייד פון דער ישיבה. ביי איר צינדן זיך אָן די בליקן, די באַקן

פאַרויטלען זיך און זי דראַפּעט זיך אין בערעלעס שמייכל, וואָס וויל אָפּטאָן פון איר די ווירדע פון פרוי און מענטש:

— ווען איר וואָלט געליינט מערער ביכער, געהערט וואָס די לעקטאָרס לערנען אונדז, וואָלט איר נישט געמאַכט קיין שפּאָס פון אַזעלכע ערנסטע פראַגן; זאָגט, וואָס האָט איר געליינט? ווערט סאָניע פּלוצלונג אַנטשוויגן, ווי זי וואָלט זיך דערוואָרגן מיט די נעמען פון די שרייבער, וואָס זי האָט געוואָלט אויסרעכענען.

איר פּנים פאַרציט זיך מיט אַ בלאַסקייט, אירע קעמעלעך מאַכן לויז די האָר, און די האָר ווייכן זיך אַראָפּ אויף די שלייפן; זי וויל פאַרריכטן דאָס צוקעמעכץ, נאָר די הענט הייבן זיך נישט אויף צום קאָפּ, אַזוי ווי איר איז שווער אָוועקצושטעלן אַ טראָט, אָדער זיך אַוועקזעצן אויפן שטול. איר דוכט זיך אַז זי האַלט אין די הויפּנס עפּעס וואָס זי האָט אויסגעפּירט, מיט די בליקן זעט זי אָבער, אַז זי האָט גאָרנישט געוווּנען. זי האָט טאַקע באַוויזן איר קענטשאַפט, אָבער נאָך אַ וואָרט, וועט זי שוין מסתמא מער נישט הערן פון בערעלען: — און עמעצער אַנדערש איז קליגער פון אים?

ביי בערעלען נעמט אָבער אויס סאָניע אין איר פאַרלוירנקייט. ער וויל אָוועקשטעלן אַ טראָט נענטער צו איר, אירע בליקן זאָלן טיפער אַריינדרינגען אין זיינע רעיונות, רעדט ער שטיל, ווי ער וואָלט זיך פאַרענטפערט: איך לייען די ביכער וואָס טראָגן אַריין פרייד אין מיין אומעט, אָדער מאַכן מיך ליידן מיט זייער אומגליק; אָט די שרייבער, וואָס איך קען אַריינאָטעמען אין זיך, ווי די בליקן פון אַ גוטן פריינד; זיי זאָלן שרייבן אָט אַזוי ווי איך וויל ריידן, אָט דאָס וואָס איך קען נישט אַרויסברענגען זאָלן זיי זאָגן פאַר מיר.

— איר זאָלט זיי לערנען ווי צו שרייבן... לאַכט זיך פאַנאַנדער סאָניע מיטן שטאָלץ פון די שרייבער, פאַר וועמען זי שטעלט זיך איין. זי הייבט אויף די הענט ברייט און הויך, גלעט צו די האָר, פאַרריכט די אויסגעהאַמערטע טונקעלע בראָשקע אויף דער ווייסער בלוזקע און וויל אַ קוק טאָן אין שפּיגל, ווי זי וואָלט זיך נאָר וואָס צוגעפּוצט. זי וועט אָבער נישט באַוויזן בערעלען, אַז זי היט איר אויסזען אין שפּיגל, נעמט זי זיך איבער מיט ביכער, שרייבער, רעדנער, און רעכנט אויס נעמען נאָך נעמען, זי קלייבט זיי אָפּ, צעסאָרטירט זיי און לייגט אויס זייערע

ווערק מיט אַזאַ זיכערקייט, גלייך ווי די שרייבער וואָלטן צוגעקומען צו איר, זיך אַרומגעשטעלט אַרום איר, און זיך געבעטן ביי סאָניען, זי זאָל זיי נישט אויסלאָזן און אָפּשאַצן זייער ווערט.

קוקט בערעלע אויף סאָניען, ווי זיין בליק וואָלט זיך געשפּאַרט פון זיין געפאַלנקייט. ער איז איר מקנא: „אַזאַ קענטשאַפט“, און חידושט זיך: ווען האָט איר באַוויזן אַזוי פיל צו לייענען? ווערט סאָניע זיכערער ביי זיך, בייט איבער אַ פּאָר טריט אין צימער, שטעלט זיך אָפּ לעבן שפּיגל, פאַרריכט די האָר, ווי זי וואָלט ערשט באַמערקט, אַז איר צוקער־מעכץ איז לויז געוואָרן, און טוט אַ שמייכל: „ווען, ווען? יאָ“... און ס׳דוכט אַז מער וועט זי וועגן דעם נישט זאָגן, און מער דאַרף מען נישט ריידן, אויב מען פאַרשטייט נישט אַליין.

זי קען אָבער לענגער נישט פּוצן איר שמייכל מיטן עניוות, שפּאַרט זיך אַרויס איר גאווה: אַז אַ מענטש פאַרלאָזט זיך נישט אויף זיך אַליין, נאָר הערט וואָס אַ לעקטאָר לערנט, וואָס אַ רעדנער רעדט, ער קלייבט אויס ביי די קריטיקער וואָס פאַר אַ ביכער ער זאָל לייענען, און ער ענטפערט יענעם נישט אַזוי ווי אים פאַלט איין, ווי ער דערטראַכט זיך מיטן שכל פון די טאַטעס אין... רעדט זי נישט אויס זשירעווע, נאָר אַזוי ווי מען האָט שטודירט אין גימנאַזיע, ווי מען לערנט אונדז — זאָגט מען עס אינטעליגענט, מיט פאַרשטענדעניש, דעמאָלט ווערט דאָס בוך, אַ חבר, אָטאָ ליגט שטענדיק ביי מיר אויפן טישל אַ בוך.

— עפנט זי אַמאָל דאָס בוך? צאַמט איין בערעלע זיין כעס. ער קוקט אויף סאָניען, ווי זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן שטול באַרויקט און געזעצט און ער קלייבט אָפּ די ווערטער, וואָס ער אַליין זאָל זיך דערטראַכטן, צו ענטפערן סאָניען: איר האָט שטודירט אין גימנאַזיע, און איך שטודיר ווי אַזוי מענטשן ריידן צו מיר...

סאָניע פאַרלירט זיך נישט, זי שפּאַרט זיך אָן אויף די קלוגע אויס־געטאָקטע רייד, וואָס זי האָט נאָר וואָס געזאָגט, און שטעלט איין איר שטאָלץ: נו, טאָ זאָגט!...

בערעלע נעמט נישט אַראָפּ פון סאָניען די אויגן. ער שפּאַרט זיינע בליקן אין יעדן ריר און קער אירן און צעבייסט אירע תנועות. ער זוכט אַ סימן פון דער פרייד, פון דעם ווייטיק, וואָס בלייבט ביי אים, ווען ער לייענט דורך אַ בוך, אָדער אַ זאַך אין אַ צייטונג, אין אַ זשורנאַל.

סאָניע באַווייזט זיך אָבער צו אים אין געשטאַלט נאָך געשטאַלט מיט די אויגן פון פעטער, וואָס מאָנט ביי אים, ער זאָל נישט זיין פאַרריסן, מיט דער גאווה פון די קאָזינס וואָס לערנען אים דעם „טי״ „אייטש״, מיט דער מינע פון בערמאַנס וואָנסעלעך, און זי נעמט זיך איבער פאַר אים, ווי מר. גראָשין: — איצטער וועט מען שוין נישט לאַכן פון מיר: „חייקעלע קריך נישט, מען וועט דיך נאָך כאַפּן ביי אַ גנבה״; איך האָב אַ פושקאַרט מיט סחורה און האָב איינגעצאָלט אויף אַ הויז.

בערעלע קען זיך אָבער נישט פאַרמעסטן מיט סאָניען; זי פאָרט נאָשפּיק אויפן גלאָטן אויסגעטראָטענעם וועג. זי וואַרפט זיך מיט די שרייבער, וואָס מען קנעט אויס פאַר איר, און ער קריכט מיט אַ וואָגן משא אויפן מערעמינער באַרג. וויל ער אָנווייזן אויפן בוך, וואָס ליגט אויס־געפוצט, און אויסגעגלעט אויפן טישעלע: און איר האָט אים אַמאָל געעפנט? נאָר ס׳גראָבט זיך אויס ביי אים אַ שווערער זיפץ: אויב קריכן אויפן באַרג, דאַרף ער בראָדזשען אין זשירעווע. צו סאָניען טאָר ער מער נישט קומען.

ער גיט זיך אונטער, שטעלט אַוועק שווער אַ טראָט: איך פאָר אַהיים.

טו

בערעלע איז אַהיים נישט אַוועקגעפאָרן. ער האָט אָבער אויפגעה־הערט קומען צו די מיטינגען, קאָנפערענצן, ער זאָל נישט זען ווי די „היים״ וואַלגערט זיך ביי די רעדנער אין די רייד, אונטער די קרבנות, וואָס זיי ווילן ראַטעווען, ער האָט אויפגעהערט פירן וויכוחים מיט די לאַנדסלייט, באַקאַנטע און האָט זיך איינגעגרונטעוועט אין זיינע אייגענע טראַכטונגען. ער האָט געטראָגן אין זיינע רעיונות די היים, מיט די רייד, מיט די תנועות, אָט אַזוי ווי די מאַמע האָט דערלאַנגט כיבוד אויף אַ טאַץ צום טיש, און ער האָט קיינעם נישט געלאָזן זיך אַריינמישן אין דעם.

אים האָט זיך אָבער געדוכט אַז ער איז נישט אַליין; ער רעדט יאָ מיט מענטשן.

אַז ביי אים אין צימער איז געווען שטיל און טונקל, אַז ער איז געלעגן אויפן בעטל, האַלב אין דרימל און האַלב אין וואַך, האָט די מאַמע ביי אים געפרעגט: בערעלע דו האָסט שוין געדאַוונט? פאַרוואָס זעצסטו

זיך נישט עסן ? דער טאַטע האָט עפּעס געבראַכט פון מדרש, ער זאָל וויסן ווי זיך צו פירן אין דער פרעמד, ער האָט אים פאַרהערט אין אַ סוגיא, איז מסביר געווען אַ שווערן תוספות.

בערעלע האָט זיך אויך צעקריגט און איבערגעבעטן מיט די שוועסטער און ברידער און האָט באַהאַלטן פון טאַטע־מאַמע זייערע סודות. אַז ער האָט זיך אָבער אויסגעליידיקט פון זיינע רעיונות, און די נעפּלדיקייט, וואָס האָט אים געפירט ווייטער ווי די פיס קענען טרעטן, האָט פּלוצלונג אַ שיין געטאָן מיט דער ליכטיקייט, וואָס אַ לאָמפּ צינדט אָן אין מיטן פון אַ חלום, האָט ער אַ ציטער געטאָן, ווי ער וואָלט געבליבן שטיין אין אַ פוסטקייט מיט פאַרבלענדטע אויגן. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער איז אין ניו־יאָרק און דאַרף גיין מאָרגן צו דער אַרבעט צו „הערי מ. בערמאַן אינק.", האָט ער אַ שמייכל געטאָן: אַהין וועט ער דעם וועג טרעפן... ער האָט זיך אָבער באַלד אָפּגערעכנט מיטן „ניסעלע": „יענע טריט וועט ער נישט אָפּמעקן" און בערעלען האָט זיך געדוכט, אַז אַזוי וועט ער גיין און קומען ביז ער וועט אָנזאַמלען געלט צו פאָרן זיך זען.

בערעלע האָט זיך נישט אַרומגעזען, ווי אַזוי עפּעס האָט זיך יאָ געענדערט אין זיין לעבן. ער איז איינמאָל אַריין אין אַ סאַלון. נישט זיך אָנצוטרינקען, נאָר זיי אויף צו להכעיס: זאָלן זיי האָבן נאָך עפּעס אויפצוּוואַרפן אים...

די נעפּלדיקע שטילקייט האָט זיך אָבער אַראָפּגעבויגן אויף אים מיט אַזאַ ווייכקייט, ווי אַ נאָענטע וואַרעמע האַנט וואָלט אים באַגעגנט מיט אַ גלעט, ער זאָל זיך באַרויִקן און אָפּרוען. ער האָט זיך פאַרקוקט אויף די עטלעכע מענער, וואָס זענען געשטאַנען צעשיטערט לעבן באַר און האָבן זיך געוויגט אין דער שטילקייט ווי זיי וואָלטן זיך אָנגעהאַלטן אָן זייערע רעיונות, אַז ער האָט פאַרגעסן בעטן אַ געטראַנק. דער „באַר־טענדער" האָט זיך אָבער דערמאָנט אין אים, און האָט אים אָנגעגאָסן אַ גלאָז ביר. ער האָט צוגענומען ביי בערעלען דעם דאָלער, האָט אַוועק־געלייגט דעם אויסגאַב אויפן טיש און זיינע בליקן האָבן זיך אַראָפּגע־גליטשט פון בערעלען אין דער טונקלקייט.

— דאָ שיכורט מען נישט, נאָר מען טראַכט, האָט בערעלע געפונען

אַ שבת אויף אַמעריקע: קיינער זאָגט אים גאָרנישט, און קיינער פרעגט נישט ביי אים צי ער קען ענגליש...

ער האָט געקוקט אויף די נעפּלדיקע פּנימער און געוואָלט אַריינ־טייטשן עפּעס פון זיך אין זייערע בליקן: זענען פאַרנומען מיט זיך אַליין, יאָגן זיי זיך נישט איבער די גלאַטע אויסגעטראָטענע גאַסן... האָבן זיך אַוודאי אָפּגעשטעלט אונטערן בארג, אָפּכאַפּן דעם אָטעם...

בערעלען האָט זיך נישט געוואָלט אַוועקגייך פון סאַלון, האָט ער באַשטעלט נאָך אַ גלאָז ביר, ער האָט אויסגעטרונקען אַ גלעזל בראָנפן, אָן רייד, אָן באַצאָלט. נאָר עמעצער לייגט אַוועק דאָס געלט אויפן טיש, אַ האַנט בייגט זיך צו, קלייבט עס אָפּ, און לייגט צו...

און אַזוי קומט אויך אויף פון ערגעץ אַ וואָרט, אָטעמט זיך אַריין אין אַ מויל, און ס׳רעדט זיך אויס. בערעלע פאַרשטייט נישט וואָס מען זאָגט דאָ, און ער כאַפּט נישט, צי דאָס ריידן די מענטשן צווישן זיך, אָדער די רעיונות שאָטענען זיך אַראָפּ פון זייערע אויגן.

— אַזוי דאַרף מען ריידן, — נעמט צו בערעלע זיינע בליקן פון די מענטשן, און טוט זיי אַריין אין גלאָז ביר. אים דוכט זיך אַז ס׳זענען צוגעקומען מענטשן: איצטער איז דער עולם גרעסער ווי פריער. נאָר ער זעט זיי יאָ, און זעט זיי נישט, ווי ער וואָלט זיך צוזאַמען מיט זיי געטונקט פון וואָר אין חלום.

בערעלען איז זיך שווער אויסצוטאָן פון דעם חלום, וואָס ער טראָגט אין זיינע רעיונות; אַז ס׳זעצט זיך אָפּ אויף אים דער אומעט פון זיין אַליינקייט, באַווייזט ער זיך נישט צו זיינע באַקאַנטע, נאָר ער גייט אַריין אין אַ סאַלון. ער קומט, ווי אַן אייגענער, צווישן פרעמדע מענטשן, ער זאָל זיין צוזאַמען מיט נאָך מענטשן: טאַקע צוזאַמען, אָבער אַליין, אַזוי ווי אין שאַפּ מיט די אַרבעטער.

און אַז בערעלע פאַלט אַריין אין אַ סאַלון, ווו מען טומלט און מען שרייט, דער טומל מיטן געשריי שפּיזט דורך די פאַרוואָלקנטע טונקלקייט ווי די לאָמפּן וואָלטן זיך אָנגעצונדן אין דעם שיין פון די אויגן; אין אַזאַ סאַלון וועט בערעלע נישט טרינקען קיין געטראַנקען. ער נעמט בלויז אַ גלאָז ביר, טוט אַ זופּ, קוקט זיך איין אויף די מענטשן, און אים גייען נישט אַרויס פון זינען די אַרבעטער פון שאַפּ. אים ווילט זיך פירן אַ פאַרגלייך צווישן שאַפּ און סאַלון: ס׳דוכט זיך, אַז זיי אַרט גאָרנישט;

אַריינגעטאָן אין טרינקען ווי די אַרבעטער ביי דער מאַשין אין דער אַרבעט. ער וויסט גאָרנישט צי איינעם ציט איצטער צו דער פרוי, ווען ער שפּאַרט נאָך אַ גלעזל בראָנפן. זי גיט נאָך, בייגט זיך צו צו דעם מאַן, ווינטיקט זיך אָפּ פון אים, און קוקט זיך איין מיט די פאַרגלייזטע בליקן, ווי זי וואָלט געשטאַנען אין איר נאַקעטקייט. ס׳דוכט זיך אָבער, אַז זיי באַגערן גאָרנישט איינער פון דעם אַנדערן; זיי האָבן זיך בלויז אויפ־געהויבן העכער פון זייערע טריט, האָבן איבערגעלאָזן די „דזשאַבס“ מיט די הייזער און באָסעס אויף דער ערד, און וויגן זיך אין דער לופטן, אויף זייערע באַוועגונגען, תנועות, אין די פאַרנעפּלטע בליקן. זיי, וועלן די קאָזינס נישט לערנען דעם „טי“ מיטן „אייטש“. סאָניע וועט ביי זיי נישט מאָנען קיין נעמען פון שרייבער, און חייקעלע קריכער וועט זיך פאַר זיי נישט באַרימען מיט זיין פּושקאַרט אויף העסטער סטריט. און וואָס איז מיט די אַרבעטער אין שאָפּ? זאָלן זיי זיך נאָר אויפהייבן פון דער מאַשין און אויפהערן ציילן די שטעך פון די נאָטן, וועלן זיי זיך אפשר אויך ערגעץ פאַרוויגן אין זייער אומעט, אָט אַזוי ווי ער, בערעלע, וויל אים אויסטריפן אין דעם גלאָז ביר, זענען זיי אַנדערש?... נעמט אַרום בערעלען אַ פּאַרדרוס פאַרוואָס ער פרעמדט זיך אָפּ פון די אַרבעטער אין שאַפּ.

די אַרבעטער אין שאַפּ מישן זיך אויס אין בערעלעס אויגן, מיט די מענטשן פון סאַלון; ער זעט זיי אַלעמען צוזאַמען ביי דער מאַשין פון דער אַרבעט, און יעדערער באַזונדער באַווייזט זיך דאָ, ביי דעם טיש, איבער דעם גלאָז ביר, מיט דעם גלעזל אין האַנט. ער דערקענט זיי יאָ און דערקענט זיי נישט; איטלעכער פון זיי איז דאָ אַליין, ווי ער, און טונקט זיך אין אומעט, ווי ער.

און אַז בערעלע קומט אויף מאָרגן אינדערפרי צו דער אַרבעט, טראָגט ער פריער פון זיך אַ וואָרט פאַר די אַרבעטער. ער קוקט זיך אַריין טיפער אין זייער אויסזען, ער פאָרשט וואָס ס׳טוט זיך אין זייערע טראַכ־טונגען הינטער דער יאָגעניש פון דער אַרבעט, ווי ער וואָלט אין זיי דער־קענט די מענטשן וואָס ער האָט מיט אַ נאַכט, אַ טאָג, אַ וואָך פריער געזען אין סאלון ביי אַ גלאָז ביר. דערווייטערט זיך נישט בערעלע פון די אַרבעטער אין שאַפּ, וואָס זענען דאָ ביי דער אַרבעט אַלע צוזאַמען און יעדערער באַזונדער. אַז זיי קלייבן זיך צונויף צוזאַמען טרינקען אַ גלאָז ביר אין סאלון, שטייט נישט אָפּ בערעלע פון די אַרבעטער.

אין אָנהייב האָבן זיי זיך געחידושט:

— בערעלע!...

זיי האָבן געמאַכט אַ וויץ: בערעלע דו ווערסט נאָך פאַרשיכורן דיין נאָמען און בלייבן ביי „בעני״.

אַז זיי האָבן אָבער געזען, ווי בערעלע טרינקט אויס דעם בראָנפן און פאַרקרימט זיך ניט, טראָגט און טראָגט צו דאָס ביר צום מויל און דאָס גלאָז ליידיקט זיך נישט אויס, איז „בערעלע״ געוואָרן זיי אייגן ווי אַן איבערגעמאַכטער נאָמען. זיי אַליין זענען ביי זיך געוואָרן חשובער מיט דעם, וואָס בערעלע גייט צוזאַמען מיט זיי אין סאַלון און ווערט אויך אַריינגעצויגן אין די קארטן ווען זיי „מאַכן אַ גיים״ אין שאָפּ.

און בערעלע איז נאָכגעגאַנגען די אַרבעטער, געשפּילט אַמאָל מיט זיי אין קאָרטן, אַריינגעגנבעט אַ וואָרט אין זייערע רייד און האָט געענטפערט מיט אַ תנועה, אַ צעפּערטלטן שמייכל, אַזוי ווי ער האָט זיך פון צייט־צו־צייט אָפּגעשטעלט אין אַ סאלון, אָדער אויסגעטראָטן די ניו־יאָרקער גאַסן.

טז

אין שאָפּ האָט זיך אויך עפּעס געענדערט; איזי איז ערב־שבת אַוועק פון שאָפּ און איז מאָנטיק נישט געקומען צו דער אַרבעט. אַז ס׳איז אַוועק איין טאָג און נאָך אַ טאָג און איזי האָט זיך נישט באַוויזן, האָט מען זיך אָנגעהויבן דערמאָנען, אַז דעם ערב־שבת איז ער אַוועקגעגאַנגען פריער ווי אַלע מאָל; ער איז צוגעגאַנגען צו די בעל־מלאכות און האָט יעדערן באַזונדער געזאָגט „אַ גוטן שבת״, מיט אַזאַ אומעט, ווי ערב יום כיפור: מסתמא האָט ער שוין געוווּסט, אַז ער וועט מער נישט קומען צו דער אַרבעט... פאַרוואָס האָט ער נישט געזאָגט? מען וואָלט אים גע־געבן אַ מתנה; און אפשר, ח״ו?... איז באַפאַלן אַן אומרו: „אַן אַלטער מאַן״... מען האָט זיך אָבער באַרויקט: ער האָט טאַקע נישט געזאָגט, ווייל ער וויל נישט קיין מתנות, איז איזיס חשיבות געוואָרן גרעסער אין שאָפּ און ביי אַן אַרבעטער האָט אַ ציטער געטאָן אַ פאַרדרוס: מען האָט זיך נישט געטאָרט שאַפן מיט אים... ווי ער וואָלט גענומען אויף זיך, ער זאָל זיך בעסער אויפפירן מיט מענטשן.

בערעלע האָט זיך נישט געחידושט, וואָס ר׳ יצחק חיים איז פּלוצ־

לונג אַוועק פון שאַפּ. ער אַליין האָט אויך אַזוי געדאַרפט טאָן... זיין צער איז אָבער געווען טיפער, ווי ביי די אַרבעטער, אים, בערעלען, האָט ר׳ יצחק חיים יאָ געדאַרפט זאָגן; און אַז ער האָט נישט געזאָגט, מסתמא האָט עס בערעלע נישט פאַרדינט. ער דאַרף זיך אויך אַרומקוקן ווו האַלט ער אין דער וועלט...

אים האָט זיך געדוכט, אַז ער האָט שוין געקראָגן זיין שטראָף: ער ווייסט נישט ווו ר׳ יצחק חיים וווינט; אַזאַ זאַך האָט ער נישט געטאָרט פאַרזען; ווי פרעגט ער נישט? ער האָט טאַקע געמעגט אַמאָל קומען צו אים; פאַר זיינע אויגן זאָל נישט שטיין בלויז איזי דאָס שיק־יינגל מיטן קאָשעק; און ווו איז איצטער דער קאָשעק? ניין, ער האָט אים נישט גענומען אַהיים...

בערעלע האָט געוואָלט דערגיין, וואָס האָט ר׳ יצחק חיים געטאָן מיטן קאָשעק. האָט ער באַהאַלטענערהייט געזוכט דעם קאָשעק אין שאַפּ, און האָט זיך נאָכגעפרעגט אין די רעסטאָראַנען ווו איזי האָט איינגעקויפט דאָס עסנוואַרג; אומעטום האָט מען אים געענטפערט מיט אַ צעברעקלט וואָרט: וויפל איז ווערט אַזאַ קאָשעק? און באַהאַלטן אין אַ שמייכל: וויל איבערנעמען זיין דזשאַב... בערעלע האָט אָבער געזען אין קאָשעק דעם סוד פון ר׳ יצחק חיימס טראַכטונגען, און זיך געענטפערט: ס׳וואָלט גאָרנישט געשאַדט, ווען ער זאָל נעמען דעם קאָשעק אין האַנט און אָנטאָן אויף זיך די חרפּות, וואָס איזי האָט פאַרשטעלט פון ר׳ יצחק חיימען, וואָלט ער בערעלע, נישט געדאַרפט חרטה האָבן אויף אַ טראָט, וואָס ער שטעלט אַוועק, און קיינער וואָלט נישט געזען ווי ער קריכט אויפן מערעמינער באַרג, אַפילו דאָ, אין ניו־יאָרק.

בערעלע האָט נישט געפונען דעם קאָשעק, אַזוי ווי ער האָט נישט געקענט אָנטאָן אויף זיך ר׳ יצחק חיימס פּירונגען. דער סוד פון קאָשעק האָט אָבער געערגט זיינע טראַכטונגען, און ער האָט זיך געמאַכט זיינע השערות: ער האָט יאָ גענומען אַהיים; אַ חרפּה בייסט טיפער, ווי אַ שבח באַשיינט; היט ער אָפּ דעם קאָשעק, ווי דאָס היטל, וואָס ער האָט געבראַכט פון דער היים. ער האָט דאָך אין דעם קאָשעק געהאַלטן באַהאַלטן דעם ייד; ניין, נישט, ווערט בערעלע אין כעס: ר׳ יצחק חיים האָט צעברעקלט, צעפּיצלט דעם קאָשעק, צעשאָטן אויף אַלע ווינטן, ס׳זאָל נישט בלייבן קיין סימן פון איזין, נישט דאָ אין שאַפּ, און נישט ביי אים אין דער

היים, און קיינער זאָל דאָ אין שאָפּ נישט וויסן, ווו ער שטעלט אַוועק אַ טראָט. נישט ווי ר׳ איטשע מאיר, וואָס האָט איבערגעלאָזן זיין באַלע־באַטישקייט ביי דעם איידעמל אין די פּאַרריסענע וואָנסעס.

בערעלע זעט נישט, אַז די טראַכטונגען שפּאַרן אים, דאָ אין שאָפּ, אַ קוק צו טאָן אויף מר. בערמאַנען, זאָגן אים אַ וואָרט גלייך ווי ער וואָלט געוואָלט זיך אָפּרעכענען מיט אים פאַר ר׳ יצחק חיימען, פאַר ר׳ איטשע מאירן און פאַר די רייד, וואָס ער הערט פון די קאָזינס, באַקאַנטע און לאַנדסלייט...

מר. בערמאַנען איז אויך שווער אויסצומיידן בערעלען. אַז ער קומט אַריין אין שאָפּ, פאַרגעסט ער נישט אָפּצומאַכן ביי זיך, אַז ביי בערעלעס טיש וועט ער זיך נישט אָפּשטעלן.

ס׳גייט אַוועק אַ טאָג, צוויי טעג, אַמאָל אַ וואָך און מר. בערמאַן האַלט עס אויס. נאָר פּלוצלונג זעט ער זיך נישט אָרום, ווי ער שטייט לעבן בערעלעס טיש, גלייך ווי זיין פוס וואָלט זיך פאַרטשעפּעט, און ער כאַפּט זיך אָן אָן אַ וואָרט ער זאָל נישט אומפאַלן: ווו האַלטסטו מיט די קאָלנערס פון די נייע סטיילס? ער נעמט אַ קאָלנער אין האַנט און ווייסט נישט צו אים פאַרדריסט, פאַרוואָס ער האָט נישט געפונען קיין הסרון, נאָר דאָס גוטע וואָרט איז פאַרשטשימעט אין די ציין.

דער קאָלנער בולירט אָבער פאַר די אויגן: ס׳וועט אַוועקטראָגן די מאַנטלען אין די טויזנטער, גיסט זיך אַראָפּ ביי מר. בערמאַנען דער שמייכל פון די אויסגעשווירענע וואָנסעלעך:

— דו ווילסט טאַקע הייסן בערעלע?...

ציט זיך אויס בערעלע אין זיין גאַנצער הייך, גנבעט אַראָפּ דעם שמייכל פון מר. בערמאַנס וואָנסעלעך:

— ס׳איז נישט מיינס, דעם טאַטנס, דער מאַמענס, זייערס; דאַרף איך אָפּהיטן, און טאָר נישט ענדערן...

— און ווו איז דיינס?

— איך? מאַכט בערעלע דעם אָנשטעל ווי ער וואָלט זיך געוואָלט פאַרגלייכן מיט מר. בערמאַנען אין די אויפטואונגען, נאָר ער לאָזט אַראָפּ די רייד שטיל מיט הכנעה: איך האָב זיך אויסגעלערנט אַן אַרבעט, בערל חיים פון זשירעווע זאָל אין ניו־יאָרק, קענען פאַרדינען אויף זיין אויס־קומעניש ביי הערי מ. בערמאַן, אינק.

— די גאווה פון שעפּעטאָווקע, שנײדט זיך אַרײן מר. בערמאַנען אין פּנים דער שווער ר׳ איטשע מאיר. טראַכט ער: ווען ער קען איצטער אָננעמען בערעלען פאַרן קאַרק און אַרויסוואַרפן אים פון שאַפּ, אָט אַזוי ווי ער איז פּטור געוואָרן פון די בראָנזווילער הייזקעס, וואָלט ספּרינג סטריט נישט געקומען אים צו חלום. נאָר זײנע הענט ליגן באַהאַלטן אין די קעשענעס; זײ ווילן קוים דערלאַנגען בערעלעס אַקסלען.

און בערעלע שטייט פאַר מר. בערמאַנען, ווי דער הויכער אַקטיאָר וואָס האָט זיך נעכטן פּלוצלונג באַוויזן ביי זיין טיש מיט דזשינען. וויל ער זיך אָפּרעכענען מיט ביידן און זאָגן בערעלען: „און פאַרטרינקען מיט די בעלי־מלאכות אין סאַלון״.

מר. בערמאַן ווייסט, אַז בערעלע איז נישט קיין שיכור; ער מאַכט זיך בכיוון פאַר אַ נאַר, זיינס אַ וואָרט זאָל זיך אַרויסשניידן פון קלוג־שאַפט. ער לאָזט זיך נישט דערקענען צו אים, און רייצט זיך בלויז מיט אַ שפּיץ אות פון די רייד, וואָס ער האָט גערעדט צו דעם „אָלד מען״ דער איידעם זאָל זען, אַז ער בערעלע האַלט פון ר׳ איטשע מאירן מערער ווי פון מר. בערמאַנען, און ער זאָל געדענקען, אַז די גרויסע פירמע „הערי מ. בערמאַן אינק.״ וואָלט גאָרנישט אויפגעטאָן, ווען ס׳וואָלט נישט געווען קיין „איי מ. ראַבינאָוויטש ענד סאָנס״. וויל מר. בערמאַן אָפּמעקן אַלע רייד וואָס ער האָט גערעדט צו בערעלען, ווי מען וואַרפט אַרויס אַ שלעכטן צאָלער, אַ גנב, אַן אָנזעצער, פון די קונדן. שניידט ער אָפּ דעם לעצטן חשבון: דאָ איז יעדערער אַן אַרבעטער ווי אַלע אַרבעטער, און די קאָלנערס טאָרן נישט שלאָפן אויפן טיש...

בערעלע פאַלט אָבער נישט אַראָפּ ביי זיך: ער לאָזט דעם „ראָלער״ ליגן אויפן טיש, ער רירט זיך נישט צו צו די קאָלנערס, און וויל זאָגן: „אַז ס׳שלאָפט דער שכל, איז דער קאָלנער וואַך״. ער וועט אָבער אַזוי שאַרף נישט ענטפערן דעם „ניסעלע״, מר. בערמאַן זאָל נישט מיינען, אַז בערעלע וויל זיך פאַרהערן מיט אים. לאָזט ער אַראָפּ דעם קאָפּ, נעמט שווער דעם ראָלער אין האַנט און זיפצט אַרויס: די קאָלנערס זענען, נעבעך, פאַרמאַטערט פון די גרויסע געשעפטן, שלאָפן זיי איין...

מר. בערמאַן האַלט וואָרט מיט זיך אַליין: נישט ער ענטפערט בע־רעלען, און נישט ער קוקט אויף אים. ער מאַכט דעם אָנשטעל אַז ער דאַרף נישט הערן, און האָט נישט געהערט וואָס בערעלע האָט געזאָגט.

בערעלען דוכט זיך, אַז מר. בערמאַן גייט נישט אַוועק פון טיש, נאָר גליטשט זיך אַרויס פון זיינע רייד, ער זאָל נישט איבערלאָזן קיין סימן פון די טריט, וואָס זענען דאָ געשטאַנען לעבן אים.

— אָט אַזוי לעקן זיי זיך אַרום מיט די אייגענע ליגנס... קוקט נאָך בערעלע ווי מר. בערמאַן וויגט זיך איבערן שאַפּ, גלייך ווי ער וואָלט זיך געטונקט אין זיין ווילטאָג: זיי קריכן דורך אַ שפּאַרונקע;... הייבן זיך אויף פון מיסט... שטעלן זיך אַוועק, גלייכן זיך אויס און שפּאַרן זיך ווייטער... און אַז דו כאַפּסט זיי אָן, דערזעסטו פּלוצלונג, אַז זיי שטייען שוין אויף יענער זייט פּלויט... ער מוז אָבער כאַפּן דעם ניסעלע, גאָרנישט זאָגן, גאָרנישט טאָן, נישט ריידן, נאָר קוקן אויף זיינע אַרומגעשווירענע וואָנסעלעך ער זאָל דערזען דעם שווער פון שעפּעטאָווקע. פּאַלט איין בערעלען, אַז ער דאַרף אָפּהיטן, ווען מר. בערמאַן זעצט זיך אַמאָל צו צום טיש שפּילן מיט די אַרבעטער אין קאָרטן, און אויך נעמען אַ קאָרט: זאָל ער אויך אָפּגעווינען ביי ר' איטשע מאירן די גראָשנס, וואָס זיינען געבליבן ביי דעם שווער פון דער צעבראָכענער שילד „איי עם ראַבינאָ־וויטש ענד סאָנס".

יז

ס'איז אַוועק אַ טאָג, ס'איז פאַרגאַנגען אַ וואָך, מר. בערמאַן האָט זיך נישט באַוויזן צו בערעלעס טיש.

בערעלע איז געגאַנגען מיט די אַרבעטער אין סאלון אויסטרינקען אַ גלאָז ביר. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט מיט זיי שפּילן קאָרטן, ווען ס'איז נישט געווען קיין אַרבעט אין שאַפּ אויף אַ גאַנצן טאָג. מר. בערמאַן איז צו די קאָרטן אויך נישט צוגעקומען.

— מסתמא, דערפאַר וואָס ער זיצט ביים טיש, ווערט דער באַלעבאָס נישט נעמען קיין האַנט, האָט בערעלע געטראַכט און האָט שוין געוואָלט אויפהערן שפּילן קאָרטן אין שאַפּ.

ס'איז אָבער געקומען אומגעריכט, און גראָד דעמאָלט, ווען בערעלע האָט שוין נישט דערוואַרט, אַז מר. בערמאַן זאָל צוקומען צום טיש שפּילן קאָרטן.

ס'איז געווען אַ טאָג, ווען די אַרבעט האָט זיך געענדיקט גלייך

נאָך מיטאָג; מען האָט נישט געוואָלט גיין אַהיים און מען האָט נישט געלאָזט בערעלען אַוועקגיין פון שאָפּ.

מען האָט אים אַריינגענומען צום טיש מיט אַ שפּאַס:

— בערעלע, דו ווילסט גלייך די טויז?

און בערעלע האָט געענטפערט מיט אַ ווערטל: אַז ס׳וועט זיין גרעסער פון אַן אימפּעריאַל...

מען האָט אָנגעהויבן טיילן די קאָרטן מיט אַ געלעכטער, מיט אַ שטאָך:

— נאָך אַלץ מיט די גרינע רייד...

— דאָ שפּילט מען אין קאָרטן, נישט אין קוויטלעך...

דאָס שפּילן האָט זיך פאַרצויגן לענגער ווי מען האָט זיך גערעכט. דער אָסיענדיקער טאָג האָט שוין אַראָפּגעבויגן די פאַרנאַכטיקע שאָטנס אויף די הענט וואָס האָבן געציטערט איבער די קאָרטן. די שפּילער ציילן אָבער נישט די שעהן, רעכענען נישט די צייט, נאָר זענען אַריינגעטאָן אין די געווינסן און פאַרלוסטן. זיי האַלטן אַראָפּגעבויגן די קעפּ, שפּיצן אָן די בליקן, שניידן דורך די טונקלקייט און וואַרטן אויף דער קאָרט, וואָס וועט זיך אויפדעקן אין „אָפּענעם פאַרקער״. קומט די קאָרט וואָס מען האָט געזוכט, אָדער ס׳פאַלט פּלוצלונג אַראָפּ אַזאַ קאָרט אויף וועלכער מען האָט זיך גאָרנישט גערעכט, נאָר זי מאַכט שטאַרקער די האַנט, הייבן אָן די צאָלן, די געשטאַלטן פון די קאָרטן, שיינען ליכטיקער פון די אויגן און מען הייבט אָן ציטערן איבערן געלט וואָס קלייבט זיך אויפן טיש. מען היט די מטבעות, וואָס די שווערע הענט טראָגן צו און מען ציילט באַהאַלטענערהייט דעם אויסגאָב וואָס אַן אויסגעטיילטער פינגער שאַרט אָפּ.

אַז די קאָרט קומט אָבער נישט, אַלע אויסרעכענונגען האַלטן נישט אויס און דאָס זיבעלע האָט זיך נישט באַוויזן, פאַרקערט, ס׳פאַלן בלויז גרויסע קאָרטן: מלכים, טייז, נישט צום פּאָר און נישט צום מאַסטך, גלייך ווי עמעצער וואָלט זיי אָנגעשיקט אויף צו להכעיס צו רייצן זיך מיט דעם פאַרשפּילער, מיט זיין מזל — דעמאָלט וועבט זיך די טונקלקייט געדיכטער איבערן טיש, די קאָרטן לייגן זיך אויס איבעריקע, אַזוי איבע־ריק ווי די האַנט וואָס ליגט אַ מידע אויפן טיש. דער קאָפּ בייגט זיך אַראָפּ

שווערער און דער בליק זינקט אין דער פיצטערניש, וואָס דער פאַר־שפּילער ציט אַרויף אויפן טיש פון די פאַרבאַרגענע ווינקלען אין שאַפּ.

דאָס שפּילן לאָזט אָבער נישט אויס דעם פאַרשפּילער, אָט אַזוי ווי ער, דער פאַרלירער פאַרגינט נישט דעם געווינער, שרייט דער טיש:

— בערעלע, דו שלאָפסט, צי דו שפּילסט?

— דו האָסט דאָך געוואָלט גיין אַהיים?

— ווער האָט געווונען? פרעגט מען איבער, וואָס מען ווייסט אַליין, וואָס מען זעט מיט די אויגן, און מען פירט אַ צולהכעיס מיטן מזל, די קנאה זאָל בייסן די אייגענע רייד, און ס׳זאָל שטשיפּען די הענט וואָס שאַרן צו צו זיך דאָס געלט פון טיש.

ווער האָט געווונען? שטיינערן די בליקן אויפן געלט, וואָס הור־בעט זיך לעבן בערעלען: דו האָסט נישט געקענט צעברעכן אַ פוס, אָט טאַקע דאָ אויפן טיש, אונטער די נאַרישע צווייטעלעך? דו האָסט דאָך נישט געוואָלט שפּילן, פאַרוואָס האָסטו נישט איבערגעלאָזן דעם פינגער אין צעמענט?!...

— אַזאַ מזל! אַזאַ טריפענער גליק!

— אונטערגעלייגטע קאָרטן... נעמט זיי אַרויס פון אַרבל!...

— אַז ס׳קומט אַ גרויסער קאָן, ווער נעמט צו דאָס געלט? — בערעלע!...

און אָט הייבט אָן דער טיש שפּרינגען פון אויפרעגונג, דער כעס פאַרבלענדט דאָס ליכט פון שיין, די קאָרטן ליגן צעוואָרפן איבערן טיש, און קיין האַנט פרווט נישט אויפקלייבן זיי.

— איר הערט, האָט געשפּילט אויף אַ מידל סטרייט — אַ צווישן — כסדר.

— ווי אַזוי טוט דאָס בערעלע?! ווילן די קאָרטן עפּעס פאַרריכטן, אויסבעסערן, און הייבן זיך אָן ווידער וואַרפן אויף די אָנגעשפּיצטע בליקן פון די שפּילער.

די פינגער קלייבן אָפּ די מטבעות פון דעם געלט, ווי מען ציט אַרויס אַ סטראָם פון אונטערן נאָגל און קוקן אויס אויפן מזל, וואָס באַ־האַלט זיך אַמאָל אונטערן פיסל פון שטול. מען דערמאָנט זיך אויף אַ בליק, וואָס שיינט אַמאָל אַראָפּ פון דער זון אין אַ רגע פון אַ גוט־מאָרגן, מען שטעלט איבער דעם שטול, מען וויל זיך בייטן מיט די ערטער,

מען זוכט דאָס מזל און מען וואַרט נישט ביז בערעלע וועט קריגן די העכסטע קאָרט.

מען שרייט: נו בערעלע, וויפל שטעלסטו איין? בלינד? האַלט נישט קיין פרעמד געלט, ס'וועט אָפּבייסן די צונג!

מען וויל אָפּשפּיליען בערעלעס געלאַסנקייט, אַריינברענגען אים אין כעס, ער זאָל שפּילן שטאַרקער, אפשר וועט ער איינרייסן מיטן מזל, און אָנהייבן פאַרלירן.

די שפּיל איז שוין געהעכערט געוואָרן פון אַ ניקל — צען סענט אויף אַ פּערטעלע; בערעלע שטעלט איין „בלינד" אַ האַלבן דאָלער; אַ קאָן טרייבט אַריין אין זיבן אַכט דאָלער, נאָר ער זיצט איינגעצאַמט אין זיין רויקייט, און פרעגט פויל, ווי ער וואָלט נאָכגערעדט די רייד, וואָס דער טיש הייסט אים זאָגן: וויפל?...

אים אַליין אַרן נישט, נישט די געווינסן און נישט די פאַרלוסטן; ער טראַכט וועגן דעם איידעמל — דאָס קליינע ניסעלע. ער קוקט זיך איין אויף די בליקן פון די שפּילער, וואָס ציטערן אויפן טיש אַרום מזל, ווי די שאָטנס פון אַ פייער, צאַפּלען זיך ביינאַכט אויפן ווינט, און ער וויל זיי אויסבייטן אויף מר. בערמאַנס אויסגעשווירענע וואָנסעלעך, נאָר דער באַלעבאָס באַווייזט זיך נישט.

די קאָרטן האָבן שוין איינגעשלונגען דעם פאַרנאַכט, גראָבן טיפער דעם אָוונט און וואַקסן העכער אין דער נאַכט אויף בערעלעס געווינסן.

די פאַרלירער גיבן זיך אָבער נישט אונטער: ס'קען אַזוי נישט זיין, אַ גאַנצע נאַכט אין איין האַנט, ס'מוז זיך איבערדרייען... מען פאַרגעסט אַז מען דאַרף גיין אַהיים צום ווייב מיט די קינדער, און מען טרייבט דאָס שפּילן שטאַרקער, ווי מען שפּאַרט זיך איין, פאַרמאַטערטע, אויסגעהונגערטע, אָפּצושטעפּן דעם לעצטן נאָט פון אַ „לאָט" (פּאַק) אַרבעט.

בערעלע האָט זיך אָנגעהויבן שעמען מיט די געווינסן; ער איילט זיך נישט צו צונעמען דאָס געלט, וואָס ער געווינט אין קאָן; ער לאָזט עס אַנדערע צושאַרן צו אים, און אים אַרט נישט, אַז אַ האַנט לאַטכנט צו אַ מטבעה ביי אים. ער פאַרהערט ווי עמעצער זאָגט: „איך פּעל"... און ער רעכנט נישט די חובות וואָס מען בלייבט אים שולדיק.

ער קען אָבער נישט אָפּטאָן די געווינסן פון זיך און ער קען נישט פאַרשטיין פאַרוואָס האָט זיך דאָס מזל אָנגעזעצט אויף אים, ער זאָל האַלטן

אין איין געווינען. אים דוכט זיך אַז ער אַליין שפּילט גאָרנישט אין קיין קאָרטן, נאָר אַ פאַרבאָרגענע האַנט, האָט אים אָנגעטאָן אויף אַ דראָט, ער זאָל אַרומטאַנצן איבערן טיש אין אַ גראָשנדיק היטעלע, און אויס־פּיקן די געווינסן פון די קאָרטן. דאָס קליין מענטשעלע מאַכט חוזק פון אים מיטן מזל, וואָס האָט רייך געמאַכט זיין פעטער, וואָס טראָגט אַוועק די נייע פאַסאָנען איבער די קראָמען, און בלישטשעט ביי דעם „ניסעלע" אין די אַרומגעשוירענע וואָנסעס.

וואַרפט בערעלע אַוועק די קאָרטן, שאַרט אָפּ דאָס געלט פון זיך, און טוט זיך אַ הייב פון שטול: ניין, איך וויל נישט!...

ביים טיש ווערט אַ טומל, אַ געשריי; די שפּילער שטעלן זיך אויף; זיי לאָזן נישט בערעלען אויסריידן אַז ער וויל נישט דאָס געלט, און וויל נישט שפּילן. ס'מאָלן זיך די קולות:

— צוגענומען דאָס געלט!

— אָנגעשטאָפּט די קעשענעס!

— באַהאַלטן אין די שיך!

מען דינגט זיך און מען בעט זיך: נאָך אַ האַלבע שעה; 5 גאַנגען; 15 מינוט! יעדער זאָל טיילן איין מאָל...

אַ פאַרלירער וויל אויפשוימען דאָס שפּילן, כאַפּט ער זיך טיילן:

— ווער שטעלט איין בלינד? איך — אַ האַלבן דאָלער, די לעצטע קאָרט אַ דאָלער...

אַ פרעמדע האַנט קלייבט אויף בערעלעס געלט, לייגט עס אַוועק לעבן אים, און רוקט זיך אַוועק נעבעכדיק צו די אייגענע קאָרטן.

בערעלען שרעקט זיין געווינס; ער נעמט צו זיינע בליקן פון דעם געלט, און פּרוּווט קוקן אויף די שפּילער, נאָר אים דוכט זיך, אַז ער דערקענט זיי נישט. די פּנימער האָבן זיך אויסגעטאָן פון דער פאַרצויגע־נער הויט און שפּאַרן אַרויס די באַגערן נאַקעט און שאַרף, ווי די סוקעס שפּיצן זיך פון אַן אַרומגעהאַקטן בוים.

לאָזט ער זיך אַראָפּ אין זיינע טראַכטונגען, נאָר ער קען זיך צו קיין זאַך נישט דערטראַכטן; ער קען זיך אויף קיין זאַך נישט דער־מאָנען; אים ווילט זיך בלויז שנעלן מיטן מינדעסטן פינגערל דאָס קליינע מענטשעלע אין זיין היטעלע, עס זאָל אַראָפּפאַלן אויפן טיש. נאָר דער טיש גיט אַכטונג אויף בערעלען; ער האַלט אים אין איין דערמאָנען:

— בערעלע, דו האָסט צופיל איינגעשטעלט!
— נעם אויסגאַב!
— ניין, ס'איז נישט דיין ערשט...

יח

דער טומל פון די קאָרטן שלאָגט זיך אָפּ ביי מר. בערמאַנען אין אָפּיס, און בערעלעס נאָמען קייקלט זיך אין די קולות ביי אים אויפן שרייב־טיש.

— זאָל ער זיין דער איינציקער געווינער? טוט מר. בערמאַן אַ קוק אויף זיין זייגער: ער האָט נאָך אַ שעה מיט 57 מינוט.

די מינוטן רירן זיך נישט פון דער צייט; זיי ליגן פאַרשלאָפן, אַזוי אָטעם ווי די אָפּגעטועטע אַרבעט פון טאָג זעצט זיך אָפּ טונקל און פאַר־מאַטערט אויף די פּאַפּירן און רעכענונגען.

ער נעמט אַרויס נאָך אַמאָל דעם זייגער: קיין דריי מינוט זענען נישט אַוועק, און ער קען נישט קומען איידער איר אַקט אין דער וואָדע־וויל פאָרשטעלונג ענדיקט זיך נישט. זי וויל נישט ער זאָל אַריין אין טעאַטער, און אַרויסגיין צוזאַמען מיט איר.

מר. בערמאַן וויל זיך נישט דערטראַכטן, אַז זי וויל זיך נישט באַ־ווייזן מיט אים פאַר די אַקטיאָרן, ווייל ער איז נידעריקער פון איר. גיט ער נאָך דזשינען, אַזוי ווי ער שטייט אויס אירע אַנדערע קאַפּריזן. ער וואַרט זי אָפּ אין לאָבי פון אַ האָטעל, באַגעגנט זי אין אַ רעסטאָראַן, און פאַרגיט איר נאָכן מאָלצייט, ווען זי זאָגט אים ווייך:

— אַ שאָד; מיר טוט וויי דער קאָפּ; דער אַקט האָט זיך נישט איינגעגעבן, דער זיפער האָט זיך פאַרהאַקט, — און מיט אַן אָנשטעל פון רחמנות דערמאָנט זי אים אין אַ טעקסי.

אַז מר. בערמאַן בלייבט אַליין אין דרויסן, און אין די אויערן הילכט אָפּ דער שליסל, וואָס עפנט די טיר פון דזשינס אַפּאַרטאַמענט, קען ער נישט פאַרשווייגן איר, און זוכט אַ שאַרף וואָרט נאָכצוזאָגן איר.

ער שטעלט אַוועק אַ האַסטיקן טראָט, ס'זאָל אָפּהילכן דזשינען שטאַרקער פון איר שליסל, זי זאָל וויסן, אַז ער האָט אויך פאַרשלאָסן די טיר.

אָבער שנעלער פון זיין גאַנג קומט אים אַנטקעגן דער אומעט פון

דער היים: זי וועט אַריינרופן די דינסט, ער זאָל זען, אַז פּאַר אים איז געגרייט דאָס הויז; וועט זיך מסתמא דערשרעקן, און באַהאַלטן דעם פּאָטערס אַ פּאַפּירל, וואָס זי האָט אָפּגעזוכט; און זי מיינט, אַז זי אַליין דאַרף גאָרנישט באַהאַלטן און גאָרנישט צוגרייטן...

פאַרלאַנגזאַמט מר. בערמאַן די טריט, קערט אָפּ דעם קאָפּ, צי דזשין קוקט נישט אַרויס דורכן פענצטער און טראַכט: „אַ געליבטע איז נישט קיין ווייב"... און אַז דזשין רופט אים אָפּ אויף מאָרגן, און גלעט איר קול מיט חרטה. איך האָב זיך באַנאַרישט... פאַרגעסן, האָב געמישט דעם געטראַנק... נישט דיין שולד... קום אין צייט... וועל וואַרטן, און וואַרטן... טראַכט מר. בערמאַן: דעריבער צאַפּלען זיך די טריט ווען דו גייסט צו איר...

און איצטער אַז מר. בערמאַן איז געזעסן ביי זיך אין אָפּיס און געציילט די מינוטן פון דער שעה, צונויפגערעכנט, אַראָפּגענומען און צוגעגעבן. האָט ער אויף פאַרשידענע אופנים אויך געפּרוּווט פאַרענטפערן דזשין, ער אַליין זאָל נישט אַראָפּפאַלן ביי זיך, פאַרוואָס ער פאַרגעסט אירע שאַרפע רייד: זי האָט געקענט זיין אַ שוישפּילערין אין אַ טעאָטער־פאָרשטעלונג, ווען זי איז נישט פול מיט קאַפּריזן און האַלט נישט וואַך דעם שטאָלץ פון אַ פרוי אַפילו דעמאָלט, ווען זי לאָזט זיך אַ קוש טאָן. מעג ער אויך ליידן פון אירע קאַפּריזן; און וואָס מאַכט אינטערעסאַנט אַ פרוי, חוץ איר שיינעם פנים? דערמאָנט זיך מר. בערמאַן אויף די מאָטיוו וואָס ער האָט געזען, די ליבע־געשיכטעס וואָס ער האָט געלייענט אין די צייטונגען. ער זעט ווי מענער לאָזן זיך דערנידעריקן פון אַ פרוי, פאַרגעבן דער געליבטער און בעטן זיך איבער.

— וואָס טוט מען נישט אָפּ צוליב ליבע? טוט מר. בערמאַן אַ קוק אויפן זייגער און ער ווערט ביי זיך שטאָלץ: ער איז איינער פון יענע מענער... ער דאַרף באַלד באַגעגענען דזשין.

ס'איז אָבער נאָך אַ שעה מיט 31 מינוט, און ער קען אַזוי לאַנג נישט וואַרטן אין לאָבי. ער קען אָבער דאָ אין אָפּיס אויך נישט איבער־טראָגן, וואָס בערעלעס נאָמען טוט זיך נישט אָפּ פון טיש.

— זאָל ער די גאַנצע צייט געווינען?! זעט מר. בערמאַן בערעלעס געשטאַלט אין זיין גאַנצער הייך, ווי ער שטייט ביים טיש און טוט בכיוון

אָן דעם נאָר אויף זיין נאָז. ס'טוט אַ ציטער פאַר זיינע אויגן דער הויכער אַקטיאָר: ער קען זיך נאָך פּלוצלונג באַווייזן ביים טיש...

— די גאַנצע צייט זאָל ער געווינען!... גלייבט זיך פאָרט נישט מר. בערמאַנען, אַזוי ווי מען וויל פאַרזען אַ שלעכטע אויסרעכענונג.

— ער וועט אַרויסגיין זען, טוט מר. בערמאַן אַ קוק אויפן זייגער: וועט די צייט שנעלער אַוועקגיין.

## יט

מר. בערמאַן האָט זיך אָפּגעשטעלט אַביסל ווייטער פון טיש, ווי ער וואָלט בלויז פאַרבייגעגאַנגען דאָס אָרט, אויפגעהויבן דעם בליק העכער פון די שפּילער, און פון ווייטן אָפּגעשאַצט די גאַנגען פון געווינער און פאַרשפּילער.

— קאַליקעס! האָט זיך ביי מר. בערמאַנען געשפּאַרט: נישט זיין מזל, נאָר זייער שרעק, קענען נישט...

ער וועט זיך אָבער נישט אַריינמישן אין דעם שפּילן, און ער וועט זיך נישט זעצן מיט בערעלען ביים טיש. האָט ער אַ שמייכל געטאָן און האָט געוואָלט אַוועקגיין. נאָר אָט האָט איין אַרבעטער נישט געענט־פערט מיט אַ קוואָדער אויף דער לעצטער קאָרט, און בערעלע האָט צוגע־נומען אַ הויפן געלט פון טיש. האָט זיך מר. בערמאַן אַ ריס געטאָן פון זיינע טריט אַרויפגעלייגט די האַנט אויף די קאָרטן און האָט אַ געשריי געטאָן, ווי ער באַפעלט עפּעס אין שאַפּ:

— גיסט אַוועק אייגן געלט, גוט געלט אומזיסט, דערפאַר גע־ווינט ער!

אויפן טיש האָט זיך שווערער אָפּגעזעצט די דערשלאָגנקייט פון די פאַרשפּילער און אַלעמענס בליקן האָבן זיך אַ קער געטאָן צו מר. בערמאַנען, ווי זיי וואָלטן געוואָלט אַראָפּציען אַ שיין פון זיין ליכטיקייט אויף זייער מזל. נאָר קיינער האָט נישט געוואַגט פרעגן צי דער באַלעבאָס וועט „נעמען אַ האַנט". מען האָט בלויז געמאַכט אָרט פאַר נאָך אַ שטול לעבן טיש; עמעצער האָט אויסגעבעטן ביי זיך אַליין: — זעצט זיך אַוועק... און אַן אַנדערע האַנט האָט ציטעריק דערלאַנגט אַ קאָרט מר. בערמאַנען.

מר. בערמאַן האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן ברעג שטול, אַביסל

אָפּגערוקט פון טיש, מיטן שפּיץ פינגער אָנגערירט די צוגעדעקטע קאָרט, און איינגעשטעלט, ווי ער וואָלט געשפּילט פאַר עמעצן אַנדערש.

ס'איז אַריבער איין גאַנג, נאָך אַ גאַנג; מר. בערמאַן האָט איינגעשטעלט, קליין, קלענער פון די אַרבעטער; ער האָט זיך נישט געאיילט צונעמען דאָס געווינס, געלאָזט ליגן דאָס געלט אויפן טיש, אַביסל ווייטער פון זיך. ער האָט זיך געשפּילט מיט די מטבעות, ווי ער וואָלט געזעסן איבער אַ חשבון, און פאַרגעסן אַז ער דאַרף מאַכן דעם רעכענונג, נאָר געפירט די פען איבער פאַסיקלעך, קייקעלעך, צאַצקעלעך...

נאָר פּלוצלונג האָט זיך מר. בערמאַן געכאַפּט, אַז ער בלייבט בלויז מיט בערעלען אין גאַנג און די איבעריקע שפּילער זיצן, זייטיקע, איינגעראַמט אין זייער פאַרלוירנקייט, ווי זיי וואָלטן זיך בלויז אָפּגעשפּיגלט אויפן טיש, און רירן זיך נישט פון אָרט, ווען דער באַלעבאָס פאַרמעסט זיך מיט בערעלען אין אַ קאָן.

— ווידער בערעלע! טוט אַ ציטער מר. בערמאַן: אַז ער קומט אַריין אין שאַפּ, דערזעט ער אים, דעם ערשטן, און אין די קאָרטן בלייבט ער מיט אים, דער לעצטער, אין גאַנג.

נאָר בערעלע זיצט רויק. טוט נישט קיין צוק מיט קיין תנועה, רעדט שטיל און מאַכט זיך, אַז ער זעט נישט דעם באַלעבאָס. ער קוקט גאָר אויף די אַנדערע שפּילער, און וואַרפט דאָס געלט, ברייט, מיט דער פולער האַנט, זיי זאָלן געווינען. אַז ער דאַרף אָבער ענטפערן מר. בערמאַנען אויף אַ גרויסער קאָרט פאַרציט ער די רייד מיט אַ שמייכל: איך וועל באַצאָלן, אָט אַזוי ווי ער זאָגט אין שאַפּ: איך וויל בעסער הייסן בערל חיים...

מר. בערמאַן ווייסט אַז דאָס איז בלויז אַן אָנשטעל: ר' איטשע מאיר האָט זיך אויך נישט געוואָרפן מיט קיין געלט...

טרייבט ער דאָס שפּילן הויך, העכער פון בערעלעס געווינסן און וואַרט, ער זאָל אַרויספאַלן איין מאָל און נאָך אַמאָל פון גאַנג, דעמאָלט וועט ער זיך אויפהייבן פון טיש, און וועט איבערלאָזן די געווינסן פאַר די אַרבעטער, זאָל בערעלע אויך צונעמען פון טיש זיין פאַרלוירן געלט.

בערעלע שטייט אָבער נישט אָפּ פון שפּילן. אַז מר. בערמאַן העכערט אויף אַ קאָרט, פּלוצלונג, ווי ער וואָלט זיך ערשט געכאַפּט, אַז ער האָט אַ באַהאַלטענע פאָר, און שפּילט זיך מיט די מטבעות:

— דאָס געלט וועט סיי ווי בלייבן אויפן טיש... ציילט אויס

בערעלע זיין געלט, ווי ער וואָלט געזשאַלעוועט יעדן סענט, נאָר ענטפערן, ענטפערט ער שאַרף: און איך וועל אין קעשענע נישט אַריינלייגן.

— נו, נו, פאַרבייסט מר. בערמאַן די ליפּן.

— וויפל? ווערט בערעלע רויקער.

— אַ האַלבן דאָלער!

— זאָל זיין אַ האַלבער דאָלער, פוילט זיך בערעלע נעמען דאָס געלט אין האַנט, און שאַרט צו די מטבעות מיט די פינגער.

— ניין אַ דאָלער! פאַרכאַפּט זיך שנעל מיט אימפּעט, מר. בער־מאַן מען זאָל נישט מיינען, אַז ער האָט חרטה.

— זאָל זיין אַ דאָלער, שלעפּערט בערעלע איין זיין קול און לאָזט אַראָפּ זיין בליק אויף מר. בערמאַנס אַרומגעשוירענע וואָנסעס. נאָר פּלוצ־לונג באַווייזט זיך ביי אים אַ שמייכל: ניט מערער?!

— פרעמד געלט, וואָס אַרט דאָס אים, קען שוין מר. בערמאַן מער נישט איבערטראָגן בערעלעס רויקייט.

— און ווער האָט עס אייגן געלט? שניידט זיך אויס בערעלעס שמייכל שאַרפער פון מר. בערמאַנס בליק.

אין געלט וועט זיך מר. בערמאַן נישט אויסרעכענען, און נישט פאַרגלייכן מיט בערעלען, אָבער זיין ברייטקייט פון שפּילן, וויל ער יאָ פאַרמינערן. טוט ער אַ שמייכל:

— טאָ וויַיז שוין דיינע צוויי טייז.

— ניין, ביי מיר ליגט בלויז אַן אָרעמע צווייטעלע, באַווייזט בע־רעלע אַלעמען אַז ער האָט געשפּילט אויף גאָרנישט און ער הייבט אָן צו שאַרן דאָס געלט צו מר. בערמאַן.

— איך ווייס אַליין ווי צוצונעמען מיין געלט.

— איר האָט אָבער איבערגעלאָזן אַ מטבעה, הייבט אויף בערעלע דעם קליינינקן בלישטשענדיקן דייאַם, וואָס איז געבליבן ליגן אויפן טיש, און טראָגט אים צו דעם באַלעבאָס אויף די שפּיץ פינגער: דאָס איז אויך אייערס...

— יאָ, ס'איז מיינס! הייבט זיך אויף מר. בערמאַן, שטעלט אַוועק אַ פוס אויפן שטול און שפּילט זיך מיטן דייאַם: ס'איז אויף מזל... מיטן שמייכל וויל מר. בערמאַן באַווייזן, אַז בערעלע קען אים גאָרנישט צוגעבן, און קיין זאַך נישט אָפּנעמען ביי אים. באַהאַלטענערהייט בייסט ער זיך

אָבער איין אין זיך: ער האָט זיך נישט געטאָרט אַוועקזעצן שפּילן, און ער ווייסט נישט, ווי אַזוי ער זאָל אַוועקגיין פון טיש, און זיין כבוד זאָל נישט געמינערט ווערן. לאָזט ער נישט אַרויס דעם דייאים פון האַנט, פּרוווט אים אַרויפלייגן אויפן שפּיץ פינגער, וואַרט ביז ער וועט אַראָפּ־פאַלן אויפן טיש און הייבט אָן אָפּשאַרן דאָס געלט פון זיך: וועלן אַלע האָבן מיט וואָס צו שפּילן.

די הענט רירן זיך נישט פון טיש, נאָר די בליקן שלינגען די מטבעות, און לאָזן פאַלן איינציקע ווערטער: מיר... ניין... בערעלע האָט נאָך נישט צוגענומען... מען וועט נאָך פאַרדינען ביים באַלעבאָס אויף איינשטעלן...

בערעלע קען נישט צוקוקן די הכנעה, וואָס די אַרבעטער ווייזן אַרויס דעם באַלעבאָס, רוקט ער צו צו זיין געלט נענטער צו זיך:

— ניין, איך נעם נאָר מיין געלט...

ענטפערט מר. בערמאַן בערעלען מיט די בליקן פון טיש, וואָס רירן זיך צו צו דעם געלט און וואַרפן עס אַוועק, ווי די זודיקייט שפּייט אויס אַ ביסן פון הונגער: — ניין, יענעמס געלט!

טוט בערעלע אַ קוק אויף מר. בערמאַן, ווי ער מעסט אָן אין שאַפּ דעם שווערס פאַרמעגן אויף דעם איידעמל:

— נו, און יענעמס געלט איז קיין געלט נישט...

— טאָ באַווייז וואָס דו קענסט אויפטאָן מיט יענעמס געלט! ציבדן זיך אָן מד. בערמאַנס אויסגעשוירענע וואָנסעלעך מיט זיין שנאה.

— שטעל איך איין בלינד! לייגט אַוועק בערעלע אַ פולן הויפן געלט אויפן טיש.

פאַרגעסט מר. בערמאַן זיינע אויסרעכענונגען, ווי אַזוי ער זאָל אַוועקגיין פון טיש, און יאָגט זיך אַריין אין שפּיל: ער וועט טרייבן, הויך, העכער, ביז ער וועט מוזן אַריינפאַלן...

פרעגן, פרעגט ער אָבער געלאַסן מיט אַ שמייכל: וויפל?

פאַנצערט זיך אַרום בערעלע מיט זיין רויקייט, און ציילט אויס דאָס געלט:

— איין דאָלער מיט 65 סענט.

— וועל איך דיר געבן 10 סענט ס׳זאָל זיין אַ דאָלער 75.

— און איך וועל אייך צוטראָגן אַ פערטעלע, ס׳זאָל זיין אַ גלייכער

חשבון, 2 דאָלער, היט אָפּ בערעלע ער זאָל יעדעס וואָרט אויסריידן קלאָר אויף יידיש.

— ער וועט דאָפּלען, פאַרדרייפאַכן... ציטערן מר. בערמאַנס בליקן אויף די קאָרטן מיטן בליאַסק פון אַ שאַרף.

די קאָרטן לייגן זיך אויפן טיש, לאַנגזאַם, באַדאַכט, ווי זיי וואָלטן געטראָגן אויף זיך דעם שווערן איינשטעל. יעדערער פון די שפּילער נעמט צו זיין צוגעדעקטע קאָרט, ווי ער וואָלט דאָס געטאָן לפנים־וועגן, און איילט זיך נישט אַריינקוקן אין איר. די בליקן זענען אָנגע־שטרענגט אויף מר. בערמאַנען און בערעלען, און זיי וואַרטן וואָס פאַר אַ קאָרטן ס׳וועלן זיך אויפדעקן ביי זיי. און אָט האָט מר. בערמאַן אויסגע־רופן איבערן גאַנצן טיש, נאָר דאָס קול איז געפאַלן בלויז אויף בערעלעס קאָרט: אַ קעניג! און איז געוואָרן רויקער: און ביי מיר אַ זיבעלע, ווי ער וואָלט זיך געקליבן אַרויספאַלן פון דעם גאַנג. ער באַטראַכט זיך אַ רגע, און פרעגט ווייך, ווי ער וואָלט געוואָלט עפּעס פאַרהיטן: נאָך אַלץ בלינד?

שאַרט אָפּ בערעלע דעם באַלעבאָס גוטסקייט: דאָס געלט ליגט אויפן טיש...

— אויב דו ווילסט קענען מיר נישט שפּילן, קלייבט זיך מר. בערמאַן אויפדעקן די קאָרט, מען זאָל זען אַז ער לאָזט אַרויס בערעלען מיט אַ פּאָר זיבעטלעך.

— ניין, דאָס געלט רעדט אַליין.

דער טיש מאַכט דעם רעכענונג: צוויי דאָלער, ביי דער לעצטער קאָרט קען מען דאָפּלען — 4 דאָלער, אַ העכערונג — 8 דאָלער, קען אַריינטרייבן אין 16 דאָלער און אַלע זענען אַריינגעטאָן אין דעם גאַנג, ווי געסט זענען זיך מתעסק מיטן כיבוד, וואָס אַ באַלעבאָס שטעלט אַרויס אויף אַ שמחה.

— האָט נישט אַ פּאָר קעניגן, וויל מר. בערמאַן אויספּרובירן, און נעמט אַרויס אַ פּופּציק דאָלערדיקע אַסיגנאַציע פון קעשענע: וועל איך העכערן אויף 4 דאָלער.

בערעלען איז קלאָר: אַ פּאָר זיבעטלעך, ביי אים ליגט אַ צוויי־טעלע — אַ שלעכטע קאָרט... און ער זאָגט זיך אונטער, אָט אַזוי ווי די מאַמע פלעגט אַמאָל עפּעס אָפּבעטן ביי אים: ער דאַרף נישט שפּילן, ער

זאָל נישט פאַרשעמט ווערן אין דער חרפּה, וואָס דאָס איידעמל טוט אָן דעם שווער. נאָר אויפן טיש שפּאַרן זיך אַרויס פון די שפּילערס די איזיס, די סעמיס, די העריס, וואָס קרימען איבער בערעלעס נאָמען אויף בעני, בען און פרעגן:

— נו, וואָס זאָגסטו איצטער?

דאָס ניסעלע וואַקסט אויס מיט שטאָלץ פון „הערי מ. בערמאַן אינק." און דערמאָנט בערעלען, אַז די קאָלנערס מעגן שלאָפן אויפן טיש. ביי די קאָרטן דאַרף מען אָבער זיין וואַך. און דאָס צווייטעלע ליגט ביי בערעלען אונטערן קעניג, אַן איינגעדאַרטע, אַ פאַרלאָזענע, קוים וואָס זי זשיפּעט אונטער דער צוגעדעקטער קאָרט און שטאַרקט זיך אָנצוהאַלטן דאָס חיות, ביז ס'וועט צוקומען נאָך אַ קאָרט. אַזוי איז בערעלען אויך שווער צו האַלטן זיך אין דעם קאָן; ער וויל איבערלאָזן דעם איינשטעל און פאַרמאַכן די קאָרטן.

מר. בערמאַן ווארט נישט ביז בערעלע וועט ענטפערן, און הייבט אָן שווער, פאַמעלעך אָפּרוקן בערעלעס געלט פון איינשטעל.

פאַר בערעלען שווינדלען מר. בערמאַנס בליקן, וואָס האָבן געקוקט אויף אים מיט ר' יצחק חיימען, ווען זיי האָבן זיך באַגעגנט ביי זיין אומקערן זיך צוריק צו דער אַרבעט. אַרט אים נישט פאַר זיך, נאָר ער וועט נישט לאָזן פאַרשעמען ר' יצחק חיימען, וויל ער זיך נישט אונטער־געבן, און קלייבט אָפּ נאָך געלט איינצושטעלן. ער פאַררייסט דעם קאָפּ, באַקוקט די שפּילער, שטעלט אָפּ זיין בליק אויף מר. בערמאַנס אַרומ־געשווירענע וואָנסעלעך; און ער וויל אַליין העכערן, נאָר ביי אים ברעקלט זיך אָפּ שטיל:

— איך ענטפער...

— דו באַצאָלסט?...

— יאָ, איך באַצאָל.

— אפשר האָט ער אַ פּאָר קעניגן, צינדן זיך אָן ביי מר. בער־מאַנען די אויגן מיט אַ פייערל, וואָס שאַרפט זיך ווייטער פון זיין בליק, און ער טוט אַ ציטער, ווי עפּעס וואָלט געמינערט געוואָרן פון זיין ווירדע. נאָר פלוצלונג, אומגעריכט, פאַלט ביי מר. בערמאַנען אַ קעניג און ביי בערעלען אַ צווייטעלע. זיינע קורצע פיסעלעך טוען אַ טאַנץ אונטערן טיש: ער האָט נישט אָנגעהויבן שפּילן אויף אַ צווייטעלע און די מעג־

לעכקייטן פון אַ פּאָר קעניגן ווערן ביי אים אויך קלענער. ער רעדט אָבער שטיל און ווייך, מען זאָל זען, אַז ער וויל נישט אַריינגאַרן זיין בעל־מלאכה אין דעם קאָן:

— נו איצטער בין איך העכער, ביי מיר איז אַ קעניג מיט אַ זיבעלע און ביי דיר מיט אַ צווייטעלע, וועל איך געבן — הייבט ער אָן אויסציילן די דאָלערס, נאָר ער פאַרכאַפּט זיך: מיינע פּופּציק דאָלער ליגן דאָך נאָך!... און טוט אַ שמייכל: בערעלע וועט געבן אויסגאָב...

וויל בערעלע אויסטאָן דעם באַלעבאָס פון דער אָנגעקליידטער איידלקייט, און אַוועקשטעלן זיין גאווה און פאַלשקייט נאַקעט, פּאַר אַלעמען אין די אויגן. די אויסרעכענונג פון די קאָרטן שפּאַרט זיך אָבער אין די אויגן: ער האָט אַ פּאָר קעניגן אָדער זיבעטלעך, און ביי אים ליגן בלויז צווייטעלעך, ציט ער אויס שווער און געליימט די האַנט און רוקט צו דאָס געלט: וועט איר צונעמען דאָס געלט...

פאַרשטייט מר. בערמאַן, אַז בערעלע האָט אַפילו נישט קיין פּאָר צווייטעלעך. פאַלט ביי אים אַראָפּ דער אימפּעט, און עס דערוועקט זיך ביי אים א רחמנות אויף דעם געווינער, וואָס וויל נעבעך, נישט פאַרלירן זיין געווינס. ער וואַרט שוין נישט אויף די קאָרטן וואָס דאַרפן קומען, און טוט אַ קוק אויפן זייגער ער זאָל נישט פאַרשפּעטיקן די באַגעגעניש מיט דזשין.

נאָר פּלוצלונג ביי דער לעצטער קאָרט, ווען מר. בערמאַן האָט זיך שוין געהאַלטן ביים אויפהייבן פון שטול און געוואָלט איבערלאָזן זיין געלט אויפן טיש, האָט אַ ציטער געטאָן דער טיש: — אַ פּאָר קעניגן! און דעם טיילערס האַנט האָט אַ רגע פאַרהאַלטן די קאָרטן. יאָ, „אַ פּאָר קעניגן", האָט מר. בערמאַן אַ קוק געטאָן גלייכגילטיק אויף זיינע קאָרטן און געוואָלט זיי אָפּרוקן, ער זאָל געווינען דעם קאָן מיט זיין אויסרעכענונג פון די פּאָר זיבעטלעך, מיט געוואַגטקייט, און נישט מיט דער גרויסער קאָרט פון 2 פּאָר, וואָס קען קומען צו יעדן שפּילער.

— אַ פּאָר צווייטלעך! האָבן זיך די צייכנס, די געשטאַלטן אָנגע־הויבן צאַפּלען אין די בליקן פון די שפּילער.

— דריי צווייטעלעך, האָבן ביי בערעלען דורכגעבליצט זיינע קאָרטן אין שפּיגל פון אַ חלף, נאָר ער איז געבליבן זיצן רויק און געוואַרט וואָס די גרעסערע פּאָר וועט רופן.

מר. בערמאַן האָט איצטער געוואָלט באַווייזן, אַז ער איז נישט להוט נאָך קיין געלט, ער האָט אָבער אויך נישט געוואָלט, מען זאָל מיינען, אַז ער שרעקט זיך פאַר דריי צווייטעלעך: ער האָט נישט אָנגע־הויבן שפּילן אויף אַ צווייטעלע... מאַכט ער אַ שפּאַס: איך דאַרף מער קיין געלט נישט האָבן...

— פריער דאַרף מען באָטן, אָדער פּאַסן, און דערנאָך צונעמען דאָס געלט, שניידט אויס בערעלע די רייד מיט ר' איטשע מאירס קול:

— איצטער האָט ער די דעה...

— וויפל קען איך געבן? פאַרציט מר. בערמאַן זיין בליק אויף די שפּילער, זיי זאָלן מאַכן דעם רעכענונג. מישט זיך אַריין דער טיש; פיר דאָלער, און העכערן אויף 8 דאָלער. נאָר ביי מר. בערמאַנען וועפּט זיך אויס דער שפּאַס: „דריי צווייטעלעך"... באַווייזט ער זיין גוטסקייט: איך וויל נישט מער קיין געלט: „צוויי פּאָר", און דעקט אויף די קאָרטן.

גיט נאָך בערעלע ווייך און שטיל: איך גיב אייך נישט קיין געלט, און הייבט אָן אויפדעקן לאַנגזאַם די אונטערשטע קאָרט.

אויפן טיש ליגן זיך אויס דריי צווייטעלעך רויק געלאָסן, ווי זיי וואָלטן זיך פאַרענטפערט פאַר דעם טומל וואָס זיי האָבן געמאַכט ביי די שפּילער. — האָט אָנגעהויבן שפּילן אויף אַ צווייטעלע! שרייט אויס מר. בערמאַן.

בערעלע קוקט אויף דעם דייאַם ווי ער וואָלט געטייטלט אויפן מזל, וואָס מר. בערמאַן האָט נישט אַרויסגעלאָזן פון די פינגער: יאָ, אַ צווייטעלע, אַ קליינינקע, א פּיטשיניאָנטשינקע און ער שטאַרקט זיך, ער זאָל נישט דערמאָנען: ווי איזיס דראָבנע טריט... און דאָס צווייטעלע רוט נישט אויפן טיש; ס'שפּרינגט, ס'טאַנצט, און רייצט זיך מיט אירע שפּיצן ביי בערעלען אויפן קאָפּ. ס'יאָגט נאָך מר. בערמאַנען אין אָפּיס, אין פּאָר, אין דרייען, אין פירן, און הילכט אָפּ איבערן שאָפּ מיט גע־לעכטער, ווי דער שאָטן פון אינטריגאַנט, שפּיצט אָן די בליקן אין אַ מואווי, ווי דער אַקטיאָר באַווייזט זיך ביי דזשינס טיש: פריער האָבן זיי אים פאַרשעמט מיטן פאַרלירן, און איצטער באַרימען זיי זיך מיטן געווינען.

## כ

ביי מר. בערמאַנען אין אָפיס ברענט דאָס ליכט טונקל, און ער מאַכט נישט ליכטיקער דאָס פייער; ער וויל זיך בלויז דערמאָנען צי ער האָט אויסגעדרייט דעם אויבערשטן לאָמפּ, איידער ער איז אַרויס פון אָפיס, אָדער ער איז פריער אויך געזעסן אין דעם טונקעלן ליכט. ווען אין אָפיס וואָלט געווען ליכטיק, וואָלט ער נישט געזעסן ליידיק; ער וואָלט עפּעס געטאָן — קיין אַרבעט פעלט נישט — געווען פאַרנומען, און ער וואָלט יעדער מינוט נישט געקוקט אויפן זייגער — ווערט מר. בערמאַן אין כעס אויף זיך: ער האָט זיך נישט געטאָרט אָפּשטעלן ביים טיש, וויבאַלד בערעלע איז דאָרטן געזעסן; ער האָט דאָך אָפּגעמאַכט ביי זיך, ער זאָל מער צו אים נישט ריידן, צו זיין טיש נישט צוגיין. און דאָ זעצט ער זיך אַוועק שפּילן קאָרטן; און מיט וועמען? מיט בערעלען, מיט שעפּע־טאָווקע. ער קריכט אַליין אַריין אין די פּאַפּירעלעך, וואָס וואַלגערן זיך פון ספּרינג סטריט, שפּאַרן זיך אַרויס די צווייטעלעך פון טאַש קאָרטן, ווי בערעלעס רייד שניידן זיך אַרויס פון זיין מאַכן זיך נאַריש. זיי לייגן זיך אויס איינציקווייז, באַהאַלטן זיך אויפן טיש, און באַווייזן זיך אין בערעלעס בליקן:

— ער האָט נישט געטאָרט, נישט געדאַרפט; אַ מענטש דאַרף איבערטראַכטן, אויסרעכענען, זיך אָפּהיטן, מאָנט ביי זיך מר. בערמאַן, און שטעלט זיך איין פאַר זיך אַליין: ווער ווייסט, ווער ס'שטייט הינטער דיר; דו קוקסט אַפריער, און יענער קריכט פון הינטן, ווי אַן אומגליק; דו גייסט אַרויס אין גאַס און ס'פאָרט אָן אויף דיר אַן אויטאָמאָביל, ס'פאַלט אַראָפּ אַ ציגל פון דאַך. און ווער גייט אַריין צו דזשין אין אַפּאַר־טאַמענט, נאָכדעם ווי זי שיקט אים אַוועק? שניידט זיך איין דער קלאַנג פון שליסל אין דעם ציטער פון די צווייטעלעך און שפּאַרט אַרויס פון רעסטאָראַן די באַגעגעניש: זי וואַרט, ער קען נאָך אָניאָגן און קומען אין צייט. ניין, זי איז שוין אַוועק... ניין, זי וועט וואַרטן... נישט אויף אים, נאָר דער אַקטיאָר זאָל זיך באַווייזן... מר. בערמאַן וויל אויסרעכענען צי ער קען נאָך קומען אין צייט, נאָר אויפן זייגער קוקט ער נישט, און לייגט אויס פאַר די אויגן זיינע רעיונות: פון וואַנען ווייסט דער אַקטיאָר אין וועלכן רעסטאָראַן זיי טרעפן זיך; ניין, דער קאָפּ האָט איר נישט

ווייַ געטאָן; ס׳איז געווען אַן אָנשטעל... צו באַהאַלטן זיך, ווי דאָס צוויי־טעלע אונטער דער טויז; ס׳איז גאָרנישט, אַ צווייטעלע, און האָט אים פאַרשעמט, אַזוי באַדאַנקט אים דער אַקטיאָר און גייט אַוועק... ער בלייבט טאַקע זיצן ביים טיש, נאָר... עס טראָגט זיך איבער דער אומעט פון אָפּיס אין רעסטאָראַן; פון רעסטאָראַן ציט ער זיך אין שאַפּ און שפּרייט זיך אויס אויף די קאָרטן, וואָס ליגן צעוואָרפן אויפן טיש.

מר. בערמאַן טוט אַ קוק אויפן זייגער: „פאַרשפּעטיקט, אַזוי שפּעט... ער וויל אָפּבייסן אַ פּאָר שעה פון דער נאַכט, ער זאָל קומען אין צייט. אים ווערט אָבער גרינגער וואָס דזשין איז שוין לאַנג אַוועקגע־גאַנגען, און ער טוט נאָך אַמאָל אַ קוק אויפן זייגער, ווי ער וואָלט איבער־געקומען אַ ווייטיק.

איילט ער זיך נישט און קלייבט צונויף די קאָרטן; ער לייגט זיי אויף אין טאַש, גלעט זיי אויס. וואָס זאָל ער אָבער טאָן מיט די קאָרטן? ער וועט זיי אויפן טיש נישט לאָזן ליגן און נישט אַריינלייגן אין קעשענע... צערייסט ער איין קאָרט, נאָך אַ קאָרט ווי ער וואָלט עפּעס אויסגעפּרו־בירט און ער זעט זיך נישט אַרום ווי ער עסט זיך איין אין די קאָרטן; ער רייסט, צעברעקלט, צעפּיצלט קאָרט נאָך קאָרט, ס׳זאָל נישט בלייבן קיין סימן פון דער באַגעגעניש מיט דזשינען, דער אַקטיאָר זאָל זיך נישט באַווייזן צו אים, און ער זאָל נישט צוגיין צו בערעלעס טיש.

און פון דער טונקלקייט אין שאַפּ, ציט זיך שווער די פאַרשפּע־טיקטקייט; ס׳טונקט זיך אין דער שטילקייט, ווי ס׳דרעמלען איזיס טריט. אַזוי ציט זיך אויך מר. בערמאַנס ווייב פון צימער צו צימער אין זיין גרויסן צעשפּרייטן הויז. זי ווענדט זיך פון קינד צו קינד; זי קוקט פון איינעם אויף דעם אַנדערן, פאַרריכט די צעקאָפּנס, און נעמט נישט צו די אויגן פון טיר. זי פאַרשליסט נישט דעם שלאָס, און מר. בערמאַן וועט איר זאָגן דעם אמת, אַז ער איז זיך פאַרזעסן אין שאַפּ, ער איז ערגעץ אַנדערש נישט געווען...

ער טוט אַ קוק אויפן זייגער: שפּעט, פאַרשפּעטיקט; ס׳איז בעסער אַמאָל צו פאַרשפּעטיקן, איידער קומען אין צייט.

ער גייט אַהיים פּאַמעלעך: ער יאָגט זיך נישט, און אים דוכט זיך, אַז פריער פון אים לייגן זיך אויס איזיס טריט, וואָס היטן אָפּ די וועלט קיין בייז זאָל נישט געטאָן ווערן.

## כא

דאָס געווינס פון דעם גרויסן קאָן איז געבליבן ליגן אויפן טיש, ווי איבערגעבליבן עסן פון אַ פרעמדער סעודה. בערעלע האָט זיך דער ערשטער אויפגעהויבן פון טיש, ער זאָל נישט זען וואָס ס׳וועט ווערן מיטן געלט.

ביי דער טיר האָבן אָבער די אַרבעטער נישט פאַרגעסן דערמאָנען אים, אַז ער האָט נישט צוגענומען זיין חלק, און האָבן אַריינגעביסן אין געלעכטער: ער האָט זיך געגנוג אָנגענומען! אַזאַ מזל!...

בערעלע האָט געוואָלט עפּעס ענטפערן, זאָגן, אַז ער וויל נישט קריגן באַצאָלט פאַר אָפּרעכענען זיך מיטן איידעמל, נאָר די אַרבעטער האָבן זיך אָפּגעשיידט פון אים און אַלע צוזאַמען האָבן זיך אַרויסגעקנוילט פון דער טיר. ער איז געבליבן שטיין איינער אַליין מיטן אָפּקלאַנג פון זייער קול: „בערעלעס מזל".

— און וואָס איז זיין מזל? ווייסט נישט בערעלע וואָס ער פרעגט ביי זיך, און ריכט זיך נישט, אַז עמעצער זאָל אים ענטפערן. בייסט ער זיך אַריין אין זיך: ער האָט אויסגעפירט, האָט געקוקט אויף מר. בער־מאַנען, אויף זיין באַלעבאָס, דערמאָנט אים דעם שווער, און דאָס ניסעלע האָט זיך נישט געקענט אַרויסגליטשן פון זיינע בליקן, און אים נעמט גאָר אַרום אַ רחמנות אויפן איידעמל: ער יאָגט זיך פון טיש, פון זיין געלט, פון די געשעפטן, מיט די פאַרקאַטשעטע אַרבל, אַ דערשראָקענער, אַ קליינינקער, קלענער ווי ער איז, ווי ער וואָלט געשפּרונגען איבער צע־בראָכענע גלעזער, וואָס די שיכורים האָבן איבערגעלאָזן. און ער אַליין, דער געווינער? וויל זיך בערעלע פאַנאַנדערלאַכן: ער שטייט אויף בראָד־וועי לעבן שאַפּ, וווּ ער האָלט דעם ראָלער, בייגט אָפּ די קאָלנערס, פאַר־ברענגט אַ גאַנצן טאָג, נאָר איצטער מיט זיינע געווינסן ווייסט ער נישט ווו אַוועקצושטעלן אַ טראָט...

די ביינאַכטיקע גאַס זעצט זיך אָפּ אין אַ טאָל פאַר בערעלעס אויגן, ציט זיך ווייט, זינקט אַראָפּ אין דער שטילקייט. די פינצטערקייט קריכט אויף דעם אייגענעם רוקן, הייבט זיך אויף אויף פליגלען פון נעפל, וואַקסט העכער און בייגט אַראָפּ די מויערן אין אירע שאָטנס.

שטעלט אַוועק בערעלע אַ טראָט אין דער פינצטערקייט. דער טראָט

ציט נאָך אַ טראָט נאָך זיך און בערעלען דוכט זיך, אַז ער וועט אַזוי גיין און גיין, און אַראָפּנידערן אין דער נאַכט. אים קומט אָבער אַנטקעגן דאָס געווינס: פולע קעשענעס מיט געלט, מיט מזל, דאָס מזל, וואָס סעמי, הערי, האָבן אים צוגעטראָגן מיטן פאַרקרימטן יידיש ריידן, מיט די מלחמה־קרבנות...

לאַכט זיך בערעלע פאַנאַנדער: ער וועט עס אַוועקגעבן אין די קאָ־לעקשאָנס, פאַר, פאַר... ער קען אָבער נישט דערמאָנען מלחמה קרבנות. בייסט ער אויס דעם געווינס פון די קעשענעס און וואַרפט דאָס געלט אַפּריער פון זיך, פון הינטן, רעכטס, לינקס: זאָלן זיך אַלע איינטיילן מיטן מזל, מיט די געשעפטן פון הערי מ. בערמאַן אינק. מיט דער קענטע־ניש פון דעם „טי" מיטן „אייטש", מיט סאָניעס שרייבערס און לעקטאָרס... ער בערעלע, הערט זיך איין אין דער שטילקייט פון דער נאַכט, אין דער פינצטערקייט פון גאַס, ווי אין דער ווייטקייט קלינגען אָפּ די מטבעות מיטן קלאַנג פון ליידיקע פלעשער, וואָס שיכורים לאָזן איבער. ער גייט און גייט און וואַרפט... גיין און וואַרפן... אַוועקוואַרפן... אַרויסוואַרפן... און פאַרפאַלן ווערן...

# די וועלט זוכט א קוימען

## א

די וואָך האָט זיך אָנגעהויבן ביי שלמה־שמואלן אין הויז ווי אַלע וואָך פון אַ גאַנץ יאָר. שלמה־שמואל האָט אָפּגעדאַווענט זונטיק אין־דערפרי, ווי יעדן טאָג פון וואָך, און האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיטן עלנבויגן אויפן קאַמאָד. ער האָט זיך, ווי אַלע מאָל, איינגעקוקט אויף דעם פרי־מאָרגן וואָס האָט אויפגעהייטערט דעם טאָג פון דער טונקלקייט אין שטוב און ער האָט זיך געפּוילט צונויפלייגן דעם טלית און תפילין.

„ווי אַלע טאָג, ווי נעכטן, ווי פאַראַכטאָגן, פאַראַיאָרן", האָט שלמה־שמואל אויסגעצויגן זיין לאַנגע, שפּיציקע באָרד, אויסגעריסן אַ האָר, צוגעטראָגן צו די אויגן און באַטראַכט צי ס׳גרויט נישט: „וואָס איז דער חילוק פון נעכטן ביז היינט? היינט ביינאַכט וועט ער דאַווענען מעריב און מאָרגן אין דערפרי וועט ער ווידער פאַנאַנדערנעמען דעם טלית"...

ער האָט געוואָלט פאַרשטיין, צו וואָס איז דעם מענטשנס לעבן געגליכן, און האָט אַרויסגעלאָזט שטיל אַ ניגון, ווי ער וואָלט געלערנט פאַר זיך אַליין: „און אַז מען וועט פרעגן?".

ער טוט אַ זיפץ. ווייסט ער טאַקע נישט... אָט־אָ איז ער אויפגעשטאַנען אין דערפרי. אויף דער וועלט שטעלט זיך אַוועק אַ ליכטיקער, זומערדיקער טאָג. טראַכט ער איצט אַנדערש ווי נעכטן ביינאַכט, ווען ס׳איז אין שטוב געווען פינצטער און אים האָט קיין שלאָף נישט גענומען? און אַז ער וועט איצט, פאַרן אָנבייסן, איידער ער נעמט דאָס טרוקענע שטיקל ברויט אין מויל אַריין, פאַררויכערן אַ פּאַפּיראָס, וועט דאָס ווייב מאַכן אַן אַנדער רעכענונג ווי נעכטן אייערנעכטן? זי וועט ווידער אויס־חשבונען וויפל ס׳קאָסט אַ פּעקל טיטון און וויפל ס׳גיט אויס איר מאַן, דער שלומיאל, אַ וואָך, אַ חודש אויף רויכערן.

שלמה־שמואל וויל פאַרטרייבן פון זיך די רעיונות, וועגן זיין אייגן לעבן, וועגן זיינע טעכטער, וואָס שטייען שוין אין שידוכים, וועגן זיין ווייב, וואָס שפּאַרט אַרויס דעם כעס אויפן שפּיץ וואָרט און טראָגט

דעם רחמנות אַ פריער פון די קאָשעקעס. ער וויל פאַרדרייען אַ פאַפּיראָס אַזוי פאַרזיכטיק, קיין מאָן טיטון זאָל זיך נישט אויסשיטן פון פעקל, און פאַררויכערן אַזוי טיף, דער רויך זאָל איינקנוילן די באָרד און פאַרציען מיט די שיטערע האָר זיין פנים. קיינער זאָל אים נישט זען און ער זאָל אויף קיינעם נישט קוקן. וועט זי זיך אויך נישט אַרומקוקן אויף אים — ציט שלמה־שמואל אָן אויף זיך אַ שרעק, ער זאָל זיך קענען רייצן מיט זיין מורא — אָדער...

נאָר איידער שלמה־שמואל באַווייזט אויסצומוסרן זיך אַליין, אַז אַ ייד מיט אַ לאַנגער, געלער באָרד, וואָס שפּאַנט שוין אַריבער די מיטעלע יאָרן, דאַרף אין דערפרי נאָכן דאַוונען נישט פאַרנעמען דעם קאָפּ מיט אַזעלכע נאַרישקייטן, לייגט שוין גנענדל אויס זיינע רעיונות אין אירע רייד, ווי זי ציילט אויס דעם ריווח וואָס האָט נישט געסטאַיעט אויף שבת:

„דו האָסט אָפּגעדאַוונט; וואָס טוט ביי לייטן אַ מאַן, אַז ער דאַוונט אָפּ? אַז אָך־און־וויי צו מיינע יאָרן, אַז איך דאַרף דיר דערציילן וואָס עס טוט אַ טאַטע פון אַ שטוב מיט טעכטער, אָן איין זכר, שיין, קיין עין־הרע נישט, ווי דער טאָג, ליכטיק ווי די זון. אַז גאָט זאָל נאָר צושיקן דעם ריכטיקן זיווג, קען מען זיי אַלע אין איין טאָג שטעלן אונטער דער חופּה. וואָס טוט אַ טאַטע פון זיבן טעכטער? און דאָ שטייט ער ווי אַ פּלאָקן פון אַ צעוואָר־פענער סוכה"...

שלמה־שמואל חזרט שטיל איבער, פאַרבאָרגן אין זיך: „וואָס טוט אַ טאַטע פון זיבן טעכטער?" ווי אַ שטראָף פאַר זינד, און וויל ווייטער ציען דעם ווייבס רייד. זאָל גנענדל זען, אַז ער פאַרענטפערט זיך נישט, נאָר פאַרקערט, ער מאַכט גאָר האַרבער זיין פסק. „וואָס זאָל ער זאָגן?" ציט ער אויס די באָרד אויף דער קאָמיזעלקע, דרייט אַרום די האָר אַרום דעם פינגער; דרייט, דרייט, ביז ער דערפילט אַ ווייטיק אונטער די ליפּן.

גנענדל טוט אַ קוק אויף איר מאַן, ווי ער וואָלט זיך נאָר־וואָס באַוויזן פאַר אירע אויגן: „שטייט הויך און דאַר לעבן קאָמאָד". טוט זי אַ ציטער: „קיין מאָן לייב נעמט ער נישט אָן אויף זיך, הויט און ביינער, וועט זיך נאָך איבערברעכן". וועפּט זיך אויס דער כעס; זי וויל אים זאָגן אַ גוט וואָרט; „וואַש זיך, נעם עפּעס אין מויל, וואָס גאָט האָט געגעבן וועט מען עסן"... איר מערכה שיילט זיך אָבער אויס פון אירע רייד:

„איך גיי אַרום מיטן קאָשעק איבער די הייזער, שלעפּ זיך אַרום

איבער די דערפער נאָך אַ הון, זוך ביי א גויע אַן איי, ס'זאָל נישט פעלן אויף אַ פּאָר שיך, איך אַליין", וויל זי אויפהייבן איר ברייטן שווערן פאַרטוך, וואָס דעקט צו איר אַלט, אָפּגעטראָגן קלייד, „אויף זיך אַליין זשאַלעווע איך אַ פאָדעם פון נאָדל"...

דאָס אָנטועכץ לייגט זיך אָפּ שווער אויף גנענדלען, ווי עס זעצן זיך אָפּ אויף איר אויסגעמאַטערטן גוף די רייד, וואָס זי רעדט איין די באַלעבאָסטעס זיי זאָלן באַשטעלן ביי איר אַ קאַטשקע אויף יום־טוב, פיש אויף שבת.

איר קול רופט זיך אָפּ דאָ אין שטוב מיט די קללות, וואָס לאָזן נישט אַרויסכאַפּן קיין לייזונג פון זייערע געשטעלן אויפן מאַרק.

גנענדל זעט ווי די מאַרק־זיצערינס שפּאַרן זיך איינע אויף די אַנדערע, קלאַמערן זיך אין פּאָלעס, שפּאַרן די אויגן אין פרעמדע הענט און בייסן איין א גראָשן לייזונג, נאָר איר מאַן, שלמה־שמואל — דער שלומיאל שטייט זיך לעבן קאָמאָד און פוילט זיך אַפילו צונויפלייגן דעם טלית. זידט ווידער אויף איר כעס: „מען שטייט נישט אויפן מאַרק מיטן שטע־קעלע אין האַנט און מען פאַררייסט נישט די אויגן צום הימל. מען לאָזט אַראָפּ אַביסל פון דעם אייגענעם כבוד און מען בויגט איין דעם קאָפּ. מען לייגט צו אַן אויער צו אַ סוחר און מען הערט וואָס די פּערעקופּניקעס ריידן. פאַלט עפּעס צו, בלייבט עפּעס איבער, און מען קומט נישט אַהיים מיט דער לאַנגער, אויסגעקעמטער באָרד אויף דער קאַמיזעלקע און דעם פאַרריסענעם שטעקעלע אין האַנט. אָ, דאָס שיינע שטעקעלע".

וואָס וועט זי אָבער אויספירן? לאָזט זי אַראָפּ דאָס קול: „נו, זאָג אַליין, שלומיאַל, וואָס וועט זיין דער תכלית?" און זי נעמט זיך אויס־לייגן די קאָשעקעס — איר ביסל חיונה.

שלמה־שמואל וואָלט געוואָלט, אַז גנענדל זאָל אים רופן מיטן נאָמען וואָס ער וועט דאַרפן ענטפערן דעם מלאך הדומה. ער קען זיך אָבער נישט איינשטעלן פאַר זיין נאָמען, אפשר איז זי טאַקע גערעכט. איז ער איצטער דער זעלבער שלמה־שמואל, וואָס איז געזעסן נאָך דער חתונה אין בית־המדרש און געלערנט, און דער שווער האָט געפירט פון קרעטשמע די פליישן, די קאַרטאָפל, די גרויפּן, וואָס האָבן געסטאַיעט נישט בלויז פאַר אים אַליין, נאָר פאַר נאָך אַ פּאָר מנינים באַנק־קווע־טשערס? דעמאָלט האָט ער געהייסן ר' שלמה־שמואל און נח דעם קרעטש־

מער האָט מען גערופן שלמה־שמואלס שווער. אַז מען האָט אָבער צוגענומען ביי יידן בראָנפן און דער שווער איז נעבעך געוואָרן נח דער אביון, איז פון זיין איידעם ר׳ שלמה־שמואל געבליבן — שלוֹמיאל.

„טאַקע שלומיאל, נישטאָ מער שלמה־שמואל״, עפנט אויף שלמה־שמואל טיף די אויגן און וויל אַ קוק טאָן אויף שלומיאלן. נאָר ער פוילט זיך אָפּצוקערן דעם בליק אין שפיגל.

זוכט ער זיין שאָטן אין דער ליכטיקייט, וואָס די פענצטער זיפּן אויס אויפן פרימאָרגן פון שטוב און אים דוכט זיך, אַז ער טאַפּט אָן זיינע תנועות: „אַ הויכער, אַ דאַרער, געוואַקסן מיט אַ קאָפּ העכער פון אַלע קינדער אין הויז. דאָס פנים לאַנג אויסגעצויגן, די נאָז שפּאַרט זיך העכער פון די באַקן, די אויגן — איינגעגראָבן אונטער די ברעמען און באַהאַלטן זיך אויס פון אַ מענטשן. אַז ער באַווייזט זיך אויפן מאַרק, לאַכט דער המון: האָט זיך שוין אַוועקגעשטעלט אויף זיינע קלעצער...״

בעט זיך שלומיאל ביי שלמה־שמואלן: „זעט אַזוי אויס אַ מענטש?״... און שלמה־שמואל פאַרענטפערט שלומיאלן פאַר זיין וויב:

„וויאַזוי קען ער זיך אַראָפּבויגן צו אַ פויער אין וואָגן און אַ טאַפּ טאָן אַ פערטעלע תבואה, אַז זיין קאָפּ שפּאַרט זיך העכער פון די פאַרריסענע אָגלאָבליעס — און די באָרד פאַרפּלאָנטערט זיך אין די זעק?״...

גנענדל מעסט אָבער איר צונויפגעסטשימעטע שטוב, לאָזט נישט אַרויס פון זינען די טעכטער, וואָס שפּאַרן די יאָרן איינע אויף די אַנדערע, ווי אַרבעס קריכט אויף אַ טיטשקע אין גאָרטן, און זי נעמט נישט אַראָפּ די אויגן פון שלומיאלס שטעקן, וואָס שטייט אין ווינקל לעבן אויוון:

„אַ באָרד, אַ לאַנגע באָרד, גלעט די באָרד, היט אָפּ די באָרד מערער ווי דאָס וויב מיט די קינדער. אָבער אַ שטעקן, ווו איז דאָס געהערט געוואָרן אַ פּערעקופּניק זאָל זיך צאַצקען מיט אַ שטעקן? נאָר וואָס זאָל זי ריידן, וואָס זאָל זי זאָגן?״

די ווערטער קומען אָבער אַליין, ווי ס׳פּאַלט פּלוצלונג אַריין אַ קונה, די לעצטע מינוט, אַ רגע פאַר ליכט־בענטשן:

„נו, זאָג שלומיאל, וואָס האָסטו נאָך פאַר דיין וויב מיט די טעכ־טער, חוץ דיין פיינער באָרד און שיינעם שטעקן?״.

„נו זאָג!״ בייסט שלמה־שמואל דעם וויבס רייד: „וואָס האָסטו

נאָך?" און רייצט זיך מיט שלומיאלן: „אָבער דיין ווייב, גנענדל, נח דעם קרעטשמערס טאָכטער, זי איז מפרנס איר מאַן, שלמה־שמואלן דעם שלומיאל..."

און שלומיאל בויגט זיך אַראָפּ נידעריקער, נידעריקער ווי ער וואָלט געקליבן ברעקלעך אונטערן טיש און זיך באַלעקט מיט אַ לעפל אויסגעבעטן געקעכץ.

פאַר זיך אַליין אַרט נישט שלומיאלן; ער וויל זיך בלויז איינ־שטעלן פאַר זיין באָרד: „וואָס וואָלט אַ מענטש געטאָן אָן אַ באָרד? ווו וואָלט ער באַהאַלטן די רעיונות, וואָס ער קען דעם ווייב נישט זאָגן און טאָר אַפילו פאַר זיך אַליין נישט אַרויסברענגען? אַזוי קנעטן די הענט די באָרד, די פינגער גלעטן די באָרד, די אויגן קוקן אויף דער באָרד און אַלע צוזאַמען זויגן אויס די רעיונות, ס'זאָל זיין גרינגער צו טראָגן דעם קאָפּ".

וויל שלומיאל נאָכגעבן דעם ווייב: „גוט, דער שטעקן! מיט אַ שטעקן שלאָגט מען אַ הונט, אָבער די באָרד, אַ מענטש אָן אַ באָרד", און פרווט פאַרריכטן: „אַ ייד חס ושלום"...

ער דערמאָנט זיך אָבער, אַז ער דאַרף עפּעס אַנדערש ענטפערן גנענדלען. נאָר די ווערטער רינען אויס פון זיינע רייד ווי דער ריווח פון זיינער אַ קניה. פאַרוואָלקנט ער זיך מיט זיינע רעיונות, אָט אַזוי ווי ער וויגט זיך איין מיט אַ ניגון, וואָס וואַכט פלוצלונג אויף פון אַמאָליקן לערנען: „און אַז מען וויל, איז אַ שטעקן גאָרנישט אַזוי פשוט, ווי דעם אויג דוכט זיך. טאָקע בלויז אַן אָפּגעבראָכן צווייגעלע, אַ פאַרשניטן בוימעלע, וואָס האָט נעבעך נישט דערלעבט צו טראָגן אירע פּירות", טוט ער אַ זיפץ: „די תורה פאַרגעסט אָבער נישט צו דערציילן, אַז יעקב אבינו איז אַריבערגעגאַנגען דעם ירדן מיט אַ שטעקן. צו פרעהן האָט דער אויבערשטער געשיקט משהן מיט אַ שטעקן, און שפּאַלטן דעם ים האָט דער בורא עולם געהייסן מיט אַ שטעקן".

און אַז שלומיאל נעמט דעם שטעקן אין האַנט, גלעט אויס די באָרד אויף דער קאַמיזעלקע, דערזעט ער ר' שלמה־שמואלן אין זיין אַמאָליקער השיבות: „אַ יונגער מאַן, זיצט נאָך ביים שווער אויף קעסט, עלטערע מענטשן קומען אָבער צו איםריידן אין לערנען און די יונגערע ישיבה־בחורים גיבן אים אָפּ כבוד מיט אַ מורינו"...

ציט זיך שלמה־שמואל אויס אין זיין גאַנצער הויך, שטעלט פעסט דעם טראָט און גייט אַרויף אויפן מאַרק, ווי ער וואָלט געקומען דורכצופירן אַ גרויס געשעפט. ער קוקט זיך נישט אַרום אויף די פויערים, וואָס האָבן געבראַכט אַ פערטעלע פון זייער תבואה צו פאַרקויפן, ער טאַפּט נישט קיין קאַלב אויף אַ וואָגן און ער וועט נישט פרעגן ביי אַ גוי צי ער האָט שוין אָפּגעשוירן די וואָל פון די שעפסן. שלמה־שמואל זוכט די גראַפן און פריצים, וואָס שטעלן זייערע ווערלדער אויף טאָרגעס, וואָס גיבן אַוועק די פעלדער אַ יידן, ער זאָל אַכטונג געבן אויפן פאַרמעגן, ווען זיי פאָרן אַוועק קיין פאַריז, קיין וואַרשע.

ער הייבט אויף העכער דעם קאָפּ, קוקט ווייטער פון דעם מאַרק און טראַכט: ווען ער באַגעגנט איצט גראַף פּאָסאָלסקי, ביי וועמען זיין שווער האָט געהאַלטן אין אַרענדע די קרעטשמע, וואָלט ער... דעמאָלט האָט דער אַלטער גראַף אַריינגענומען אים, דעם יונגן מאַן מיט דער לאַנגער באָרד, צו זיך אין פּאַלאַץ און אים נישט אָפּגעלאָזט. שפּעטער נאָכאַנאַנד האָט ער זיך פאַנאַנדערגעפרעגט וועגן דער תורה, וועגן לערנען. טאָ פאַרוואָס זאָל ער איצטער נישט וועלן רעדן צו אים, און טאַקע אָפּגעבן אַ דיעליאַנקע. וואָס, ער וועט אים נישט געטרויען?...

די קרעמער, די הענדלער, די פערעקופּניקעס קוקן אָבער נישט אויס אויף קיין פריצים און גראַפן. זיי וועגן און מעסטן דאָס ביסל תבואה, וואָס אַ פויער ברענגט אויפן מאַרק און היטן די לייזונג ביי זיך אין קראָם. ציילן זיי און קעמען די האָר פון שלומיאלס לאַנגער באָרד, ווילן אָנרירן זיין לאַנגן שטעקן און לאַכן: „שלומיאל גייט האַנדלען אויפן מאַרק"...

שלמה־שמואל פאַלט אָבער נישט אַראָפּ ביי זיך. ער שטעלט זיך אַוועק אין מיטן מאַרק, שפּאַרט זיך אָן אויפן שטעקן, גלעט די לאַנגע אויסגעקעמטע באָרד און קוקט העכער פון זיין פאַרריסענעם קאָפּ: „וואָס בלייבט ביי זיי פון זייער געלעכטער? — דאָס מיסט וואָס די פערד לאָזן איבער אויפן מאַרק".

ב

אַז שלומיאל גייט אָבער פאַרנאַכט אַהיים, נאָך אַ טאָג מסחר, און דערמאָנט זיך אינעם חשבון, וואָס גנענדל וועט באַלד אויסלייגן פאַר אים אין שטוב, לאָזט ער שווער אַראָפּ דעם גוף אויפן שטעקן און שטעלט

פאַמעלעך די טריט. ער ציט אויס לענגער דעם וועג און דערוויטערט פון זיינע אויגן די טיר פון הויז. דער שטעקן היט שלומיאלס פיס, אַז זיי זאָלן נישט איבעריאָגן זיינע טריט און סאַפּעט מיט דער פאַרמאַטערטקייט פון זיין אָטעם. זשאַלעוועט שלומיאל אַרויסצולאָזן דעם שטעקן פון האַנט. ער שטייט נאָך אַ ווײַלע אין דרויסן מיטן שטעקן און דער באָרד, גלייך ווי ער וואָלט געפירט מיט עמעצן אַ שמועס. אַז ער גייט אַריין אין שטוב, גלעט ער אויס די באָרד אויף דער קאַמיזעלקע און באַהאַלט דעם שטעקן פון אַ פרעמד אויג: „זאָל זי בעסער שרייען אויף איר מאַן, דעם שלומיאל, איידער אויפוואַרפן אים דעם שטעקן".

נאָר גנענדל שרייט נישט, מאַנט נישט ביי שלמה־שמואלן, פאַרקערט, זי רעדט גאָר צום מאַן מיט גוטן: „ווו ביזטו געווען? איך האָב זיך איינגע־קוקט ווי דו ביזט געגאַנגען אַהיים און פלוצלונג פאַרפאַלן געוואָרן פון מיינע אויגן".

פריער האָט גנענדל געזען ווי מען האָט געמאַכט חוזק פון איר מאַן אויפן מאַרק. איז איר נישט איינגעגאַנגען די לייזונג ביי דעם געשטעל. האָט זי גענומען די קאָשעקעס אויף די הענט און זיך אַוועקגעשפּאַרט, זיך איינצושטעלן פאַר איר שלמה שמואלן. שלומיאל האָט אָבער אַוועקגע־שפּרייזט פריער פון איר און זי האָט אים נישט געקענט אָניאָגן. זי איז געבליבן פון הינטן מיט איר ציטער: זיינע ביינער ברעכן זיך נעבעך אונטער זייער געלעכטער, ווי אונטער די שטיוול פון שווערע טריט.

האָט זי זיך איצט געוואָלט אָפּרעכענען מיטן מאַרק:

— וואָס האָבן זיי זיך אָנגעזעצט אויף דיר? זאָג זיי: פאַר אַ מאַנסביל טראָגן אַ באָרד איז שענער און ערלעכער ווי פאַר זייערע ווייבער אָנצוטאָן אַ שייטל.

די טענות גראָבן זיך אין גנענדלס רחמנות: „וואָס האָט זי צו אים. וויאַזוי קען ער אַראָפּלאָזן דעם קאָפּ צו אַ גוי אין וואָגן, אַז ער האָט אַ גאַנץ לעבן איינגעבויגן דעם רוקן איבער אַ בלאַט גמרא"?

רעדט זי גוט און פרום: „דו ווייסט וואָס איך וועל דיר זאָגן, דו דאַרפסט מער נישט גיין אויפן מאַרק. דו וועסט מיר אונטערהעלפן, אונ־טערטראָגן אַ קאָשעק, אַכטונג געבן אויפן אויבסט — זיי גנבענען פון די הענט, — פרעגן ביי אַ באַלעבאָסטע צי זי דאַרף האָבן פיש אויף שבת, וועט זיך דער אויבערשטער דערבאַרעמען אויף אונדז".

גנענדלס רייד טוליען זיך אָבער צו שלמה־שמואלן ווי רחמנות אויף אַ הונט, וואָס נורעט זיך פון אַ רעגן אין אַ בודע. דרייט ער די באָרד אויף די פינגער, בייסט די האָר: ווידער אָנהייבן עסן טעג, נישט ביי קיין בעל־הבית, נאָר ביי דעם ווייב. פאַר שלומיאלן פאַסט דאָס אפשר, אָבער נישט פאַר אַ באָרד מיט אַ שטעקן.

לאָזט ער גיין דאָס ווייב מיט די קאָשעקעס אויפן מאַרק און אַליין בלייבט ער מיט דער באָרד און שטעקן אין דרויסן, לעבן הויז. ער שפּאַרט זיך אָן אויפן שטעקן און קוקט זיך איין ווי די זון זיפּט איר לויטערקייט אויפן פרימאָרגן.

דער זומערדיקער טאָג שפרייט זיך אויס אין זיין רחבות און שטעלט איין יעדן מענטשן, יעדע באַשעפעניש אויף זיין אָרט, נאָכן סדר העולם. דער קרעמער וואַרט אויף דער לייזונג אין קראָם, דער בעל־מלאכה זיצט ביי זיין ווערקשטאַט און דער פיינער בעל־הבית פאַרגעסט נישט אַריינ־צוקוקן אין אַ ספר נאָכן דאַוונען. נאָר ביי שלומיאלן הענגט נאָך דאָס גע־לעכטער פון מאַרק אויפן שפּיץ באָרד און ער ווייסט נישט וואָס צו טאָן.

ער וואָלט אויך אַריינגעגאַנגען אין בית־המדרש און זיך אַוועק־געזעצט לערנען. הערט ער אָבער די רייד ביי די שטענדערס: „געקומען נאָך אַ שיינער בעל־הבית, שוין אויסגעגעבן די טעכטער, פאַרזאָרגט די קינדער"...

„טאָ העלף דעם ווייב טראָגן די קאָשעקעס!" בייסט ער זיך מיט גנענדלס רייד: „אַז דו וועסט טראָגן די קאָשעקעס, וועסטו אויך גיין מיטן שטעקן?"

אין זיין הכנעה איז ער נישט אין כעס אויפן ווייב: „זי איז די מאַמע, גייט איר נישט אַרויס פון זינען, אַז מען דאַרף האָבן נדן פאַר אַ מיידל". ער דערמאָנט די נעמען פון זיינע זיבן טעכטער, רעכנט איבער זייערע יאָרן: „טייערע קינדער, קלוגע קעפּ, נאָר איינע איז העכער פון דער אַנדערער, געראָטן אין דעם טאַטן". און ער טוט אַ זיפץ: „האָבן נעבעך קיין מזל נישט צו אַ טאַטן. דער טאַטע דאַרף אָבער זאָרגן וועגן זיינע קינדער", מאָנט ער ביי זיך אַליין. „נאָר אויפן מאַרק וועט ער נישט גיין מיט דעם ווייבס קאָשעקעס", שפּאַרט ער זיך אָן אויף זיין שטעקן. „טאָ זאָג, שלומיאל, וואָס וועט זיין?". ער ציט אויס לענגער די באָרד אויף דער קאָמיזעלקע: „וואָס וועסטו טאָן מפרנס צו זיין אַ ווייב, חתונה מאַכן אַ

טאָכטער, אַז אַרומגיין איבער די הייזער פוילסטו זיך; אַריינגיין אין בית־המדרש לערנען שעמסטו זיך, און צוקומען צו גראַף פּאַסאָלסקי לאָזט נישט די באָרד?

קען שוין שלומיאל מער נישט פאַרנעמען די אייגענע ביטערע רייד און קען נישט פאַרגעסן דעם ווייבס טענות. ער וויל זיך ראַטעווען פון דעם לויטערן, זומערדיקן טאָג, וואָס שטעלט אים אַרויס צום געלעכטער פון דער וועלט. פאַלט אים איין: „גיין אויף אַ יאַריד״.

ג

אַ וועלט פאָרט אויף יאַרידן מיט סחורה אין די בוידן, יאָגן זיך מיט זייערע געשעפטן אין קאַרעטן; און שלומיאל גייט צופוס מיט זיין באָרד און שטעקן קיין זשירעווע אויפן יאַריד. אין זשירעווע שטעלט זיך דער יאַריד „טראָיצע״ — חגא פון דער „דריי־אייניקייט״. ס׳ציען זיך אַהין די פּויערים מיט זייערע ווייבער און קינדער פון די דערפער, פון די וועלדער, פון די הויפן; זיי טראָגן האָב און גוטס — מתנות פאַר די הייליקע אין קלויסטער. און ס׳קומען די קרעמער, די הענדלער מיט זייער סחורה. זיי לייגן אויס פאַר די פּויערים זייער פאַרמעגן אויף די געשטעלן, אויף טישן, אויף די אויסגעשפּאַנטע וועגענער און קויפן אָפּ ביי די גלחים, ביי די מאָנאַכן די מתנות, — די לייוונט און האַנטוכער, — וואָס מען האָט געבראַכט צו זיי פאַר די הייליקע פון קלויסטער.

דער וועג קיין זשירעווע איז אַ ווייטער, אַ לאַנגער. ער ציט זיך איבער פעלדער, שניידט דורך וועלדער, קריכט אויף בערג און הייבט זיך אויף איבער טייכן. נעמט אַ נאַכט מיט אַ טאָג, אַ טאָג מיט אַ נאַכט ביז די קרעמער, די הענדלער דערציען זיך אויפן יאַריד. אונטערוועגנס פאַרגעסט מען, אַז איין קרעמער קען משיג גבול זיין דעם אַנדערן און אַרויסכאַפּן אַ נאָגל פון אַ קונה. דערנענטערט זיך אַ ייד צו אַ יידן און מען היט זיך נישט מיט קיין וואָרט. מען זאָגט אַ גלייך־ווערטל, מען דער־ציילט אַ המצאה און מען ברענגט אַרויס אַ קללה גלאַט אין דער וועלט אַריין.

מען פאַרזעט אויך נישט דעם הויכן ייד מיט דער לאַנגער, שפּיציקער באָרד און שטעקן:

— פון וואַנען איז אַ ייד?

— פון סלאָנים.

— אַהאַ, סלאָנים! שיינע בעלי־בתים, ר׳ איטשע איז דער ראש־ישיבה און ר׳ יאָסעלע מרא דאתרא.

„מסתמא אַ שדכן״, וויל מען מאַכן שפּאַס: „העלפט דעם רבונו של עולם מזווג זיין זיווגים, אַ שיינע מצווה״.

און ס׳לאָזט זיך נישט אַרויסברענגען: „אפשר אַ מדינה־גייער״... פרעגט מען: „ווי הייסט אַ ייד?״ און מען מאַכט אָרט אויפן וואָגן. דער ייד ציט אויס די באָרד, לאָזט איבער דעם שפּיץ אין די פינגער און ענטפערט שטיל:

— שלומיאל...

„שלומיאל?״ ווילט זיך נאָך אַמאָל איבערפרעגן דעם נאָמען און ס׳דוכט זיך, אַז דער הויכער ייד ציט אַרויף, העכער פון זיך, דעם חוזק. מען וויל אָבער נישט מבייש זיין אַ פרעמדן מענטשן, באַהאַלט מען דעם שמייכל אין די אייגענע רייד:

— טאָ ווּהין גייט אַ ייד? און מען דערמאָנט נישט זיין נאָמען.

„שלומיאל״, שפּאַרט אָבער דאָס געלעכטער ביי די קרעמער אין די רייד. לאָזט מען אים אויס צו אַ שכן: „דו פאָרסט קיין זשירעווע, צו די קלויסטערס, ווייסטו כאָטש די נעמען פון די הייליקע געטשעס״?

„זאָל מען דיך נאָר לאָזן אַוועקשטעלן דעם וואָגן לעבן קלויסטער, אַי, ווּעסטו אויסחזרן אויף אויסווייניק די נעמען״.

מען נעמט אַריין אין די רייד שלומיאלן און מען ברענגט אַרויס אויף פאַרשידענע אופנים זיין נאָמען, אָט אַזוי ווי מען שטעכט אַריין דעם חוזק אין דער אייגענער, שווערער פרנסה. אַ שוסטער־יונג נעמט אָן שלומיאלס באָרד, ציט אויס דעם שפּיץ פּאַמעלעך, רויק און כאַפּט זיך פלוצלונג:

„דאָס איז טאַקע זיין באָרד! אַבי איך האָב געמיינט, אַז שלומיאל האָט מיט זיין שטעקן פאַרשלעפּט אַ דראַטווע פון אַ כאָליעווע״.

שלומיאל ווערט נישט אין כעס; ער ציט אַרויס די באָרד ביי יענעם פון האַנט, שפּרייט זי אויס אויף דער קאַמיזעלקע און פאַרציט מיט חשיבות זיין שמייכל:

„דו פאַרשטייסט, מיט דער דראַטווע מאַכט אַ שוסטער אויף שבת, און מיט אַ באָרד, באַשיינט אַ ייד דעם שבת״.

די ווערטער זיפּן זיך אַרויס פון די רייד, אָט אַזוי ווי שלמה־שמואל שיילט זיך אַרויס פון שלומיאלן. ער גלעט אויס די באָרד, ווי ער וואָלט זי אויסגעקעמט פון שטויב, נעמט אָן פעסטער דעם שטעקן אין האַנט און ס׳דוכט זיך, אַז ער טיילט זיך אָפּ פון דעם סלאָנימער מאַרק, וואָס ציט קיין זשירעווע אויפן יאַריד. זיי פאָרן מיט זייער סחורה אין די בוידן, מיט די רייד וואָס מען דינגט אויס אַ פערטעלע תבואה ביי אַ גוי; און ער שפּאַנט איבער די פעלדער מיטן שטעקן וואָס משה רבינו האָט געשפּאָלטן דעם ים און מיט דער באָרד וואָס יעקב אבינו האָט זיך געראַנגלט מיטן מלאך.

ער קוקט זיך איין ווי דער זומער צייטיקט זיך אויף דער וועלט, די וועלט שפּרייט זיך אויס ווייטער און ברייטער פון זיינע טריט, און בעט אויס פאַר אים אַ וועג. ווייל שלמה־שמואל אויפהייבן פון זיין געפאַלנקייט שלומיאלן און פּרוווט אים געבן צו פאַרשטיין: „ווייסטו טאָקע ווער ס׳טוט אויף מערער אויף דער וועלט; די באָרד מיטן שטעקן צי דער שוסטער מיט דער דראַטווע?"

נאָר פּלוצלונג שפּאַרט זיך אַרויס פון די בוידן, פון די קרעמער גנענדלס קול און פרעגט ביי דער באָרד וואָס באַשיינט אַ יידן לכבוד שבת:

„און דו האָסט שוין מיט וואָס צו מאַכן שבת?"

טוט שלמה־שמואל אַ ציטער, פאַרהאַלט דעם טראָט אַ רגע און קוקט זיך אַרום ווו האַלט ער אין דער וועלט. ער לאָזט אָבער נישט שלומיאלן אַראָפּפאַלן ביי זיך, שפּאַרט ער זיך אָן אויפן שטעקן, נעמט די שפּיץ באָרד אין האַנט און ענטפערט פאַר שלומיאלן: „די באָרד וואָס באַשיינט דעם שבת, איר וועט גאָט העלפן, זי זאָל מיט יעקבס שטעקן מאַכן אויף שבת"...

אַליין קוקט ער זיך איין מיט אַ באַהאַלטענעם שמייכל אויפן געלעכטער וואָס בליט אַרויס ביי דעם עולם פון שלומיאלס שפּיציקער באָרד, און מישט זיך נישט אַריין אין די רייד. ציטערט דער עולם, שלומיאל זאָל זיך נישט אַרויסגליטשן פון דעם שפּאַס, פאָרט מען אים צעגויף מיט נאָך עמעצן, די המצאות זאָלן זיך אָפּשלאָגן פון איינעם אויף דעם אַנדערן:

„איז דאָך גוט, אַז שלומיאל האָט אַ שטעקן מיט אַ באָרד, וואָס זאָל נעבעך טאָן יאַנקעלע, אַז ער דאַרף זיך נאָך יאָגן נאָך אַ האָר?"

יאַנקעלע שטעלט זיך נישט איין פאַר זיין ביטערער פרנסה פון

חזיר־האָר און שטעכט זיך אַריין: „און ער, דער גרויסער סוחר, פאָרט אויך אויפן יאַריד קיין זשירעווע״.

„מיט וואָס?״ גליטשט זיך אַרויס ביי שלומיאלן פון דער באָרד, און ער וויל אַריינכאַפּן דאָס וואָרט צוריק אין הויפן, נאָר יאַנקעלע פּאַלט נישט אַראָפּ ביי זיך: „מיט דעם אויבערשטנס הילף״...

פלעכט זיך אַריין נאָך אַ וואָרט, און נידערט אַראָפּ דעם שפּאָס נידעריקער פון די רייד:

„מען פאָרט טאַקע קיין זשירעווע צו די קלויסטערס נאָכן שטיקל ברויט, מען דאַרף אָבער, להבדיל, באלף אלפי הבדלות, מען טאָר גאָר זיין נאָמען נישט דערמאָנען, זיך פאַרלאָזן אויף דעם וואָס לעבט אייביק״.

טוט עמעצער אַ זיפץ:

„אֵי, טאַטע, פאָטער אין הימל!״... מישן זיך אויס די רייד מיט דער זאָרג פון לייזונג, מיטן אומעט פון דער פאַרוואָגלטקייט אין דער פרעמד.

מען דערמאָנט די שפע, וואָס גייט אויף דאָ, אַרום וועג, ביי די פויערים אויף די פעלדער:

„ער דאַרף נישט זאָרגן; דער רעגן מיט דער זון גרייטן צו אַלדאָס פאַרטיקע פאַר אים״.

„און ער דאַרף אַרויסגיין אויפן מאַרק זוכן אַ פערטעלע תבואה״, שניידט זיך אריין שלומיאל.

„און זיי זענען נאָך מקנא דעם יידן, פאַרגינען נישט דאָס שטיקל ברויט״, ריידן די יידן מיט שלומיאלס רייד. זיי ענטפערן מיט זיינע ווערטער גנענדלען, גלייך ווי זיי וואָלטן פאַרגעסן אַז זיי פאָרן מיט סחורה קיין זשירעווע אויפן יאַריד, נאָר זיי לאָזן זיך אַוועק איבער דער וועלט, די קרעמער זאָלן נישט אָפּלאַכן פון זיי אין סלאָנים אויפן מאַרק.

ד

אַז מען קומט אָבער קיין זשירעווע אויפן יאַריד, הייבן זיך אָן די קרעמער, די הענדלער צו יאָגן נאָך אַן אָרט אין שפּיגל פון מאַרק; איינער דערוויטערט זיך פון דעם אַנדערן, זיין לייזונג זאָל נישט רייסן ביי יענעם די אויגן, און אַלע שפּאַרן זיך נענטער צום קלויסטער, אַ גוי

זאָל נישט פאַרזען זיין סחורה, ווען ער בוקט זיך צו די געטשעס, ווען ער טראָגט זיינע מתנות צו די מאָנאַכן.

דער טומל, דאָס געשריי, טראָגט זיך העכער פון די קלויסטערס און דאָס דינגעניש און בעטעניש, די קללות און ברכות פלאָנטערן זיך אין די טריט.

שלומיאל שפּאַרט זיך אָן אויפן שטעקן, ציט אויס די באָרד, הייבט אויף דעם קאָפּ און וויל אַוועקשטעלן אַ טראָט. נאָר דער המון גראָבט אַרויס דעם אָרט אונטער זיינע פיס און שפּאַרט אים פון אַקסל צו אַקסל.

די יידן — די קרעמער, די הענדלער — האָבן זיך באַפּעסטיקט מיט זייער סחורה אויף די געשטעלן וואָס זיי האָבן אויסגעשטעלט, און האָבן זיך אַרומגעפּאַנצערט מיטן טומל און געשריי, ס׳זאָל נישט אויסרינען קיין טראָפּן לייזונג פון יאַריד. אַז זיי דערזעען שלומיאלן, פאַרחידושן זיי זיך און שפּאָרן אָפּ, פון זייער האַוועניש, אַ וואָרט פאַר דעם הויכן יידן מיט דער לאַנגער באָרד. זיי ריידן צו שלומיאלן אַזוי ווי זיי זאָגן אַריין אַ גוי וואָס דינגט, שאַצט און קויפט נישט:

— ער איז דאָ!

— ר׳ ייד, מיט וואָס האַנדלט אַ ייד?

שלומיאל שטעלט אָן זיין בליק אויף די קרעמער, קוקט אויף די בעלי־מלאכות, וואָס האָבן אויסגעלייגט זייערע ווערק אויף די טישן, און טראַכט: „אַזוי ווי אין סלאָנים אויפן מאַרק, ס׳פעלט נאָר גנענדל מיט די קאָשעקעס און איר חשבון. אומעטום איין וועלט!“

ער טוט אַ ריס די באָרד און וויל זיך אָנטאָן אַ ווייטיק: „אָבער וואָס טוט שלומיאל דאָ אויף דער וועלט?“

און פאַר שלמה־שמואלן איז יאָ פאַראַן אָרט?!“ רייצט זיך שלומיאל מיט דער באָרד און שטעקן.

שלמה־שמואל קען זיך נישט איינשטעלן פאַר זיין באָרד און שטעקן. דער טומל, געשריי פון יאַריד שווענקט אים אַראָפּ פון זיינע טריט. פּרוּווט ער זיך צוטוליען צו אַ קרעמער; ער וויל זיך אַוועקשטעלן לעבן אַ שוסטער און זאָגן אים, אָט אַזוי ווי מען האָט גערעדט, ווען מען האָט זיך געצויגן צוזאַמען אויפן וועג, נאָך די וועגענער, אויף דעם יאַריד:

„זיי שפּאַרן פון אַלע זייטן, מען דאַרף זיי היטן מיט טויזנט אויגן.

לאָזט מיך שטיין לעבן געשטעל, וועל איך אַכטונג געבן אויף אייער פּאַרמעגן, מען זאָל נישט גנבענען״.

אין קאָך פון דער לייזונג האָבן אָבער די קרעמער פּאַרגעסן שלומיאלס נאָמען, זיי קענען זיך גאָרנישט דערמאָנען, אַז זיי האָבן זיך געשלעפּט אין איינעם אויפן יאַריד; גייט זייער חידוש איבער אין רוגזה, ווען זיי דערזעען דעם הויכן ייד מיט דער לאַנגער באָרד, וואָס שפּאַרט זיין שטעקן אַפריער פון זיך:

— שוין ווידער דאָ!

— נישט פאַרגעסן דעם שטעקן?!

און אַז שלומיאל טרעט נישט אָפּ, שפּאַרט אַרויס דער כעס:

— ר׳ ייד, לייגט אויס אויפן שטעקן אייער אייגענע סחורה און קוקט נישט וואָס ביי יענעם אין וואָגן טוט זיך.

וואָס זאָל אָבער אויסלייגן שלומיאל אויפן שפּיץ פון זיין באָרד? דאָס ליכט פון די געטשעס, וואָס די הענדלער קויפן אין קלויסטער?

שפּאַרט ער זיך אָן אויפן שטעקן און לאָזט אָפּ דעם גוף אין דער שטופּעניש פון דעם המון.

ה

ס׳שרייען די אויסרופן פון די פאַרקויפער און טראָגן העכער פון טומל דעם רעש פון יאַריד; ס׳קריכט דאָס געבעט פון די בעטלערס און גייט אויס אין דעם שפּילן פון די באַנדורעס. פאַר די אויגן זעט אָבער שלומיאל ווי ס׳שפּרייטן זיך אויס פעלדער, ס׳הייבן זיך אויף בערגלעך, ס׳שאָטנט זיך אַ וואַלד און באַהאַלט די וועגן, וואָס האָבן אים געפירט אויפן יאַריד.

ציט זיך אויס שלומיאל אין זיין גאַנצער הייך, גלעט אויס די באָרד אויף דער קאַמיזעלקע און שפּאַרט זיך אָן אויפן שטעקן. ער קוקט זיך איין און חידושט זיך: „ער האָט גאָרנישט געוווּסט, אַז אַזאַ ליכטיקער טאָג שטייט אויף דער וועלט״... די ווייטקייט קומט אַנטקעגן שלומיאלן און פאַרענטפערט זיך: „און די וועלט האָט גאָר פאַרגעסן, אַז אין אירע טריט טרעט אַזאַ ייד ווי ר׳ שלמה־שמואל, וואָס האָט אַמאָל אַליין גענומען אַ ספר אין האַנט און אַן אַנדערער ייד האָט אים נישט אויסגעמיטן, נישט אָפּגעטריבן, נאָר פאַרקערט, ער איז צוגעגאַנגען צו אים ריידן אין לערנען״.

— דאָס איז געווען אַמאָל, אַמאָל; מיט יאָרן צוריק, מיט דורות צוריק, איידער דער מלאך האָט אַ שנעל געטאָן אין נאָז, — ציט שלומיאל ארויף אויף זיך דאָס געלעכטער פון די הענדלער און בויגט זיך אַראָפּ נידעריקער פון דער באָרד.

דאָס לייכטע ווינטל שוימט אַראָפּ די רויקייט פון די בערגלעך און טראָגט עס צו אַנטקעגן שלמה־שמואלן אין דער שטילקייט:

„...אַ גרויסער חדר, אָפּגעטיילט פון דער קרעטשמע, אַ גוי טאָר נישט איבערטרעטן די שוועל, דער שווער טראָגט אים אַנטקעגן, זיין זאָרג וועגן איידעם — דעם לערנער — און ער אַליין דאַרף זיך בעטן ביי זיין ווייב, גנענדל, אַז זי זאָל נישט זיין אַזוי אונטערטעניק צום מאַן. ס'איז שוין דאַנקען גאָט פאַראַן אַ קינד". און די ווייטקייט, וואָס שפרייט אויס די פעלדער מיט די לאָנקעס אין דער לענג און אין דער ברייט, צימצומט זיך איין אין שלמה־שמואלס בליק, וואָס גראָבט זיך אין אַ שווערער סוגיא.

שלמה־שמואל האָט זיך נישט אַרומגעזען ווי ער איז אָפּגעגאַנגען אַ מהלך און האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטיין. די שטילקייט און רויקייט האָט זיך אויסגעבעט אַרום אים, זיך אונטערגעלייגט צוקאָפּנס, ער זאָל זיך אָפּרוען פון זיין פאַרמאַטערטקייט.

גלעט שלמה־שמואל די באָרד: „דער הימל בלויט זיך אין שאָטן פון בוים, דער שאָטן נידערט אַראָפּ צו דער ערד דעם בוים; די וועלט שפרייט זיך אויס ווייט און ברייט. דאָס ווערק פון בורא עולם שטעלט איין, יעדערן נאָך זיין מין, נאָך זיין גראַד, מיט אַ סדר און פּאַסט אויך איין אַן אָרט פאַר שלמה־שמואלס אַ טראָט.

נעמט ער אַריין שטייפער דעם שטעקן אין האַנט: „ער וויל מער גאָרנישט... וואָס נאָך דאַרף האָבן אַ מענטש ?..."

— וואָס זאָל זי אָבער טאָן? דערמאָנט זיך שלומיאל פּלוצלונג אין גנענדלען; „שלעפּט נעבעך די קאָשעקעס; קריגט זיך אויפן מאַרק מיט די ווייבער, בעט זיך אין שטאָט ביי די באַלעבאָסטעס — און ער זיצט דאָ אויפן שטיין. זיך באַהאַלטן פון דער וועלט אונטערן בוים. די וועלט ציילט אָבער זיינע טעכטער, רעכנט זיינע יאָרן; ציילט און רעכנט, און זשאַלעוועט אַ גראָשן ריווח אויף אַ העכט, אַ שלייען".

ער וויל זיך אַ קוק טאָן אין פּנים, טייטלען מיט אַ פרעמדער האַנט

אין די אויגן, דערהערן אַ האַרב וואָרט: „שלומיאל איז געגאַנגען קיין זשירעווע אויפן יאַריד"... שטעלט ער זיך אויף, שפּאַרט זיך אָן אויפן שטעקן, דרייט די באָרד אויף די פינגער ביז ווייטיק: „אַליין וויל ער ווערן אַ שותף מיטן רבונו של עולם אין זיין וועלט — און דאָס ווייב לאָזט ער איבער אויפן מאַרק פירן אירע געשעפטן".

לאַנג איינשטיין אונטערן בוים קען שוין נישט ר' שלמה־שמואל. פון די וועלדער שפּאַרן זיך אים קאַרטשעס אין די אויגן, און אונטער די טריט שניידן די פיס הרודעס פון פאַרטריקנטע פעלדער.

טרייבט ער זיך מיט אַן אימפּעט, מיט אַ יאָגעניש פאָרויס קיין זשירעווע, שלומיאל זאָל נישט פאַרזאַמען אויפן יאַריד זיין חלק פון גנענדלס עשירות, וואָס זי קלייבט אָן אין סלאָנים אויפן מאַרק ביי די שעמיניצעס, ביי די זיצערקעס אין זייערע קללות.

ער ציילט די קופּערנע מטבעות אין קעשענע: „וועסטו קויפן פאַר ווייב אַ פאַטשיילע — דאָס וועט זיין איר ריווח; דו וועסט איינהאַנדלען אַ פּאָר אוירינגלעך פאַר דער עלטערער טאָכטער — וועסטו איר ברענגען אַ מתנה".

און מיט די מתנות און געשאַנקען, וואָס שלומיאל גרייט צו פאַר זיין ווייב מיט די טעכטער, שמועסט ער זיך איין, אַז איצטער קען ער עפּעס אויפטאָן אויפן יאַריד: „ביי זיי ליגט נאָך גענוג סחורה אויף די טישן, אויף די געשטעלן. איבערגעבליבן. ס'איז שוין גאָרנישט ווערט. זיי דאַרפן בלויז פּאַקן, איינבינדן, שלעפּן צוריק אויפן וואָגן. איז איצט די צייט צו מאַכן אַ שטיקל מסחר, אַ שותפות, אַפילו אָן געלט. מיט אַ גוט וואָרט, מיט אַ קלוגער עצה קען מען אַמאָל מערער אויספירן ווי מיט הויפנס געלט".

„פאַרוואָס זאָל זיך אַ ייד נישט צוהערן צו אַ גלייכער זאַך?" — הייבט אָן שלומיאל שטעלן שנעלער די טריט, ער זאָל נישט פאַרזאַמען די געשעפטן וואָס ברעקלען זיך אָפּ פון יאַריד. דער שטעקן שפּרייזט פריער פון די אויגן און די באָרד וויגט זיך פון הינטערן בליק. שלומיאל וויל פאַרלויפן דעם טאָג, דעם וועג, און זעט נישט ווי די זון לאָזט זיך אַראָפּ טיפער פון פאַרנאַכט.

ו

אויפן הימל פאַרציען זיך שווערע וואָלקנס; די פויערים שפּאַנען די פערד און יאָגן זיך אַהיים אין די דערפער; די הענדלער, די קרעמער פּאַקן איין די איבערגעבליבענע סחורה און טראַכטן: זאָלן זיי זיך אַוועק־לאָזן אין וועג, אָדער זיך אָפּשטעלן אין אַ יידיש הויז, אָפּכאַפּן אַ מנחה און איבערוואַרטן דעם רעגן?

די לאַנגע גאַס פון זשירעווע, וואָס האָט זיך פריער געבויגן אונטערן יאַריד, האָט זיך איצט אויסגעגלייכט: אַ לאַנגע, אַ גלאַטע, שפּאַרט אַרויס איר ליידיקייט. בלויז דאָ און דאָרט סטאַרטשעט אַרויס אַ פאַרלאָזענער וואָגן מיט פאַרריסענע אָגלאָבליעס. ס׳שטייט אַן אויסגעשפּאַנט פערד, איינגעדרייט אין די אייגענע לייצעס, און טרייבערט די אויסגעליידיקטע טאָרבע, וואָס איז געבליבן הענגען אויף זיין קאָפּ. ס׳שניידן אין די אויגן פאַרביטענע פּאַר שטיוול, גויישע היטלען מיט אָפּגעקראָכענע ברילִיעקעס, טעמפּע קאָסעס, איבערגעבויגענע סערפּן, וואָס וואַלגערן זיך אויף צע־וואָרפענע געשטעלן. די קרעמער, די הענדלער דרייען זיך אַרום אַרום די איינגעפּאַקטע וועגענער, לעבן די פאַנאַנדערגענומענע געשטעלן, ווי זיי וואָלטן געקומען פון ווייטן אָפּצוסילוקן פרעמדע געשעפטן.

דער גאַנג חלשט זיך אָפּ אונטער שלומיאלס טריט און ער בלייבט שטיין מיט זיין שטעקן אין מיטן גאַס. זיין קאָפּ שפּיצט זיך אַרויס העכער פון זיין ווּוקס און שלאָגט זיך אָפּ אויף פרעמדע בליקן. נאָר ער אַליין האָט נישט ווו צו קערן און ווו צו ווענדן זיינע אויגן.

שלומיאל האָט זיך געיאָגט, געאיילט, געלאָפן! — ווייסט שלומיאל נישט צי ער מאָנט ביי זיך אַליין אָדער עמעצער וואַרפט אים אויף זיינע נאַרישקייטן. ער פאַרענטפערט זיך אָבער נישט. ער ציילט די קופּערנע מטבעות אין קעשענע און בייסט די באָרד: „ווּעסטו קויפן מתנות פאַר דיין ווייב מיט די טעכטער“...

און די מתנות שיינען פאַר זיינע אויגן; ביי אַ קירזשנער אויף אַ שטאַנג הענגען נאָך די אָפּגעקראָכענע גויישע היטלען מיט די לאַקירטע, גלאַנציקע ברילִיעקעס. דער קירזשנער פאָרעט זיך אַרום אַ גרויסן קאַסטן און ס׳דוכט זיך, אַז ער שאַצט און רעכנט צי ער זאָל איינפּאַקן די היטלען

אָדער איבערלאָזן זיי אויפן ווינט פאַר די פייגל. ער בויגט זיך נידעריקער פון זיין געשטעל און די היטלען בלישטשען העכער פון די שטאַנגען.

קוקט שלומיאל אויף די היטלען, און די לאַקירטע, רימענע בריל־יעקעס שפּאַרן זיך אַרויס פון אויסגעליידיקטן יאַריד און רייצן זיך מיט שלומיאלן: „וואָס נאָך איז איבערגעבליבן פון יאַריד? קויף אַ היטל, קויף אָפּ אַלע היטלען, וועט מען וויסן, אַז דו האָסט געהאַנדלט אויפן יאַריד, וועסט ברענגען סחורה אַהיים"...

— וויפל וויל אַ ייד פאַר די היטלען? דוכט זיך שלומיאלן, אַז אַ פרעמד קול פרעגט עס. מישט ער זיך אַליין אַריין, וויל קלאָר מאַכן די רייד: „פאַר אַלע היטלען, הורטעם, נישט לאחדים". נאָר די קופּערנע מטבעות שרומפּן זיך איין אין זיין הויפן, די זעקסערס ווערן ווינציקער פון זייער צאָל און די היטלען מערן זיך מערער פון די גלאַנציקע ברילי‎עקעס. וויל שלומיאל עפּעס פאַרריכטן, ער זאָל נישט פאַרשעמט ווערן: „ניין, ניין, איין היטל, אָט אַזאַ היטל", ווייזט ער אָן מיט דער האַנט.

ווייסט נישט דער קירזשנער, צי דער הויכער ייד מיט דער לאַנגער באָרד מאַכט צו גאָרנישט זייך מי און פּראַצע, וואָס איז איבערגעבליבן פון יאַריד, אָדער ער טוט אָן דעם חוזק אויף זיך אַליין. מאַכט ער דעם אָנשטעל פון אַ באַדאַכטן סוחר, נעמט אַראָפּ אַ היטל פון שטאַנג, פּוצט מיטן אַרבל דעם גלאַנציקן קאָזיראָק, זיין סחורה זאָל אויסזען שענער: „פאַר אַ יידן מיט אַ באָרד, אַ פערטעלע ביליקער ווי פאַר עמעצן אַנדערש".

„יאָ, אַ ייד מיט אַ באָרד, און אַ גלאַנציקער, לאַקירטער קאָזיראָק אויפן קאָפּ", וויל שלומיאל אָפּטאָן אַ צו־להכעיס. ציט ער אויס די האַנט מיטן געלט. דער קירזשנער נעמט צו די מטבעות לפנים וועגן, ער וויל בלויז איבערציילן ווי גרויס איז די עשירות פון אַזאַ יידן, און אָפּגעבן עס צוריק.

שלומיאל וואַרט אָבער נישט. ער טוט אָן דאָס היטל און טרעט אָפּ אַ הויכער, אַן אויסגעצויגענער פון דעם געשטעל.

אַרט נישט דעם קירזשנער וואָס די מטבעות גליטשן זיך אַרויס פון זיינע פינגער און ער ווייסט נישט: זאָל ער אומקערן דעם יידן מיט דער לאַנגער באָרד, אָדער לאָזן אים גיין אין גוישן היטל?

„דאָס געלט דאַרף ער אים אָבער אָפּגעבן", בויגט זיך איין דער קירזשנער נאָך די קופּערנע זעקסערס. דער ייד איז אָבער שוין ווייט דער־

וויטערט פון אים און מען זעט בלויז דעם שפּיץ פון גויישן היטל ביי אים אויפן קאָפּ.

„מאַלע וואָס פאַר אַ מענטשן ס׳דרייען זיך אַרום אויף גאָטס וועלט“, טוט דער קירזשנער אַ זיפץ, ווי ער וואָלט אויף זיך אַליין רחמנות געהאַט.

ז

שלומיאל ווייסט, אַז דאָס היטל זיצט ביי אים אויפן שפּיץ־קאָפּ, ווי אַ לאַדישקע זויערמילך מיט אַ שנאבל פון אַ בושל און שפּאַרט אים אַרויס העכער פון זיין הויך.

ער וויל אָבער אַ קוק טאָן אויף זיך אַליין, זען ווי ער ווערט פאַר־שעמט פאַר דער וועלט, און זיך אָפּרעכענען מיט זיך פאַר זיינע גאַנגען און פּירונגען. דרייט ער מיטן קאָפּ אין אַלע זייטן און זוכט זיין אָפּשיין. זיין בליק פאַלט אין אָפענעם קלויסטער, דאָס ליכט פון די אָנגעצונדענע איקאָנעס באַלייכטן פלוצלונג זיין פּנים. גיט ער זיך אַ שפּאַר; „גיי אריין אין תיפלה מיט דיין גוייש היטל“...

ער טוט אַ ציטער; „ווו איז ער אין דער וועלט“... און כאַפּט זיך; „ווייי און ווינד, ער האָט פאַרלוירן זיין אייגן היטל“. ער וויל זיך אומקערן צוריק, נאָר די קרעמער, די הענדלער, די שוסטער האָבן דערקענט שלומיאלן פון יאַריד, לאָזן זיי אים נישט אָפּ פון זיך.

זיי האָבן געקוקט אויף דער זון, וואָס האָט פלוצלונג פאַנאַנדער־געצווייגט איר לויטערקייט אין דער בלויקייט פון די צעקעמטע וואָלקנס און זיי האָבן אָפּגעשלאָגן זייערע רייד אויף דעם גויישן היטל, וואָס האָט אָנגעטאָן דעם חוזק אויף דער באָרד און שטעקן.

איצט, אַז דער רעגן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט ערגעץ ווייט, הינטער די בערג פון זשירעווע, האָבן זיך די קרעמער נישט געאיילט אין וועג אַריין. זיי האָבן זיך אַרומגעקוקט צי זיי האָבן גאָרנישט פאַרגעסן און האָבן געוואַרט טאָמער וועט זיך נאָך באַווייזן אַ גוי, אפשר וועט קומען אַ פאַר־שפּעטיקטער קונה.

די לויטערקייט, וואָס האָט פלוצלונג באַנייט דעם טאָג, האָט אָבער אויך שאַרפער געמאַכט דעם פאַרדרוס, פאַרוואָס די כמאַרעס האָבן צעטריבן דעם יאַריד פאַר דער צייט, איידער מען האָט פאַרקויפט די סחורה, האָט מען אַריינגעשטאָכן אַ ביטער וואָרט אין דעם אייגענעם מזל און מען האָט

נישט געשזאַלעוועט קיין שאַרפע רייד מיט אַ המצאה, מיט אַ קללה גלאַט אין דער וועלט אַריין:

— יאַנקל, דו האָסט שוין איינגעפּאַקט די שיריים וואָס די גויים האָבן איבערגעלאָזט אין קלויסטער?

— פאַר דיר אויך איבערגעבליבן. אַז דו וועסט אַראָפּנעמען די אָניצעס פון די געטשעס, וועסטו האָבן אַ קלייד פאַר דעם ווייב אויף שבת.

— שלומיאל וועט צונעמען! רופט אַרויס אַ געלעכטער דער הויכער ייד מיט דער לאַנגער באָרד אין גויישן היטל.

— דו זעסט ווי ער קוקט אין קלויסטער...

שלומיאל שטייט אין מיטן גאַס, אַ הויכער, העכער פון אַלעמען, אַרום אים גאַרטלען זיך די קרעמער, זיי זאָגן אַ וואָרט מיט אַ תנועה צו עמעצן אַנדערש, און וואַרפן אַ בליק אויף זיין גוייש היטל:

— ער טראָגט דעם ריווח פון יאַריד אין היטל אויפן קאָפּ.

— וואָס זוכט אָבער אַ ייד אין תיפלה?

— וויל אָפּקויפן ביי דער הייליקער מאַמען די לייוונט, וואָס ליגט ביי איר צוקאָפּנס.

— ניין, אַ קוימען, שפּאַרט שלומיאל אַרויס זיין בליק העכער פון קלויסטער;

— „אַזאַ ווי דער צלם", ווייזט מען שלומיאלן העכער פון זיין קאָפּ, נאָר שלמה־שמואלן דוכט זיך אַז מען טייטלט אויף דער באָרד און מען שפּאַרט זיין שטעקן אים אין די אויגן אַריין. וויל ער זיך איינשטעלן פאַרן כבוד פון דער באָרד און לאָזן פאַלן אַ וואָרט אויפן שטעקן:

— איך קוש נישט די טריט פון די גלחים, האַנדל איך נישט מיט קיין צלמים.

נאָר די באָרד ציט זיך אַראָפּ נידעריקער, נידעריקער; זי זונדערט זיך אָפּ פון שלומיאלס פּנים און טוט זיך אָן אויפן שטעקן: „די הענדלער אויפן יאַריד ווי די פּערעקופּניקעס אויפן מאַרק".

און שלומיאל וויל אַריינריידן אין באָרד: „ווי דאָס ווייב אין הויז", נאָר דער באָרד שטייט נישט אָן זיך פאַרמעסטן מיטן יאַריד.

מויערט זיך איין שלמה־שמואל אין זיין רויקייט, שפּרייט אויס די באָרד אויף דער קאַמיזעלקע, גראָבט דעם שטעקן אין דער ערד און קוקט אין דער ווייטקייט אַריין.

— און ווו בין איך ? בעט שלומיאל פאַר זיך אַ שטיקל אָרט אויף דער וועלט. — איך בוי אַ בנין פאַר אונדז בײדן״, גלעט שלמה־שמואל די באָרד אויפן קאַמיזעלקע און רופט אויס אויפן מאַרק : „איך זוך אַ קוימען !״...

— אָט דאָ אין קלויסטער אויף די ליכט פון די געטשעס וועט ער געפינען.

— נעמט צו די פערד, מאַכט אַ װארע פאַר זיין הויז... ביטערט זיך דער שפּאַס אויף דער סחורה וואָס איז איבערגעבליבן אויף די וועגע־נער פון יאַריד.

שלמה־שמואל קוקט זיך איין ווי די שיין פון טאָג בעט זיך ביים פאַרנאַכט ער זאָל איבערלאָזן זיינעם אַ ציטער אויף אַ בלאַט, אָט אַזוי ווי ער וויל אויספירן ביים וויב, זי זאָל לאָזן איבערבלייבן אַ סימן פון אים. שטעלט ער אויס זיין בנין העכער פון קלויסטער, ווייט דערווייטערט פון די רייד און געשרייען, אין דעם נעפּל פון פאַרנאַכט וואָס גייט אויף אויף די בערג.

שלומיאל נידערט אָבער אַראָפּ נידעריקער, ער שפּאַרט זיך אָן אויפן וואָגן און קוקט זיך איין ווי די המצאות פאַררייסן זיך אויף די אויפגעהויבענע אָגלאָבליעס !

— שוין געפונען אַ קוימען ?

— ווו איז דאָס הויז ?״

— אויפן בוידעם, אין קעשענע ... אויפן ברילִיעק פון היטל ?

זעט שלמה־שמואל ווי דער מאַרק פון סלאָנים ליידיקט זיך אויס אויפן יאַריד אין זשירעווע. גנענדל זיצט אין איר שווערער וואַטואווקע לעבן די קאָשעקעס פון איר מי און פּראַצע און קוקט אויס אויף דעם מאַנס פאַרדינסטן ; אין שטוב וואַרטן די טעכטער אויף דעם טאַטנס מתנות.

ציט ער אַראָפּ דעם חוזק פון גויישן היטל אויף שלומיאלן :

— איך בוי דאָס הויז נישט אויפן וואַסער, און באַהאַלט נישט אין קעשענע, נאָר אויף אַ בנין, דער בנין איז שוין פאַרטיק, זוך איך אַ קוימען.

זעט שוין דער עולם : „נישט פאַר קיין יידן געדאַכט, חסר־דעה״ און ס׳גייט נישט אין דער שפּאַס.

שלומיאל רעדט אָבער רויק, געלאַסן :

— איר פאַרשטייט, ביי מיר זענען פאַראַן, קיין עין־הרע נישט, ניין טעכטער, וואָס איך דאַרף חתונה מאַכן, ליג איך ניין איילן אין דער ערד. דאַרף מען טיפער גראָבן דעם גרונט? האָב איך שוין דעם פונדאַמענט.

— מיין ווייב זאָל געזונט זיין, קען צונויפפירן אַ וואַנט מיט אַ וואַנט. שטייען שוין די ווענט. און איך אַליין? איך בין אַ גרויסער חכם, אַ בר־מזל, וואָס איך טו נישט, לאָזט זיך אויס אַ בוידעם, האָב איך אַ דאַך. טאָ וואָס דאַרף איך נאָך? אַ קוימען! אַז איך וועל געפינען אַ קוימען, וועל איך האָבן אַ גאַנצן בנין, אַ הויז...

שלומיאל וויל ווייטער ריידן, דערציילן ווי ער וועט אַרומשפּאַצירן אין סלאָנים אויפן מאַרק, קומען קיין זשירעוועע אויפן יאַריד, נאָר זיין קול טעמפּט זיך אָפּ, די באָרד ציטערט אין די פינגער, דער קאָפּ בייגט זיך אַראָפּ נידעריקער פון שטעקן און ער קען קוים אַרויסשפּאַרן פון פאַר־שטיקטן האַלדז: „איך זוך, זוך איך"... ר' שלמה־שמואל קען שוין מער נישט צו זען שלומיאלס צער, שטאַרקט ער זיך: איך זוך, ער זוכט... די גאַנצע וועלט זוכט אַ קוימען...

— וועט זיין אַ בנין... הייבט זיך אָן ביי עמעצן קוועלן אַ געלעכטער.

אַן אַנדערער וויל שטאַרקן דעם שפּאַס: „אַ פונדאַמענט האָט ער שוין"...

— דעם קוימען פון קלויסטער...

נאָר פון די אויגן דערוווייטערט זיך אַ הויכער אויסגעצויגענער ייד מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ, וואָס שלינגט איין דאָס גוייש היטעלע, און שיינט מיט דער צעשפּרייטער לאַנגער באָרד. ער גייט אַ גלייכער, און שפּאַרט אָן זיין שטאָלץ אויפן שטעקן. דער מאַרק לייגט זיך אויס אַ פריער פון אים, אַ לייריקער, ווי ער וואָלט אָפּגערוימט דעם וועג פאַר דעם יידן.

טריקנט איין דער שפּאַס אין די בליקן וואָס באַגלייטן דעם יידן; מען קוקט און קוקט.

— איז דאָס שלומיאל?

— ניין... ווי קומט ער?

— פון וואַנען נעמט זיך אַזאַ ייד אויף אַ יאַריד מיט סערמעגעס און חזירים?

— דורכגעגאַנגען, און מען האָט נישט געזען.

— אפשר קען מען גאָרנישט דערזען, פֿאַלט אַראָפּ ביי זיך אַ ייד און כאַפּט זיך אָן מיט זיין כעס אין שכן:

— וואָס פֿאַרדרייסטו דעם קאָפּ! דו פֿאַרשרייבסט מיט אַ קויל אויף די וואָלקנס די רעכענונגען פֿון יאַריד?

— ניין, איך זוך ווו איז שלומיאל אַהינגעקומען.

— און אפשר איז ער דאָ גאָרנישט געווען?

— דרייט זיך מסתמא אַרום, דאָרטן, אַרום די קירזשנער.

— טאָ נעם איך אונטערפֿאָרן...

— ווו איז ער?

מען טוט אַ קוק: דער פֿאַרנאַכט זעצט זיך אָפּ אין דער נאַכט.

— זיך נישט אַרומגעזען ווי דער טאָג איז אַוועק.

— און ווי דער ייד איז געקומען האָסטו געזען?

— און דעם קוימען האָסטו שוין געפֿונען?

— טאָ אויף וועמען וואַרט מען?

— איך האָב שוין מיין בנין אַוועקגעשטעלט אויפֿן ריווח פֿון יאַריד, לייגט אַרויף דער קירזשנער זיינע איבערגעבליבענע היטלען אויפֿן וואָגן: „טאָ וואָס איז די יאָגעניש?״ ער וויל זיך מיט עפּעס אויסקויפֿן פֿון די קופּערנע זעקסערס, וואָס דער ייד האָט איבערגעלאָזט ביי אים פֿאַרן גויישן היטל, דערמאָנט ער: „מען דאַרף פֿריער דאַווענען מנחה; אָט־דאָ לעבן די קלויסטערס טאָר דאָס אַ ייד אַוודאי נישט פֿאַרגעסן״. און אים קומט אַרויף אויפֿן זינען: „תולה ארץ על בלימה״, פֿאַרטייטשט ער עס אַליין: „די גאַנצע וועלט מיט זיינע געשעפֿטן און יאַרידן האַלט זיך אויף דעם יידנס בנין — און זוכט אַ קוימען״.

# דער פורים־רב

## א

— גישע וואַרעם אָן דאָס אייזן! — האָט חיים וועלוול נאָך אַמאָל דערמאָנט זיין ווייב, אַז ער וואַרט נאָך אַלץ... אַליין איז ער געשטאַנען לעבן זיין טיש — דעם ווערקשטאַט — אַ גלייכער, אַ שטאָלצער, געגלעט זיין ברייטע, צעשפּרייטע באָרד און באַקוקט דאָס שטיקל אַרבעט, וואָס ער האָט נאָר וואָס פאַרטיק געמאַכט.

— שניידעריי איז אַן אומנות, נישט קיין מלאכה —

אַזוי האָט חיים וועלוול אויך אריינגערעדט צו די געזעלן וואָס זענען אָנגעקומען צו אים אַרבעטן:

— אַז דו נייסט אויף אַ בגד פאַר אַ יידן, דערזעסטו די פרייד פון תתחדש, איידער דער בעל־הבית טוט אָן דעם מלבוש לכבוד שבת. דו קוקסט בלויז אויפן שטאָך פון נאָדל, — גלעט חיים וועלוול זיין צעשפּרייטע באָרד, נעמט אַריין אַ האָר אין מויל: — אַרויסגעוואָרפענע רייד — און קערט זיך אָפּ פון טיש.

דער בעל־מלאכה קען שוין מער נישט פאַרטראָגן ווי דער באַלעבאָס שפּיגלט זיך אין זיין געדיכטער באָרד מיט די אויפגענייטע גאַרניטורס, שטעכט ער אַריין דראָבנע און שטיל, די ווערטער, איינציקווייז, אין דעם געוואַנט וואָס ער נייט: — אַ פאָדעם ציט מען אַריין אין אַ נאָדל און נישט אין די רייד פון אַ באַלעבאָס.

— פערטשע ציט אויך אַריין אַ פאָדעם אין אַ קאָזשוך, אַ סערמענגע — דערמאָנט זיך חיים וועלוול אויף זיין שוואָגער, דעם ווייבס ברודער, און ער שרייט אויס: — פערטשע דער לאַטוטניק איז אויך אַ שניידער, ער וועט אָבער ביי מיין טיש נישט זיצן!

— זיי פאַרמיאוסן פאַר דער וועלט די אומנות פון זיין מלאכה, — טראַכט חיים וועלוול און לאָזט נישט אַרויף צו זיך אויפן שוועל זיין שוואָגער פערטשע. ער שרייט צו דעם ווייב:

— אַז ער וועט זיך צוריק אַוועקלאָזן מיט זיינע קאָזשוכן איבער

די דערפֿער, וועט ער קענען אַריינגיין מיט זיין ארבע־כנפות צו מיר אין שטוב!

חיים וועלוול נעמט נישט אַריין קיין פרעמדן בעל־מלאכה צו דער אַרבעט, ער הייסט בלויז אַ קינד אַרויסציען די פֿאַסטריגעס, דעם ווייב אָנ־וואַרעמען דאָס אייזן. אַז ס׳קלייבט זיך אָן צופיל אַרבעט, נעמט ער אַ מאָס, שניידט אַליין צו די סחורה און שיקט אַוועק קיין סלאָנים מאַכן דאָס שטיקל אַרבעט. זאָלן זיי אַריינכאַפּן די וועלט... ער וועט בעסער אַריינקוקן אין אַ ספר, ער זאָל נישט פֿאַרשעמען מיטן נאָדל־פֿאָדעם זיין ברייטע, צע־שפּרייטע באָרד.

ער עפֿנט אויף דאָס קליינע ספרל, וואָס ליגט שטענדיק לעבן אים אויפֿן טיש און קוקט אַריין אין אַ שורה, פֿאַרטראַכט זיך וועגן אַ וואָרט, זוכט אַ טייטש, און אים דוכט זיך אַז ער איז דערגאַנגען צו אַן אייגענעם פּירוש.

— וואָס האָבן זיי געטאָן, אונדזערע תנאים? — קלייבט ער אויס אַ גרויע האָר פֿון דער באָרד, באַטראַכט זי און לייגט אַריין אין ספרל — זיי האָבן זיך מפרנס געווען מיט אַ מלאכה און געלערנט תורה. חיים וועלוול ווערט חשובער ביי זיך, און מיט דער זעלבער חשיבות קומט ער שבת צו ר׳ חיימען אין שטוב דאַווענען מנחה מיטן מנין. ער איילט זיך נישט גיין אַהיים צו שלוש־סעודות, נאָר בלייבט מיט דעם עולם שמועסן וועגן אַמאָליקע צייטן, וועגן לערנען. ער הערט זיך צו ווי מען גיט אַ שטאָך אַ ישובניק, וואָס קען נישט איינזעצן קיין עברי, ווי מען לאַכט אָפּ פֿון אַ שלעכטן טייטש.

חיים וועלוול דערמאָנט זיך אַ משל, וואָס ער האָט געפֿונען אין עברי־טייטש, און ער וויל עס אַרויסברענגען מיט אַן אייגענעם פּשט, מע זאָל זען אַז מלאכה פֿאַרגרעבט נישט דעם מענטשן.

ציט ער אויס זיין ברייטע, צעשפּרייטע באָרד, האַלט די שפּיץ האָר צווישן די פֿינגער און הייבט אָן מיט אַ ניגון:

— אונדזערע חז״ל האָבן טאַקע קיין טעות נישט געמאַכט. פֿון דעם פּסוק אין דניאל זעט מען — און ער וויל אַליין אויסרעכענען די גמטריא...

נאָר פּלוצלונג ווערט אַ טומל אין ווינקל פֿון שטוב; די קינדער לאַכן פֿון אַ קונץ וואָס פּערטשע, חיים וועלוולס שוואָגער, האָט געמאַכט מיט דער פּאָלע פֿון זיין קאַפּטן. ער האַלט דעם שפּיץ בגד אין האַנט ווי

אַ קעפּעלע פון אַ ציגעלע און די קינדער קריכן מיט זייערע הענט אין זיין שיטערן בערדל און שרייען: — מע — מע!

פּערטשע זשמורקעט מיט די אויגן, קרימט דאָס פּנים מיט אַ פאַרשטיקט געלעכטער און ס'דוכט זיך אַז ער קוקט אויף קיינעם נישט, נאָר זיינע בליקן שפּאַרן זיך ווייטער פון אים, זיי קריכן ווי שאָטנס חיים ווערלוולען אין באָרד אַריין.

חיים ווערלוול קערט זיך נישט אָפּ פון זיין אָרט; ער וויל ווייטער אַרויסברענגען זיין פּשט: — ס'קען דאָך נישט זיין, אַלע סימנים ווייזן...

נאָר ר' חיים, וואָס פאַרקוקט פּערטשעס נאַרישקייטן און פאַר־טראַכט זיך אַמאָל — אפשר זיצט עפּעס אין אים, וואָס איז פאַרהוילן פון זיינע אויגן, — קען שוין מער נישט איבערטראָגן די קונצן.

רופט ער אים נישט מיט זיין נאָמען גדליה, נאָר הייבט אָן שרייען:

— פּערטשע, וואָס טוט זיך מיט דיר! ווי פּאַסט דאָס פאַר אַ דער־וואַקסענעם מענטשן, פאַר אַן עלטערן יידן?!

פּיניע דעם פּאָסעסאָרס, וואָס קומט אַ גאַנץ יאָר דאַווענען אין דעם זעלבן אָפּגעקראָכענעם דריי־פּערטל סורדוט און האַלט נישט פון דער אומנות אין שניידעריי, אַזוי ווי ער קוקט זיך נישט אַרום אויף חיים ווערלוולס גמטריאות און צירופים, שפּאַרט אַריין די פינגער אין זיינע גראָבע, געדיכטע וואָנצעס און זיפּט אַרויס אין זיין געל בערדל:

— פאַר אַן עלטערן יידן נישט, נאָר פאַר אַ שניידער יאָ.

ביים טיש ווייסט מען אַז פּיניע דעם פּאָסעסאָרס פירט שטענדיק אַ רעכענונג מיט חיים ווערלוולען:

— אַ שניידער איז אַ שניידער און פּערטשע אין דעם לאַנגן קאַפּטן איז נישט קיין קלענערער יחסן ווי חיים ווערלוול מיט דער לאַנגער באָרד. — לאָזט ער אים באַווייזן זיין לומדות, אויסרעכענען דעם קץ, ברענגען אַ מדרש פון דעם ווייבס טייטש־חומש. נאָר פּלוצלונג מישט ער זיך אַריין: — יאָ, די גמטריא לייגט זיך אויפן שכל, איך האָב עס געזען אויפן שער־בלאַט פון מיין ווייבס קרבן־מנחה סידור, און פאַרקוקט זיך אין פענצטער פון דרויסן.

דער עולם ווייסט, אַז פון זיין גבירישקייט איז ביי פּיניע דעם פּאָסעסאָר גאָרנישט געבליבן, אָבער לערנען האָט ער נישט פאַרגעסן.

וועט אים קיינער נישט אָפּענטפערן. פאַרציט זיך ביים טיש אַ שטילקייט מיט דער וואָכעדיקייט, וואָס טריפט אַראָפּ פון די הבדלה־ליכט.

פּיניע דעם פּאָסעסאָרס דערפילט, אַז זיין קאַלטער בליק אין פענצ־טער, האָט אים אָפּגעשיידט פון עולם ווייטער, ווי די גאַס ציט זיך אַוועק אין דרויסן. באַפאַלט אים די עלנטקייט פון די ספרים, וואָס וואַרטן אויף אים, ווען ער יאָגט זיך נאָך נאָך אַ ביסל תבואה פון אַ גוי, ווען ער וואַרט אויפן גמילות־חסד ביי שכנא דעם פּאָטשטער. פאַרטראַכט ער זיך: — אפשר זענען זיי גערעכט; וואָס האָט ער אויסגעפירט? — ער קערט זיך אום צום עולם און וויל זיך פאַרענטפערן, זאָלן זיי זען, אַז ער אַליין האָט שוין וואָכן לאַנג נישט גענומען קיין ספר אין האַנט, נאָר די רייד שניידן זיך אויס מיט בייזקייט:

— די מצווה פון מלביש ערומים איז טאַקע גרויס, פון דעם איז אָבער נישט געדרונגען אַז דער רבונו של עולם וויל, מען זאָל איינבייגן די גאַנצע תורה אין אַ קעשענע פון אַ נייעם בגד און קומען צו אים אַן אויסגעפּוצטער. — ער שטעלט אַוועק אַ טראָט, ווי ער וואָלט זיך ערגעץ דערווייטערט, נאָר ער האָט חרטה. קערט ער זיך אום צוריק צום טיש און ס'דוכט זיך אַז ער בעט זיך שטיל און ווייך:

— גאווה האָט אויך אירע מדרגות, ווען איז דאָס גערעדט געוואָרן...

חיים וועלוול זעט, אַז אַפילו אין זיין גוטסקייט נידערט פּיניע דעם פּאָסעסאָרס אַראָפּ די אומנות פון שניידעריי נידעריקער פון זיין אָפּגע־קראָכענעם סורדוט. טראַכט ער אַז פּיניעס שנאה צו אַ נייעם בגד נעמט זיך מסתמא פון דעם, וואָס ער האָט פאַרטאַכליעוועט דעם שווערס פאַרמעגן און האָט נישט קיין נייעם מלבוש אויף שבת. ער ווייסט אָבער, אַז די שאַרפקייט וואָס פּיניע שניידט אַריין אין זיינע רייד, לייכט אַרויס פון זיין חריפות אין לערנען. פאַרשטייט ער, אַז מען וועט זיך נישט צוהערן צו זיינע רייד וועגן פּיניען, אָט אַזוי ווי מען קוקט זיך נישט אַרום אויף זיין שוואָגער פּערטשע דעם לאַטוטניק. שטייט ער איינער אַליין צווישן אַן עדה יידן — אייגענע מענטשן, נאָענטע שכנים און האָט זיך נישט אויף וועמען אָנצושפּאַרן. זיינע הענט ציען זיך אַראָפּ שווערע, נידעריקער פון די קעשענעס און ער קען זיך נישט צורירן צו דער באָרד. זיין ספרל ליגט ערגעץ פאַרלאָזן, עלנט, און ער זעט ווי דער ווינט טראָגט די בלעטער, איינציקע, אויסגעריסענע מיט די פרומע רייד פון די צדיקים, מיט דער

תורה פון די חכמים, נאָר ער קען קיין איין וואָרט נישט אָנכאַפּן. רעדט ער אויס שווער: — אַ גוטן שבת... — און לאָזט זיך וואַלגערן הינטער זיינע טריט — מעריב וועל איך דאַווענען אין דער היים...

גישע, זיין ווייב, חידושט זיך נישט וואָס דער מאַן האָט זיך צו־געאיילט קומען פון מנחה. זי פאַרשטייט אַליין, אַז מסתמא איז שוין גדליה אַריינגעקראָכן מיט אַ שפּיצל צו אים אין באָרד אַריין. באַגעגנט זי אים מיט גוטן, ווי מען שטילט איין אַ ווייטיק:

— דער שלוש־סעודות איז שוין צוגעגרייט.

חיים וועלוול קען אָבער נישט פאַרגעסן זיין שוואָגער און בראָקט אַרויס צווישן די ציין:

— פאַר פערטשע דעם לאַטוטניק אויך?!

— וואָס ווילסטו פון אים? שטעלט אַרויס גישע אירע קיילעכדיקע שוואַרצע אויגן, וואָס זייגן איין איר געזיכט אין אַ געוועב.

חיים וועלוול זעט די רייד, פון נעכטן, אייערנעכטן, אויף איר פנים: — נעבעך איינער אַליין, אָן אַ ווייב, נישט קיין קינד, נישט קיין רינד.

נאָר די ווערטער פאַרנעמט ער נישט. ער הערט בלויז ווי פּיניע דעם פּאָסעסאָרס איז מבטל מיט פּערטשעס לאנגן קאַפּטן זיין אומנות, און לאַכט אָפּ פון זיין הייליק ספרל. שרייט ער אויס:

— ער פאַרמאוסט מיין לעבן!

חיים וועלוול וויל באַווייזן, אַז ער איז גערעכט, טוט ער נאָך אַמאָל אַ קוק אויף זיין ווייב: — און זי, פערטשע דעם לאַטוטניקס שוועסטער איז בעסער פון אים?...

זי שטייט פאַר זיינע אויגן, ווען ער זיצט שוין אָפּגעזונדערט אויפן פּאָטערשטול ביי זיך אין חדר, ווייט פון דעם ווייב, דערווייטערט פון דעם מנין יידן:

— אַז זי טוט אָן עפּעס אויף זיך, הענגט עס אויף איר ווי אַ זאַק. ווען זי דאַרף נישט ברענגען פּרייטיק אין דער פרי דאָס זעקל זאַמד אויף שבת, וואָלט זי נישט געוווסט דעם חילוק פון יום־טוב און וואָך.

און איצטער, אויף די עלטערע יאָרן, ווען די זילבערנע גרויקייט פון די אויסגעקליבענע האָר באַשיינט זיין פנים מיטן כבוד פון דער ברייטער, צעשפּרייטער באָרד און די קינדער שטייען שוין אין שידוכים, טראַכט

חיים וועלוול: — ווען פּערטשע דעם לאַטוטניקס שוועסטער גרייט איצטער נישט צו פאַר אים דעם שלוש־סעודות, וואָלט ער מסתמא געווען אַ פּאָל־קאָוואָי שניידער ערגעץ אין דער גרויסער וועלט, אַ ייד, צווישן יידן, און זיך נישט געדאַרפט קראַצן פון פּיניע דעם פּאָסעסאָרס שטעכיקע וואָנצעס.

— ניין! — טוט ער זיך אַ הייב פון שטול — ער איז איר מוחל די מצווה, זאָל זי עסן שלוש־סעודות מיט פּערטשען, און ער קען זיך נישט דערוואַרטן אויפן דאַווענען מעריב...

ב

פּערטשע איז אַ נידעריקער, אַ דאַרער און אין זיינע לאַנגע און ברייטע מלבושים זעט ער אויס קלענער און דאַרער. זיין בערדל איז אַ שיטערס, אַ קורצס, אָן איין גרויער האָר, און שפּאַרט זיך אַרויס מיט דעם שפּיץ פון זיין אויפגעשטעלטן קאָלנער, ווי אַ פאַרשפּעטיקטע פּרי אויף אַ נאַקעט צווייגעלע. זיינע אויגן זענען טיפע, קיילעכדיקע, און ער זשמורקעט זיי, גלייך ווי אַ ליכט וואָלט שטענדיק געפאַלן אויף זיי. אַז מען באַגעגנט זיך אָבער מיט זיינעם אַ בליק, דוכט זיך, אַז אָט, האָט ער עפּעס דערזען און באַהאַלט עס אין זיין שמייכל, וואָס חלשט אָפּ אויף זיינע ליפּן. ער גייט מיט קליינע, דראָבנע טריט, שפּרינגט אונטער אַלע ווײַלע, לויפט אָפּ עטלעכע טריט, בלייבט שטיין, און ווען ער הייבט אָן ווידער גיין, שטעלט ער נישט קיין טריט, נאָר ער וויגט זיין גוף אין דעם ברייטן, צעשפּרייטן בגד.

אַז ער קומט שבת צו ר׳ חיימען דאַווענען מנחה, גליטשט ער זיך אַריין אין הויז, גלייך ווי ער וואָלט זיך אַראָפּגעבויגן פון דער טונקלקייט, וואָס דער בין־השמשות לאָזט אַראָפּ אויפן שטוב. מע דערזעט ערשט פּערטשען, ווען מען דערהערט אין ווינקל דעם טומל פון די קינדער. ס׳ווילט זיך פאַרחידושן: — ער איז דאָ?! — נאָר קיינער פרעגט גאָרנישט און זאָגט גאָרנישט. מען ווייסט שוין, אַז באַלד וועט מען דערקענען אויף חיים וועלוולס ברייטער, צעשפּרייטער באָרד, וואָס פּערטשע וועט טאָן מיט זיין ברייטן, צעשפּרייטן קאַפּטן. אַמאָל שטילט איין פּערטשע די קינדער און הערט זיך איין וואָס דער עולם רעדט ביים טיש. אַמאָל לאָזט ער זיי קריכן מיט זייערע הענטלעך אין זיין שיטער בערדל, איבערקלייבן די איינציקע

האָר און לערנט זיי אין אַ לידל איבערקרימען זיין נאָמען און מאַכן חוזק פון אים:

פערטשע איז נישט קיין נאָמען,
אַ לאַטוטניק איז נישט קיין שניידער.

פערטשע פאַלט נישט אַראָפּ ביי זיך, אַז ר׳ חיים הייבט אָן שרייען אויף אים. ער ווייסט, אַז ר׳ חיים מיינט אים נישט צו פאַרשעמען. פאַר־קערט, ער וויל מיט זיין אָנגעשטעלטער בייזקייט פאַרהיטן אים פון לייטיש געלעכטער. עפנט ער פריי און אָפן די אויגן, טוט אַ קוק אויף ר׳ חיימען, ווי ער וואָלט אים מיט זיין שמייכל עפּעס צוגעזאָגט און געדאַנקט, און נורעט זיך איין אין ברייטן קאַפּטן.

פערטשען אַרט אויך נישט, אַז ביי חיים וועלוולען צינדט זיך אָן די באָרד מיט זיין כעס און די ווערטער פאַלן אַרויס פון זיינע רייד. פאַר־קערט, דעמאָלט ווילט זיך אים אַרויסשפּאַרן זיין שפּיציק בערדל און אויס־לערנען די קינדער זאָגן עפּעס, ס׳זאָל אַרויסרופן ביי אַלעמען אַ געלעכטער.

פערטשע קען אָבער נישט איבערטראָגן, אַז פּיניע דעם פּאָסעסאָרס שטעכט דורך מיט די געדיכטע שפּיציקע וואָנצעס זיינע אייגענע שטילע רייד און ער פאַרגלעט זיי כלומרשט מיט זיין באַהאַלטענעם שמייכל. ער הערט אויף זשמורקען מיט די אויגן, קוקט אָפן, נאָר אים דוכט זיך, אַז ער זעט גאָרנישט. פערטשע ווייסט נישט פאַרוואָס ער האָט מורא פאַר פּיניע דעם פּאָסעסאָרס, יענער האָט מיט אים קיינמאָל קיין וואָרט נישט אויסגערעדט, און ער האָט פאַר זיינע קינדער, ווען זיי זענען אַפילו קליין געווען, נישט גענייט קיין מלבושים. נאָר אַז ער דערזעט פּיניען, דוכט זיך אים, אַז ער האָט זיך אָנגעשלאָגן אין אַ הויכן שטאַם פון אַן אָפּגעהאַקטן בוים, אָן בלעטער און אָן צווייגן.

טראַכט פערטשע רעיונות, וואָס ער קען מיט זיין שכל נישט באַנעמען:

— איז טאַקע גאָטס תורה אַזוי האַרט און טרוקן, מען זאָל פון איר נישט קענען אַרויסצאַפּן אַ וואָרט פאַר פערטשע דעם לאַטוטניק, ער זאָל כאָטש קענען זאָגן: — גאָטעניו, איך האָב דיך האָלט...

ער וויל דאָס אַמאָל פרעגן ביי ר׳ חיימען. נאָר אַז ער דערזעט ווי פּיניע דעם פּאָסעסאָרס זאָגט גאָרנישט ביים דאַווענען, אויפן טומל פון די קינדער, נאָר ער שניידט זיך אַריין אין חיים וועלוולס תורה, דוכט

זיך פּערטשען, אַז אָט־אָט וועט ער באַלד אויך אָפּמעקן די הייליקע אותיות פון זיין סידור. טריקענען זיך אויס זיינע רייד און ער גנבעט זיך אַרויס פון ר׳ חיימס שטוב, ווי ער וואָלט זיך דורכגעשפּאַרט דורך אַ שפּאַרונע.

ג

די לאַנגע גאַס עפנט פּלוצלונג אויף ווייט און ברייט די וועלט, די טריט טוען אַ צי פּערטשען אין דער ווייטקייט אַריין און ער הייבט אָן שפּרינגען, לויפן. די טריט פּלאָנטערן זיך אין דעם לאַנגן ברייטן קאַפּטן און אַזוי טומלען זיך פּערטשעס רעיונות:

— זיין שוואָגער חיים וועלוול שטעלט אַרויס די גרויסע באָרד און מיינט, אַז ער נאַרט אָפּ אַ וועלט. פּיניע דעם פּאָסעסאָרס זאָגט אים דעם אמת. ער וואָלט געוואָלט קענען לערנען ווי פּיניע, נאָר וואָס וואָלט ער געטאָן מיטן לערנען. ער האָט מורא פאַר פּיניעס לערנען און האָט רחמנות אויף זיין שוואָגער. די קינדער וואָלטן זיך געשראָקן פאַר אים און נישט צוגעגאַנגען צו אים, ווי זיי באַהאַלטן זיך פון פּיניען און ציטערן פאַר דער ברייטער באָרד.

באַפּאַלט פּערטשען אַן אומעט: — וואָס וועט ער טאָן איינער אַליין מיטן לערנען, אָן די קינדער; איינער אַליין ווי זיין שאָטן.

ער קוקט זיך איין ווי זיין אויסזען שלאָגט זיך אָפּ ווייט און לאַנג אויפן וועג, און פּערטשע טראַכט:

„אפשר איז אַ שאָטן אויך אַ לעבעדיקער נפש, אַ פאַרבאָרגענער מענטש, אַלע זעען אים, נאָר קיינער קוקט זיך נישט אַרום אויף אים“...

וויל זיך פּערטשע אויסגלייכן מיט זיין שאָטן, אָנטאָן אים אויף זיך, ווי ער טראָגט זיין קאַפּטן, ווערן מיט אים איין נפש, אפשר וועט ער דערזען, וואָס דער שאָטן וויל באַווייזן דעם מענטשן. נאָר דער שאָטן גנבעט זיך אַוועק פון אים אויפן פעלד און נאַרט אַריין זיין בליק ווייטער פון זיינע טריט, העכער פון זיין קאָפּ.

דער הימל האָט זיך אַראָפּגעזוימט אין זונען־אונטערגאַנג און וויגט אַראָפּ פון די בלויע וואָלקנס, כוואַליעס רויטקייט אויף די בערג.

פּערטשע קוקט זיך איין ווי דער הימל שווימט אַרום ווייט און ברייט, און באַשיינט די וועלט מיט דעם ליכט פון גן־עדן. וויל ער פאַר זיך אַליין דערציילן, ווי ער זינגט זיינע געזאַנגען ביי דער אַרבעט, ווי שיין גאָטס

וועלט איז. נאָר די ווערק פון בורא עולם קוקן אים אין די אויגן און פלאָנטערן זיינע רייד. צופּט ער זיין שיטער בערדל און בעט זיך:

— גאָטעניו, ווי גרויס און ברייט איז דיין וועלט. און ווי קליין און גאָרנישט איך בין אויף דיין וועלט.

זיינע פיס הייבן זיך אָן הייבן, אָט אַזוי ווי ער טאַנצט אונטער, ווען ר' חיים גיט אים אַן עליה, און ער טוט זיך אָן מיט התלהבות:

— וויל איך דאַנקען און לויבן דיך, וואָס דו היטסט מיך אויס אויף דיין וועלט איך זאָל נישט צעטראָטן ווערן ווי אַ זעמדעלע אין זאַמד...

ביי פּערטשען זינגען זיך פאַנאַנדער די רייד, וואָס מאַכן אים קליין פאַר לייטן. ער וויל דער רבונו של עולם זאָל זען, אַז ער, פּערטשע, האָט זיך נישט מיט וואָס צו איבערנעמען אויף דער וועלט:

פורים איז נישט קיין יום־טוב.
און פּערטשע איז נישט קיין רב,
ר' זאבּ, חיים וועלוול איז נישט קיין למדן
און פּערטשע דער לאַטוטניק איז נישט קיין שניידער.

„חיים וועלוול" שניידט זיך איין אין זיין געזאַנג שאַרפּער פון אַלע ווערטער און שפּאַרט זיך אים אין די אויגן ווי אַ האָלעווע פון אַן אויסגעלאָשן פייער:

ער זיצט איצטער, אָפּגעזונדערט ביי זיך אין שטוב און רעכנט זיך אָפּ מיט פּערטשע דעם לאַטוטניקס שוועסטער פאַר די בזיונות, וואָס איר ברודער טוט אים אָן.

„גישע, די שוועסטער, דאַרף נעבעך אויסשטיין די צרות פון ברודער — האָט פּערטשע טענות צו זיך — און ער שפּאַצירט זיך אַרום, ווי אַ פערד אָן דעם שפּאַן, איבער די פעלדער". ענטפערט ער זיך מיט זיין טאַטנס רייד: פרא אדם!

זיין טאַטע ע"ה האָט געשריגן אויף אים: „פרא אדם, זיי אַ מענטש"!

— קיין מענטש איז ער נישט געוואָרן — ציפּט פּערטשע זיין בערדל — אָבער פון פרא אדם איז אים געבליבן דער צונאָמען פּערטשע, און ער אַליין פאַרגעסט זיין נאָמען גדליה. — און אפשר דערפאַר — וויל זיך פּערטשע טיפער אַריינטראַכטן אין זיך אַליין — האָט מען אים איינ־געשמועסט אַז ער איז דער פורים־רב, מען זאָל קענען אָפּלאַכן פּערטשע — סערצע.

פערטשעס רעיונות פלאָנטערן זיך אַרום אים, ווי די שאָטנס קריכן איבער דער נאַכט אויף די פעלדער. איין זאַך גייט אים אָבער נישט אַרויס פון זינען: — דערווייל קומט אָפּ זיין שוועסטער אויף דער וועלט פאַר איר ברודער גדליה דעם פרא־אדם, וואָס וועט קומען אויף יענער וועלט מיט אַ פרעמדן נאָמען. און ער יאָגט זיך אַוועק צו דער שוועסטער.

ד

פערטשע גייט נישט אריין צו דער שוועסטער אין שטוב דורך דער פאָדערשטער טיר, נאָר ער גנבעט זיך דורכן גאָרטן, און עפנט די קיך־טיר. ער בלייבט שטיין אויפן שוועל און פאַרענטפערט זיך: „איך בין נאָר געקומען... און הייבט זיך אָן אָפּציען פון טיר: — איך גיי אַוועק“.

גישע קען נישט באַהאַלטן איר פרייד, לאָזט זי הערן הויך איר קול:

— גוט וואָס דו ביסט געקומען, גדליה, וועסטו עפּעס אָפּעסן...

— שריי נישט, ער וועט דערהערן — בייגט זיך אָן פערטשע צו דער טיר און קוקט אַריין אין דער אָפנקייט פון קיך.

— קום אַריין, האָב נישט מורא — בעט זיך גישע ביי איר ברודער — איך האָב גענוג געהאָרעוועט און צוגעגרייט פאַר אַלעמען, פאַרן מאַן, פאַר די קינדער...

גישע וואָלט געוואָלט, אַז יעדעס מאָל, ווען מען זעצט זיך עסן, זאָל גדליה זיצן צוזאַמען מיט אַלעמען ביים טיש. אויב נישט אַלע טאָג, איז כאָטש שבת און יום־טוב. ער איז נעבעך איינער אַליין, אָן די קינדער. דרייצן יאָר אַן אלמן. ווער וועט מיט אים חתונה האָבן נאָך אַמאָל. זי וועט דעם מאַן דערלאַנגען דעם ערשטן חלק אויבנאָן, פאַר דעם ברודער בלויז לאָזן אַן אָרט ביים ברעג טיש. דער מאַן שפּאַרט אָבער אָן מיט אַזויפיל תורה זיין ברייטע, צעשפּרייטע באָרד, אַז ס׳בלייבט אפילו נישט קיין אָרט אויף דער שוועל פון טיר פאַר דעם ברודערס אַ טראָט.

טיילט זי אָפּ אַ חלק פלייש פון וואַרעמעס, קאָכט אָפּ אַ טעפּל קרופּניק און טראָגט עס אַוועק אונטער דער פּאַטשיילע צום ברודער. אַמאָל נאַרט זי אים אַריין אין קיך, ווען דער מאַן צאַצקעט זיך מיט זיינע פאַר־טיקע גאַרניטורס אין שטוב, און גיט אים אָפּעסן.

און איצטער, אַז גדליה האָט אַליין געעפנט די טיר פון קיך, קוקט

גישע אויף אים, ווי דאַר און קליין ער איז און וויל אים נישט אַרויסלאָזן אָן עסן. דערמאָנט זי אים נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל:

— וואַש זיך, דו האָסט דאָך נאָך נישט געגעסן קיין שלוש־סעודות.

— ער האָט אויך נישט געגעסן — וויל זיך פּערטשע פאַנאַנדערלאַכן, נאָר דאָס געלעכטער ברעקלט זיך פאַנאַנדער אין אַן איבערגעריסענעם כע־כע, וואָס שפאַרט זיך אַריין מיט ביטערקייט אין זיינע פאַרזשמורקעטע אויגן.

— וואָס זאָל איך טאָן? — קוקט זיך גישע איין אויף איר איינגע־דאַרטן קערפּער — קיינער וועט נישט גלייבן אַז זי האָט אַמאָל געבוירן קינדער — און זי טוט אַ זיפץ: „פאַרוואָס זאָל איר מזל זיין בעסער ווי דעם ברודערס“.

דער שוועסטערס צער וואַכט אויף פּערטשען. ער קען מער נישט שטיין ווי אין אַ באַהעלטעניש. עפנט ער ברייט די אויגן, וויל עפּעס זאָגן, גישע זאָל זען, אַז צו איר איז געקומען אירער אַ ברודער — אייגן בלוט און פלייש. שווימען אַרויס, אָן זיין וויסן, די ווערטער פון זיינע בליקן: — מיר וועלן ביידע עסן פון שור הבר.

קען שוין גישע נישט באַהאַלטן איר ביטערקייט: — אויב ער וועט איבערלאָזן אַ חלק...

— ער עסט שוין, קען זיך נישט דערוואַרטן אויף משיחן! לאַכט זיך פאַנאַנדער פּערטשע מיט אַזאַ הויך געלעכטער, אַז דאָס געלעכטער טרייבט אים אַרויס, ווי אַ פרעמד קול פון קיך.

פון הינטן באַגלייט גישע אים: — וועל קומען, קומען... — ער ווייסט נישט צי ער זאָגט דאָס, אָדער גישע בעט עפּעס ביי אים.

ה

אַז פּערטשע קומט אָבער אַהיים, ער טוט אַ קוק אויף די קאָזשוכעס און סערמענגעס, וואָס ליגן אָנגעהורבעט ווי פעל פון אָפּגעשונדענע פגירות, הייבט ער אָן צופן זיין שיטער בערדל:

— וואָס האָט ער זיך געאיילט קומען אַהיים, ער וועט נישט האָבן קיין צייט אַוועקצוזעצן זיך מיטן נאָדל פאָדעם, די פוס אונטער זיך, ווי אַ הון אויף דער שעדאלע?

ער דערזעט זיין שוועסטער, אַזוי נאָענט ווי איר ווייטיק וואָלט אַריין אין זיין לייב:

— און וואָס וועט ער דאָ אויפטאָן אַליין מיט זיין קורנעם לעמפּל? די קאָזשוכעס און סערמענגעס זענען נישט ווערט קיין ליכטיקערן פייער.

לאָזט פּערטשע אַרויס זיין אומעטיקן ניגון:

פורים איז אַ יום־טוב
חיים וועלוול איז אַ למדן
נאָר פּערטשע איז אַ לאַטוטניק.

ער ווייסט נישט צי ער בייסט זיך אַריין אין זיין אייגענעם ווייטיק, אָדער ער רעכנט זיך אָפּ מיט די אַלע מענטשן, וואָס קריכן איצטער אַרויס פון הינטער די אָנגעלייגטע קאָזשוכעס. ער לאָזט זיי איבערחזרן זייער חוזק, און אַנטלויפט נישט פון זיי. פאַרקערט, אָט דאָ אין דעם שטילן אומעט, שיילט ער זיך אויס פון די פרעמדע, שאַרפע בליקן, הערט אויס זייערע רייד און ענטפערט אָפּ:

— פּערטשע, אַז דו וועסט נישט אַראָפּלאָזן דעם קאָפּ אין קאָלנער, וועסטו הייבן העכער די פיס.

— אַ פויגל באַהאַלט אין זיינע פליגלען דעם קאָפּ נידעריקער, און הייבט זיך אויף העכער פון אַ מענטשן.

— טאָ פאַרוואָס שפּרינגסטו אונטער אַז דו גייסט?

— כע־כע — ציילט, פּערטשע די האָר אין זיין שיטער בערדל און ענטפערט נישט. ער טראַכט אָבער, אַז אַ מענטש לויפט, שפּרינגט אונטער, טאַנצט צו;... איילט ער זיך, יאָגט זיך ער זאָל דער ערשטער באַגעגענען משיח צדקנו, ער זאָל פריער פון אַלעמען דערזען אליהו הנביא, אָט, אָט...

אַזוי קוקט זיך אויס פּערטשע אויף זיינע קינדער: ער יאָגט זיך נאָך אַ בריוו פון אַמעריקע, און אים דוכט זיך, אַז אָט־אָט וועט ער דערזען אַ העגטעלע פון אַן אייניקל, דערהערן „זיידע”, אָט אַזוי ווי פרעמדע קינדער קריכן צו אים אין ברייטן קאַפּטן און לאַכן „פּערטשע”.

נעמט פּערטשע אויף די פרעמדע קינדער ווי זיינע אייגענע אייניקלעך. און אַז זיינע דאַרע פינגער ווערן האַרט מיטן שטאָל פון נאָדל און ווילן זיך נישט בייגן אונטער די קאָזשוכעס, טראַכט פּערטשע, אַז זיי, די הענט, זענען גערעכט; „זיי וועלן דאָך דאַרפן אַמאָל אָנרירן אַ חלק

פון דעם שור הבר, און ער טרייסט זיך: — באַלד, באַלד, וועט ער אָנהייבן נייען די גאַרניטורלעך פאַר די קינדער אויף יום־טוב...

ו

מיט די גאַרניטורלעך אויף יום־טוב קומען צו פּערטשען צוזאַמען מיט די קינדער אויך די מאַמעס; די מאַמעס זאָגן פאַנאַנדער, לערנען, רעכענען אויס: „לענגער, ברייטער, וועט אויסוואַקסן"... און די ייִנגלעך שרייען, אַמפּערן זיך, וויינען. זיי ווילן אַנדערש, לאָזן זיך נישט נעמען קיין מאָס און רייסן ביי די מאַמעס פון די הענט דעם קאָרט אָדער דעם אַלטן בגד, וואָס מען דאַרף איבערנייען פון אַן עלטערן אויף אַ ייִנגערן.

פּערטשע הערט זיך נישט צו צו די מאַמעס און פאַרנעמט זיך מיט די קינדער. איינעם גיט ער אַ שפּולקע — אַ צאַצקע און לאָזט אים שרייבן מיטן קרייד, אַן אַנדערן דערלאַנגט ער די שער, זאָגט אים:

— נאַ, שער, — און קלייבט צו די ווערטער פאַר זיין ניגון:

חיים וועלוול דער שניידער, אַ גרויסער יחסן,
פּערטשע דער לאַטוטניק איז ניט קיין כעסן,
טראָגט ער ניט די תורה ביי זיך אין באָרד
נאָר זוכט עס ביי אַ קינד אין דעם קאָפּ.

די קינדער הייבן אָן לאַכן:

— פּערטשע האָט נישט קיין באָרד...

און קלייבן איבער מיט זייערע הענטעלעך זיינע שיטערע הערעלעך.

פּערטשע ווערט זיך ניט, נעמט דאָס ייִנגל אויף די הענט, שטעלט אים אַוועק אויפן בענקל: — זאָג יאַנקעלע, דו ווילסט זיין הויך ביזן באַלקן?

די מאַמע מישט זיך ווידער אַריין, ווייזט אָן, לערנט... וויינט זיך דאָס ייִנגל פאַנאַנדער:

— איך וויל נישט זיין קיין קליינער און גיין מיט אַ שפּאַלט, — און ער וויל אַראָפּשפּרינגען פון בענקל.

— אַז דו וועסט נישט וויינען — שטילט איין פּערטשע דאָס ייִנגל, וועל איך דיר דערציילן אַ מעשה וועגן אַ ייִנגל, וואָס איז געקומען צו אַ שניידער נעמען אַ מאָס, קליין ווי אַ ניסל און איז אַרויס אין נייעם גאַרניטור הויך ווי אַ קוימען.

— ניין, אַ ליגן! רייבט דאָס ייִנגל די טרערן פון די אויגן.

— טאָ הער די מעשה — נעמט פּערטשע די מאָס, — אַמאָל איז געוועזן אַ יינגל, קליין ווי אַ ניסל, האָט ער נישט געקענט שלאָפן אין בעט, נאָר געלעגן אונטערן טיש. האָט דער טאַטע אויפגעהויבן אים אויפן אַקסל, ער זאָל זיין העכער פון זיין קאָפּ, און די מאַמע האָט אים געטראָגן אויף די הענט, ער זאָל איר קוקן אין די אויגן. נאָר דאָס יינגל איז געוועזן קליין ווי אַן אַרבעס און האָט זיך געקייקלט אויף דער ערד ווי אַ ניסל.

— טאָ וואָס איז געוועזן? — קען זיך שוין דאָס יינגל נישט דער־וואַרטן אויפן סוף.

פּערטשע איילט זיך אָבער נישט, ער נעמט די מאָס, רעכנט אויס געלאַסן די ברייט, די לענג:

— האָט דאָס יינגעלע געהאַט אַ שוועסטערל, די גרויס פון אַן אוגערקע און שנעל ווי אַ ווערווערקע, האָט זי גענומען איר ברודערל, דאָס ניסעלע אויף אירע פּלייצעס און געבראַכט אים צום שניידער —

— צו פּערטשען! — הייבט אָן יאַנקעלע אונטערטאַנצן.

— וואַרט, דו וועסט אַראָפּפאַלן — נעמט פּערטשע אַראָפּ דאָס יינגל פון בענקל:

— גיי אַהיים! — דער טאָפּ וועט אויפעסן דיין וועטשערע.

— ניין, אַ טאָפּ קען נישט עסן — קריכט דאָס יינגל פּערטשען אין ברייטן קאַפּטן און וויל נישט אַוועקגיין פון אים. ער וויל וואַרטן ביז זיין גאַרניטורל וועט פאַרטיק ווערן. און אז די מאַמע נעמט שוין צו דאָס קינד פון פּערטשען און פאַרגעסט נישט איבעררעדן פאַר אַ שכנה: — נישט געפּאָקט, נישט געמאָזלט און איז געוואָרן בעסער פון זיידן — גנבעט זיך אָפּ דאָס יינגל פון שטוב, ווי ער אַנטלויפט זיך שפּילן מיט אַ חבר און קומט צו פּערטשען אין דער אַלטער כאַלופּע.

פאַר די יום־טובים זענען ביי פּערטשען אין שטוב מערער קינדער ווי ביי דעם רבין אין חדר. זיי קאָמאַנדעווען מיט אים, אָט אַזוי ווי זיי שפּילן אין דרויסן אין זייערע שפּילן. זיי לאָזן אים דערציילן אַ מעשה, שלאָגן איבער אין מיטן, און הייבן אָן שרייען: — זינג, זינג עפּעס, און זיי זינגען צוזאַמען מיט פּערטשען:

חיים וועלוול דער שניידער איז אַ גרויסער יחסן
פּערטשע דער לאַטוטניק איז נישט קיין כעסן...

פּערטשע פאַרגעסט, אַז ער דאַרף מאַכן פאַרטיק די גאַרניטורלעך

אויף יום־טוב, ציט ער אָן אויף זיך זיינע נאַרישקייטן, די קינדער זאָלן מערער לאַכן, זיי זאָלן זיין פריילעכער, און ער אַליין טוט זיך אויך אָן אין אַ פרייד. זיינע פיס הייבן אָן ציטערן, ווי צו אַ טאַנץ. ער קלייבט די שיטערע האָר פון זיין בערדל און בעט זיך ביי גאָט:

— רבונו של עולם, טאַטע אין הימל, ווען דו לאָזט די קינדער פירן די וועלט, וואָלט דאָך קיין גאווה נישט געווען ביי די מענטשן. — אים באַפאַלט אָבער פלוצלונג אַן אומעט: — וואָלט גישעס לעבן נישט פאַר־פינצטערט געוואָרן ביים מאַן.

נאָר די קינדער לאָזן נישט פערטשען אַריינפאַלן אין עצבות ביי דער אַרבעט אין שטוב און זיי טרעטן פון אים נישט אָפּ שבת ביים דאַווענען.

די קינדער שפּילן זיך מיט זיין טלית און ענטפערן „אמן" צוזאַמען מיט פערטשען, מיטן ניגון פון די געזאַנגען, וואָס ער זינגט וועגן חיים וועלוולען. זייערע קולות טראָגן זיך איבער דער שטוב העכער פון די מתפללים און זיי פירן אַראָפּ דעם שליח־ציבור פון נוסח.

שרייט דער עולם: — נו, נו... — חיים וועלוול שפּאַרט אַרויס זיין בליק ווייטער פון זיין ברייטער, צעשפּרייטער באָרד און ר׳ חיים פּרוווט איינשטילן די יידן. ער וויל זיך אָננעמען פאַר פערטשען, נאָר ער קען זיך שוין מער נישט איינהאַלטן. גייט ער צו צו אים, נעמט צו די קינדער און פרעגט שאַרף: — וואָס טוט זיך מיט דיר?! — פערטשע וואָלט געוואָלט, אַז זיין שוואָגער חיים וועלוול, זאָל צוגיין צו אים פרעגן עס. אים וואָלט ער שוין געוווסט וואָס צו ענטפערן. פאַר ר׳ חיימען איז אים אָבער שווער אויסלייגן זיינע רייד. ער ווייסט אַז ביי ר׳ חיימען וועט באַלד איבערגיין דער כעס, און נאָכן דאַווענען וועט ער אים פאַרבעטן עסן וואַרעמעס. ער וועט זיך אָבער נישט זעצן צום טיש, אַזוי ווי ער וועט איצטער ביים דאַווענען נישט זאָגן ר׳ חיימען, אַז ביים אויבערשטן זענען אפשר די נאַרישע רייד פון די קינדערס געלעכטערס מער אָנגעלייגט ווי די תורה פון פּיניעס בייזקייט.

פערטשע רעדט זיך אָבער איין, אַז שפּעטער, נאָכן דאַווענען, ווען דער עולם וועט אַוועקגיין אַהיים און ר׳ חיים וועט אים פאַרבעטן צום טיש, וועט ער אים זאָגן:

— ר׳ חיים, איר קענט לערנען, ווי גאָט וויל אַ ייד זאָל לערנען, וויל איך ביי אייך פרעגן: האָט עמיצער מער ליב קינדער ווי דער אייבער־

שטער? טאָ פֿאַרוואָס זאָל גאָט נישט וועלן, אַז די קינדער זאָלן זיך פֿרייען צוזאַמען מיט אַלע יידן ביים דאַווענען, טאַקע אָנטאָן אונדז אויך מיט פֿרייד, און דאָ איז גאָר פֿאַרקערט — דער עולם וויל אַז זיי זאָלן „ליגן שטיל ווי די זאַטע קעלבער".

נאָר אַז פּערטשע הערט ווי ר׳ חיים זאָגט צו זיין ווייב: חנה, מיר האָבן אַן אורח צום טיש — עפֿנט ער ברייט די אויגן, און ציטערט אַוועקשטעלן אַ טראָט. טיף איז ביי אים די גלוסטונג צו זיצן מיט ר׳ חיימען ביי איין טיש, נאָר גרעסער איז ביי אים די שרעק פֿאַר דעם ווייסן טישטעך, פֿאַר דער משפּחה וואָס דערנענטערט זיך צום טיש. זיינע הענט הייבן אָן חלשן איידער זיי רירן זיך צו צו די גאָפּל־מעסער, טומלט ער זיך אין זיינע רייד: — „גישע האָט צוגעגרייט, באַהאַלטן אונטערן קישן", און לויפֿט אַרויס פֿון שטוב.

ז

פּערטשען ציט אָבער צו ר׳ חיימס הויז. ביינאַכט, אַז פּערטשע פֿאַרגעסט זיך אַז ער נייט פֿאַר פּויערים בגדים און ער הייבט אויף דעם קאָפּ פֿון נאָדל־פֿאָדעם, גלייך ווי אַ מענטש, וואָס שטעלט זיך אָפּ אין מיטן וועג פֿון פֿאַרמאַטערטקייט, און פֿאַרקוקט זיך אויפֿן פֿרעמדן אַרום. ער דערזעט פּלוצלונג די שאָטנס פֿון די קאָזשוכעס, פֿון די סערמענגעס. זיי הייבן זיך פֿון דער פֿינצטערניש, שפּאַרן זיך אויף די ווענט און פֿלעכטן זיך אַרום אים ווי פֿאַרדאַרב־גראָז קריכט אויף די צווייגן פֿון אַ בוים. פֿאַלט אָן אויף פּערטשען אַ שרעק: — דאָס באַוווייזן זיך די מחבלים; זיי קומען נעמען דין־וחשבון: „דו נייסט סערמענגעס, קאָזשוכעס, פֿאַר די גויים, זיי זאָלן עס טראָגן מיט אַ צלם אין קלויסטער".

ווערט פּערטשע קלענער און דאַרער אין זיין ברייטן קאַפּטן. אַלע משחבות, וואָס ער טראַכט וועגן זיין שווערער פּראַצע און אומעטיק לעבן, טריקענען זיך אויס און ער קען זיך נישט פֿאַרענטפֿערן. בעט ער זיך:

— זאָל זי זיך מיען פֿאַר אים — און יאָגט זיך אַרויס פֿון שטוב.

מיט דעם זעלבן אימפּעט טראָגט זיך פּערטשע ביז ר׳ חיימס הויז. אַז ער דערזעט אָבער די פֿייערן אין פֿענצטער, בלייבט ער שטיין און גייט נישט ווייטער. ער קוקט זיך איין פֿון ווייטן און זעט ווי ר׳ חיים זיצט איינער אַליין ביים טיש איבער אַ ספֿר. ער עפֿנט ברייט די אויגן און די

שרעק פון די קאָזשוכעס הייבט אָן טריפן מיט פרייד: — „אַז ר׳ חיים לערנט, לייכטן די אותיות יעדערן אין פנים אַריין״.

ער וויל אַריינגיין צו אים אין הויז און ברענגען די רייד וואָס ער טראַכט איצטער: — „איר, ר׳ חיים וועט האָבן עולם הבא אויף יענער וועלט. איך האָב אָבער הנאה פון אייער לערנען דאָ, אויף דער וועלט״.

אַז ער טרעט אָבער איבער די שוועל און דערזעט ווי ר׳ חיים דערנענטערט זיך צו אים: — קום אַריין, קום אַריין, דו דאַרפסט דאָך עפעס האָבן, וואָס ווילסטו? — שפּאַרט זיך איין פּערטשע און פּאַר־שטשימעט זיינע ווערטער, ווי ער וואָלט זיי איבערגעבראָכן אין זיינע דאַרע הענט.

ר׳ חיים לייגט אַרויף זיין האַנט ביי פּערטשען אויפן אַקסל: — זעץ זיך אַוועק, וועסטו זאָגן נאָך וואָס דו ביסט געקומען.

בייט איבער פּערטשע אַ טראָט, אים דוכט זיך אָבער, אַז דאָס ליכט שיינט אים אַריין אין די אויגן פון אַלע ווינקעלעך איבערן שטוב. בלייבט ער שטיין, זשמורקעט מיט די אויגן און ציפּט דאָס בערדל:

— איך דאַרף האָבן שוועבעלעך, ביי מיר אין שטוב איז פינצטער פון די קאָזשוכעס.

— ער איז געזעכט — באַהאַלט ר׳ חיים זיינע רעיונות אין אַ זיפץ, און גיט אים נאָך:

— שוועבעלעך זענען, דאַנקען גאָט, פאַראַן גענוג. דו דאַרפסט אָבער אָנצינדן אַ גרעסערן לאָמפּ, וועט זיין ליכטיקער. איך וועל דיר געבן אַ לאָמפּ.

ער קוקט אויף פּערטשען און זעט ווי ער באַהאַלט זיך פון אים מיט זיינע טראַכטונגען אין דעם ברייטן קאַפּטן. פאַרשטייט ר׳ חיים, אַז נישט אַזוי האָט ער געדאַרפט אים ענטפערן. ער דאַרף צו אים אַנדערש ריידן. דערמאָנט ער זיך אויף דעם נייעם יאָר וואָס גייט, און פּרוּווט טרייסטן פּערטשען:

— ס׳קומען די יום־טובים, וועסט זיך אָפּרוען פון דער אַרבעט, וועסטו פאַרגעסן וועגן די קאָזשוכעס מיט די סערמענגעס, קום, זעץ זיך ביים טיש, וואָס שטייסטו ביי דער טיר?

די יום־טובים וועקן אויף אַ פונק פון פרייד ביי פּערטשען.

— אָבער וואָס טוט ער אויף פאַר דעם רבונו של עולם יום־טוב? —

קוקט ער מיט ציטער אויפֿן אָפֿענעם ספר פֿון טיש: — איר, ר׳ חיים, זיצט און לערנט.

— דו מיינסט, אַז איך זיץ שטענדיק און לערן — ווויל ר׳ חיים באַווייזן זיין קליינקייט, פּערטשע זאָל זיך נישט אָפּפֿרעמדן פֿון אים, — דו מאַכסט די קאָזשוכעס און איך פֿאַרקויף דעם גוי אַ טאָפּ זאַלץ, אַ פֿונט מעל. איך נעם אַ ספר אין האַנט, און דו זאָגסט אָפּ אַ קאַפּיטל תהילים, שפּילסט זיך מיט די קינדער. ווער ווייסט וואָס איז מערער אָנגעלייגט ביי דעם אויבערשטן?

ר׳ חיים האָט אַליין נישט געזען, ווי די רייד, וואָס האָבן באַגערט צו טרייסטן פּערטשען, זענען אַריינגעדרונגען אין זיינע אייגענע רעיונות, און ער האָט זיך פֿאַרטראַכט:

— וואָס איז טאַקע דער תכלית פֿון דעם מענטשן? אָטאָ שטייט לעבן אים אַ ייד, קליין און דאַר, אין זיין ברייטן קאַפּטן, ווי אַ קינד ביי אַ מאַמען אויף די הענט, און ער קוקט מיט אַזאַ אומעט, ווי דער אייבערש־טער וואָלט מצמצם געווען אין אים דעם טרויער פֿון גאַנצן גלות.

ר׳ חיימען דוכט זיך, אַז ער ליידיקט זיך אויס פֿון זיין לערנען און זיין גרויסע באַלעבאַטישקייט שפּרייט זיך אויס גרעסער, רחבותדיקער, גלייך ווי עמעצער וואָלט זיך פֿאַרשטעלט פֿאַר פּערטשעס שאָטן. בכיוון רייכער געמאַכט זיין פֿאַרמעגן, ער זאָל זיך קענען רייצן מיט אים: וואָס פֿאַר אַ ווערט האָט דיין פֿאַרמעגן?

— גאָרניט — זיפֿצט ר׳ חיים — און ער הייבט אָן לויבן פּערטשעס מעשים:

— אַז די קינדער קומען צו דיר, לויפֿן זיי נישט אַרום מיט די שקאָצים, היטסטו זיי אויס פֿון אַ קלאַפּ. דאָס איז אַ גרויסע מצווה.

פּערטשע ווייסט אָבער אַז דאָס איז ווינציק:

— אין אַ מצווה דאַרף מען אַריינקריכן, ווי מען טוט אָן דעם שבתדיקן קאַפּטן, ווי מען דעקט זיך צו מיטן טלית. וואָס פֿאַר אַ מצוות איז ער, פּערטשע, מקיים מיט די קינדער. קיין מודה אַני זאָגט ער נישט מיט זיי, לערנען קען ער נישט מיט די קינדער, פֿאַרקערט, ער פֿאַרשפּילט זיך מיט זיי און זיי ווערן דערווייל אָפּגעפֿרעמדט פֿון גאָטס תורה.

פֿאַראומערן די רעיונות ביי פּערטשען די פֿרייד פֿון די קינדער. ער קען אַליין נישט צוטראַכטן קיין מצווה, וואָס זאָל מצרף זיין די קינדער

אין דער עבודה, מיט וואָס ער וויל דינען צו גאָט ברוך הוא. זונדערט ער זיך אַמאָל אָפּ פון די קינדער אין דער וואָכן און שטעלט זיך אַוועק שבת דאַווענען אין אַ ווינקל. ער בעט זיך ביי דעם אויבערשטן, שטיל פאַרבאָרגן אין זיך: אפשר זינדיקט ער: וואָס זאָל ער אָבער טאָן, זיינע קינדער האָדעווען זיך ערגעץ אין אַמעריקע. פרעמדע מענטשן קוקן אויף זיי, און ער קען זיי נישט זען.

ח

אַנדערש איז אָבער שמחת־תורה. די בעל־מלאכות — די שוסטערס, די דאָרפסגייער נעמען אַ טרונק בראָנפן אין דער פרי, איידער זיי קומען דאַווענען. פערטשע פעדערט זיך און ער פאַרזוכט אַ טראָפּן פון זיין פליאַשקע פריער פון אַלעמען. ער באַהאַלט כלומרשט דאָס פלעשל אונטערן קאַפטן, נאָר ער האַלט אַזוי דעם בראָנפן, אַלע זאָלן זען אַז ער האָט אויך געבראַכט משקה. פערטשע דאַרף נישט טרינקען קיין סך, אַז דאָס שיכרות וואָס יערט אַ גאַנץ יאָר אין זיינע טריט, אין זיין לויב צו דעם אויבערשטן, זאָל אָנהייבן שפּילן אויף זיין פּנים. זיינע אויגן קיילעכיקן זיך אויס, קוקן אָפן און ער זונדערט זיך נישט אָפּ פון עולם. אַז אַ בעל־מלאכה טראָגט אים צו אַ קעלישעק בראָנפן:

— פערטשע, טרינק, היינט איז שמחת־תורה.

— איך ווייס נאָך פון פאַראַיאָרן — באַטויט זיך זיין פּנים מיט אַ שמייכל, און ער באַווייזט זיין פליאַשקע וואָס ער האָט פאַרזוכט פריער פון אַלעמען.

ער קוקט אויפן עולם, וואָס דאַוונט און רעדט, שטייט נישט אויף איין אָרט, גייט אַרום איבערן שטוב, שפּאַרט אַריין אַן אַקסל אין אַקסל, און לאָזט איבער דעם שליח־ציבור ערגעץ ווייט, דערווייטערט, ווי ער וואָלט געדאַוונט באַזונדער פאַר זיך אַליין. די קינדער דרייען זיך אַרום, אַרום די דערוואַקסענע, פּלאָנטערן זיך אונטער זייערע פיס. און די טאַטעס, די זיידעס גליטשן זיך אַראָפּ פון זייער עלטער. זיי ווערן אַליין קינדער און פרייען זיך ווי קינדער מיט גאָטס תורה, אָט אַזוי, ווי פערטשע פרייט זיך מיט זיי אַ גאַנץ יאָר.

די קינדער טוליען זיך אָבער צו פערטשען נענטער ווי צו זייערע טאַטעס און זיידעס. זיי לאָזן אים נישט אָפּ, שפּאַרן אים די פּאָנעס אין

בערדל אַריין, ציען אַראָפּ פון אים דעם טלית, הייבן די פּאָלעס פון זיין ברייטן קאַפּטן און שרייען און טומלען מיט זיינעם אַ ניגון.

נאָר פּערטשע לאָזט איצטער אַרויס אַן אַנדער געזאַנג. ער טאַנצט אונטער מיט זיינע דראָבנע טריט, און זיין קול הערט זיך ביי די הקפות: — טאַטע, פאָטער, איך האָב געבראַכט די קינדער, מיר זאָלן זיך צוזאַמען פרייען מיט דיין תורה... — און אַזוי טאַנצט ער צו צו ר׳ חיימען: — ר׳ חיים, איך וויל מקיים זיין אַ מצווה צוזאַמען מיט די קינדער.

ר׳ חיים האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען פּערטשעס אויגן אַזוי אָפן. קוקט ער זיך איין ווי זיין פּנים שיינט מיט דער ליכטיקייט פון דעם בליק, און ער ציט אַרויף זיין טלית העכער אויף די אַקסלען:

— טאָ וואָס ווילסטו, גדליה?

ביי פּערטשען הייבן זיך אָן פּלאָנטערן די רייד. אים דוכט זיך אַז ער לאָזט זיך אַראָפּ אַ שווערער אין זיין ברייטן קאַפּטן, און אַזוי שווער איז אים עפּעס צו זאָגן. ער וויל אָבער געבן צו פאַרשטיין ר׳ חיימען:

— אַ גאַנץ יאָר שרייט מען אויף מיר פּאַרוואָס איך לאָז נישט אָפּ די קינדער, וויל איך היינט פאַרדינען די מצווה און זיך פרייען צוזאַמען מיט די קינדער מיט גאָטס תורה.

— דו ווילסט קריגן כל הנערים — ווערט צעטומלט ר׳ חיים און ווייסט נישט וואָס צו ענטפערן פּערטשען.

— יאָ, יאָ — לאָזט פּערטשע אַראָפּ דעם קאָפּ, ציפּט דאָס בערדל און וויל זיך אַליין באַהאַלטן פון די אייגענע רייד וואָס ער האָט געזאָגט. ר׳ חיים זעט ווי די פרייד פון גאָטס תורה פאַרציט זיך פּלוצלונג ביי פּערטשען אויפן פּנים מיט זיין עלנטקייט פון אַ גאַנץ יאָר. טראַכט ער, אַז גדליהן קומט בעסער „כל הנערים" ווי שכנא דעם פּאָטשטער, וואָס וועט גיכער אַ שמייכל טאָן צו זיינע פערד, איידער אַ קוק טאָן אויף אַ קינד.

— ער האָט אָבער די חזקה — האַקן זיך איבער ר׳ חיימס רייד און ער קען גאָרנישט זאָגן שכנאן, נאָר ס׳גנבענען זיך אַרויס ביי אים די ווערטער:

— אפשר?...

קיינער ענטפערט נישט ר׳ חיימען, נאָר אַלע קוקן אויף פּערטשען און די בעלי־מלאכות, די ווילע יונגען גיבן אים געוועכט:

— חתן בראשית!

— שישי!

— כהן!

מען שטייט צו צו אים, מען ציט אים פאַרן אַרבל:

— פערטשע דו ביסט דאָך אַ כהן!

די שענערע בעלי־הבתים מישן זיך נישט אין טומל, נאָר ריידן צווישן זיך:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ פאַסטאַכץ? די תורה איז שוין הפקר! נישטאָ גאָר קיין גרענעץ, קיין גדר, ר׳ חיים וויל אַז פערטשע זאָל מחנך זיין די קינדער צו עבודת הבורא. מען ווייסט גאָרנישט צי מען מעג געבן אַ חסר־דעה אַן עליה.

זיי ריידן, גאָרנישט ווי שמחת־תורה, נאָר ניכטער מיט אַ רעכענונג, ווי מען פירט אַ מסחר, און היטן אָפּ דעם אייגענעם כבוד, ווי מען ציילט אויס גראָשנס ביים געבן רעשטע.

ר׳ חיים קוקט אויף פערטשען: — קען זיין אַ גרעסערע מצווה. — נאָר דער עולם לאָזט זיך נישט בייגן, און ער ווייסט אַליין נישט צי ער מעג זיך איינשטעלן פאַר פערטשען.

פערטשע וויל אָבער נישט פאַרשאַפן קיין עגמת נפש ר׳ חיימען. טראַכט ער אים זאָגן, אַז ער האָט נישט געמיינט קיין „כל הנערים״, ער האָט נאָר געוואָלט, מען זאָל אים לאָזן זיך פרייען מיט די קינדער.

ווי קען ער אָבער צוקומען צו ר׳ חיימען? ר׳ חיים שטייט אַרומגערינגלט מיט די שיינע בעלי־הבתים, גרויסע סוחרים, הויכע לייט, וואָס קענען אָפּמעקן פערטשען פון דעם פנים פון דער ערד בלויז מיט איין בלאָז פון זייערע נאָזלעכער.

טוליעט ער זיך אין זיין ברייטן קאַפּטן, שאַרט זיך אַרום אַרום די בעלי־מלאכות, די ווילע יונגען, און פאַרנעמט וואַרעם און נאָענט דעם חוזק וואָס שוימט אַראָפּ פון זייערע רייד. אים דוכט זיך אַז זייער געלעכטער באַשיצט אים איצטער פון די פרעמדע בייזע אויגן, אָט אַזוי ווי דער ברייטער קאַפּטן היט אָפּ די פאַרבאָרגעניש פון זיין דאַרן קליינעם גוף.

— פערטשע, — רעדט אים איינער איין, ווי ער וואָלט עפּעס געדאַרפט אַראָפּדינגען ביי אים, — נישט „כל הנערים״, נאָר פּורים־רב.

דער שפּאַס ווערט גרעסער: — פּורים־רב! פּורים־רב! — נעמט

אים אַרום אַן אַנדערער, פּרוווט אים אויפהייבן, ווי ער וואָלט אים געוואָלט אַוועקזעצן אויפן רבנות־שטול:

— אָט אַזוי, אָט אַזוי, אַ פּורים־רב!

פּערטשע ווערט זיך נישט, ציפּט זיין בערדל און לאַכט מיט אַ צע־ברעקלט געלעכטער, מיטן ניגון פון אינדערוואָכן: כי, כי, אַוודאי...

פּורים איז נישט קיין יום־טוב

און פּערטשע איז נישט קיין רב,

פּערטשע איז, איז —

פאַלט ער אַריין אין אומעט, די אויגן ווערן פייכט, און זיין קול גייט אויס ווי אַ קרעכץ.

ר׳ חיים זעט דעם שפּאַס וואָס מען טרייבט מיט פּערטשען, לאָזט ער איבער די טענות פון די בעלי־הבתים און גייט צו צו פּערטשען. ער רופט אים צו צו זיך, ווי מען נעמט צו אַ קינד פון פרעמדע הענט, און באַווייזט זיין כעס פאַר די בעלי־מלאכות: — וואָס טוט זיך דאָ?

חברה האַלט אָבער נישט אין זייער געלעכטער: — ער וויל זיין אַ פּורים־רב... — און דאָס געלעכטער פלעכט זיך אַרום פּערטשען, ווי פרעמדע הענט, בעט ער זיך אָפּ:

— אַ פּורים־רב, אַ פּורים־רב.

— וואָס איז דאָס איילעניש — וויל ר׳ חיים נישט אָפּזאָגן פּער־טשען. ביי פּערטשען ציטערן אָבער די פיס אונטער די טריט. ער פאַר־געסט אַז ס׳איז שמחת־תורה, ער וויל אַרויסטאַנצן פון שטוב און זיך ראַטעווען פון דעם חוזק, וואָס דערטרינקט אים העכער פון זיינע אויגן. חזרט ער איבער: — איך בין אַ פּורים־רב...

גיט ר׳ חיים נאָך: — אַוודאי, אַוודאי, — ער קען אָבער נישט אויסריידן — „פּורים־רב", זאָגט ער אים צו, און רעדט אים איין:

— היינט וועלן מיר דיר געבן אַן עליה.

חברה לאָזט אָבער נישט אָפּ פּערטשען: — פּורים־רב! — און קענען זיך נישט דערוואַרטן אויף פּורים. זיי נעמען נאָך אַ טרונק בראָנפן און גייען אַרום שמחת־תורה בייטאָג, פון שטוב צו שטוב, מיט פּערטשען דעם פּורים־רב.

ט

ס׳שפּאַנען די בחורים, וואָס פאַרשטעלן זיך פּורים פאַר לצים אין דער אחשורוש־שפּיל; ס׳טרעטן די בעלי־מלאכות — די שוסטערס, די בעלי־עגלות, די קאַראַבעלניקעס, און נעמען זיך איבער מיט דער תורה, וואָס דער אייבערשטער האָט צוגענומען ביי די שיינע בעלי־הבתים, און איבערגעגעבן צו זיי אין די הענט אויף שמחת־תורה; ס׳האַלטן נאָך די עלטערע יידן, וואָס זאָגן זיך נישט אָפּ אַ גאַנץ יאָר פון אַ ביסל בראָנפן, און שמחת־תורה טרינקען זיי מערער פון מצווה וועגן. זיי פאַרגעסן אַלע, אַז ס׳איז שמחת־תורה און פירן זיך אויף ווי פּורים.

און אַז דאָס שיכרות פאַרשפּילט דעם שכל אין די פאַרגלאָזטע אויגן, זעצן זיי אַוועק פּערטשען אויף אַ שטול, טראָגן אים העכער פון די קעפּ, אָט אַזוי ווי מען ברענגט אַריין אין אַ שטוב דעם פּורים־רב צו דער אחשורוש־שפּיל.

פּערטשע ווערט זיך נישט, ער לאָזט זיך פירן אונטער די הענט און אָמפּערט זיך נישט, ווען מען זעצט אים אַוועק אויף דער שטול. ער צופּט זיין שיטער בערדל, קוקט צעטומלט אויפן עולם, גלייך ווי ער וואָלט פלוצלונג אַריינגעפאַלן צווישן פרעמדע מענטשן, און וויל פרעגן ביי זיי, וואָס מען וויל פון אים. ער האָט אָבער נישט קיין כוח זיך אַנטקעגנצו־שטעלן, און ער געפינט נישט קיין רייד צו ריידן צו זיי. רוט ער זיך אָפּ אויף דער שטול פון זיין פאַרמאַטערטקייט, אָט אַזוי ווי ס׳דרעמלען איין אויפן נאָדלפאָדעם זיינע טראַכטונגען. נאָר מיט אַ פרעמדן קול, ווי אין חלום, ציט ער נאָך דאָס געזאַנג, וואָס באַגלייט אים פון שטוב צו שטוב:

פּערטשע איז אונדזער פּורים־רב,
ער איז געבענטשט מיט גוטס און האָב,
מאַכט אויף דעם אויוון, לאָזט אַריין, לאָזט אַריין
דעם פּורים־רב — דעם מלך פון דער גאַנצער וועלט,
היינט איז אונדזער יום־טוב שמחת־תורה פאַר פּורים פאַרשטעלט.

דאָס געלעכטער ווערט גרעסער, שטורמיקער, ווי עס וואָלט זיך אַראָפּגעקייקלט פון ערגעץ אין דער הייך אויף זיין קאָפּ. פלוצלונג וואַכט פּערטשע אויף ווי פון אַ שטאָך מיט אַ נאָדל. ער טוט אַ קוק, ער איז ביי שכנא דעם פּאָטשטער אין שטוב. שכנא טוט אויס די יאַרמולקע, טוט

אָן דעם קאַפּעליוש, גליַיכט אויס זיַינע ברעגן און מאַכט דעם אָנשטעל: — וואָס איז דאָס פאַר אַ שטאַט, יונגאַטשעס?

ס׳דוכט זיך, אַז באַלד וועט ער הייסן דעם עולם אַרויסגיין פון שטוב, נאָר אַז ער טוט נאָך אַמאָל אַ קוק, ווי פּערטשע זיצט אויף דער שטול, דערמאָנט ער זיך אויפן „כל הנערים״, און לאָזט אַרויס אַ געלעכטער, שווער און טעמפּ:

— זעט ווי ער זיצט, היט אים, די שטול זאָל נישט איינשלינגען אייער פּורים־רב.

פּערטשע עפנט ברייט און טיף זיַינע קיילעכדיקע אויגן, הייבט אויף הויך דעם קאָפּ, טוט אַ קוק אויף שכנאן, ווי ער וואָלט איינגעביסן זיַין בליק אין דער אַרויסגעשפּאַרטער נאָז:

— ער האָט אים נישט צוגעלאָזן צום „כל הנערים״ און צירט זיך מיט זיַין ברייטן קאַפּעליוש, ווי חיים וועלוול, זיַין שוואָגער, נעמט זיך איבער מיט זיַין ברייטער צעשפּרייטער באָרד.

ווײַל ער זיך איצטער פאַרמעסטן מיט שכנא דעם פאָטשטער, אַראָפּ־בייגן זיַין קאָפּ נידעריקער צו דער ערד, ער זאָל זען, אַז אויף יעדן מענטשן וואַרט די גרוב טיפער פון זיַינע טריט.

ווי קען דאָס אָבער פּערטשע טאָן, אַז ער קען אַפילו נישט דער־לאַנגען צו שכנאס אַקסלען. שטעלט ער זיך פּלוצלונג אַוועק אויף דער שטול: — ער איז העכער פון שכנאן און אָט־אָט רירט ער אָן מיט זיַינע הענט שכנאס קאַפּעליוש, אַזוי ווי ער נייט אַריין אַ נאָט אין אַ קאָזשוך, אין אַ סערמענגע.

דאָס געלעכטער אין שטוב ווערט הילכיקער, דער עולם רוקט זיך אָפּ פון פּערטשען, שטעלט זיך אַוועק פון וויַיטן, קוקט זיך איַין אויף אים און פראַוועט מערער דעם קאַטאָוועס. זיי פּאַטשן מיט די הענט: — „אָט אַזוי, אָט אַזוי״ — און ווילן אויסטאָן נאַקעטער פּערטשעס חוזק.

שכנא דער פאָטשטער לערנט מיט באַלעבאַטישער רויקייט: — שוין גענוג, שוין גענוג — און וויַיזט אויף דער טיר, דער עולם זאָל אַוועקגיין און ס׳זאָל נישט צעשטערט ווערן די יום־טובדיקייט אין זיַין הויז.

פּערטשע דערזעט פּלוצלונג, אַז ער שטייט איינער אַליין אויף דער שטול, אין מיטן שטוב.

— איינינקער אַליין, — הערט ער ווי עמעצער האָט רחמנות אויף

אים. און פון ווייטן טייטלט אויף אים די ברייטע צעשפרייטע באָרד מיט איר למדנות, דער ברייטער קאַפּעליוש שפּאַרט זיך נעמען די קינדער צום „כל הנערים״, די חריפות פון די שטעכיקע וואָנצעס שאַרן אים אָפּ פון זיך בלויז מיט אַן אַראָפּגעגנבעטן בליק:

פערטשע פרייט זיך אויך מיט שמחת־תורה.

וויל זיך פערטשע, דאָ אין דער יום־טובדיקער שטוב מיט דעם רייכן מעבל, איבערטאָן אין זיינע קאָזשוכעס, סערמעגעס און אָנוואַרפן דעם פחד, וואָס לויערט אַרויס פון זיי ביינאַכט ביי אים אין שטוב. וואַרפט ער פלוצלונג אַראָפּ פון זיך זיין ברייטן קאַפּטן, שפּרינגט אַראָפּ פון שטול און לאָזט זיך פאַנאַנדער אין אַ טאַנץ איבערן הויז. ער הייבט זיך ווי אַ ווינט און שפּאַרט זיך, ווי אַ חיה אַנטלויפט פון שרעק. ער טראָגט זיך מיט אימפּעט, וואָס לויפט אַפריער, ער זאָל דער ערשטער באַגעגענען אליהו הנביא, און טאַנצט מיטן אומעט וואָס שלאָפט אײַן זיין פאַר־מאַטערטקייט אויף די קאָזשוכעס און סערמעגעס. ער פאַלט אַריין אין דער פרייד, וואָס די קינדער טרינקען אָן זיין שטוב, און טייטלט מיט די פינגער די שאַרפע בליקן פון פיניע דעם פאָסעסאָרס.

דער עולם האָט נאָך קיינמאָל נישט געטראָפן פערטשען אָן אַ קאַפּטן. אַז זיי האָבן איצטער דערזען ווי קליין און דאַר ער איז אָן זיין מלבוש, האָבן זיי אַ ציטער געטאָן, ווי אַ פויגל וואָלט זיך פלוצלונג אָפּגע־פליקט פון זיינע פעדערן, פאַר זייערע אויגן...

שכנאן דעם פאָסטעטער איז געוואָרן שווער צו טראָגן זיין הויכן וווקס, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול און אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ. ער האָט נישט געפונען קיין וואָרט פאַר די באַד־יונגען, וואָס פאַרשטערן דעם יום־טוב אין זיין שטוב, האָט ער אָנגעהויבן רופן זיין ווייב: — זע, שרה, וואָס זיי האָבן געמאַכט פון דיין הויז!

דאָס רחמנות האָט אויסגעניכטערט דאָס שיכרות אין די אויגן און דער עולם האָט זיך אָנגעהויבן בעטן ביי פערטשען:

— טו אָן דעם קאַפּטן, מיר וועלן גיין צו דיר אַהיים פּראַוּוען דעם יום־טוב, נישט דאָ ביי שכנאן, אונטער די גילדענע גלעקעלעך פון די פערד.

פערטשע גיט זיך אָבער נישט אונטער. ער ציט אַרויף אויף זיך דעם קאַטאָוועס מיט דער ביטערקייט פון צעלאָכעס:

פערטשע איז אַ נאַר פון דעם פורים־רב נאַרישער,

דער פּורים־רב איז אָבער ניכטער ווען אַלע ווערן שיכורער,
פּערטשע איז אַ לאַטוטניק נייט קאָזשוכעס, סערמעגעס —
ער וויל עפּעס זאָגן ווען שכנאָן מיט זיינע פערד, נאָר ער זעט ווי דער עיגול אַרום אים ווערט ענגער, קלענער, די מענטשן שפּאַרן זיך צו אים נענטער און ער האָט נישט וווּ אַוועקצושטעלן אַ טראָט. ער דערפילט שווער זיין פאַרמאַטערטקייט, ער וויל זיך צושפּאַרן צו אַ ווינקל און זיך באַהאַלטן פון די בליקן, וואָס פאַלן אויף אים ווי די שוואַרצע וואָראָנעס פון אַ ווינט . נאָר די מענטשן טרעטן פון אים נישט אָפּ, זיי ווילן אים העלפן אָנטאָן דעם קאַפּטן און פאַרענטפערן זיך:
— ס׳איז געווען אַ שפּאַס, שיכרות פאַרדרייט דעם קאָפּ.
ביי פּערטשען ווערן פייכט די אויגן: — „ער האָט מחלל יום־טוב געווען“, — נאָר ער קען דאָס קיינעם נישט זאָגן, בעט ער זיך שטיל ווי מען זאָגט אַ תּפילה בלחש — „ר׳ חיים, וואָס בין איך שולדיק“...

י

און אַז ער קומט ביינאַכט דאַוונען מעריב, מיידט ער אויס ר׳ חיימען, נורעט איין דעם קאָפּ אין זיין קאַפּטן און שטעלט זיך אַוועק אין אַ ווינקל, ווייט, דערווייטערט פון עולם. די פרעמדקייט שלאָגט זיך אָפּ אויף די קינדער, זיי גנבענען זיך צו ציטערנדיק צו פּערטשען, פּרוּוון אַ צי טאָן זיין קאַפּטן, זיי רירן אָבער נישט אָן זיין בערדל און וואַרטן ער זאָל אויסריידן אַ וואָרט. פּערטשע איז אָבער אַריינגעטאָן אין דאַוונען, און פון זיין קול טראָגט זיך אַ וואָכעדיקע אומעטיקייט. צעשפּרייטן זיך די קינדער איבער דער שטוב, פּלאָנטערן זיך צווישן עולם, ווי זיי וואָלטן געדאַרפט עפּעס אָפּטאָן, וואָס דער טאַטע האָט פאַרזאָגט.
ר׳ חיים נעמט אָבער נישט אַראָפּ די אויגן פון פּערטשען. ער האָט בייטאָג געוואַרט, די באָד־יונגען זאָלן קומען צו אים אין שטוב מיט זייער לצנות. ער האָט געהאַט צוגעגרייט פאַר זיי זיינע האַרבע רייד און האָט אַפילו געוואָלט זיי אָפּגיסן מיט קאַלט וואַסער, זיי זאָלן זיך אָפּקילן פון זייער שיכרות. זיי האָבן זיך אָבער נישט באַוויזן צו ר׳ חיימען. איז ער געזעסן אויפן גאַנעק פון זיין הויז, זיך איינגעקוקט ווי די זון טונקט זיך אין דער אָסיענדיקער כמורנעקייט און טוט אָן אויף דער וועלט אַ שלייער פון אומעט. ער האָט זיך נישט געקענט משמח זיין מיט דער תורה. האָט ער

זיך געוואָלט אויפהייבן למעלה מן השכל, ער זאָל נישט אַריינפאַלן אין עצבות. די טענות זענען אָבער נישט אָפּגעטראָטן פון אים:

— ער האָט געדאַרפט אָפּגעבן שכנאָן זיין חתן־תורה, גדליה זאָל קריגן כל הנערים — און אים איז פון זינען נישט אַרויס: — פאַרוואָס טוליען זיך צו אים די קינדער מערער ווי צו אייגענע טאַטע־מאַמע; פאַר זיין מראה? און אַוודאי נישט פאַר זיין גביריש הויז.

די געדאַנקען האָבן געעגבערט ר׳ חיימען און ער האָט זיך אַליין געטאָן ענטפערן:

— אויף די קינדער האָט נאָך דער יצר־הרע קיין שליטה נישט, זיי האָבן נישט פאַרזוכט דעם טעם פון אַן עבירה, דערזעען זיי אפשר עפּעס, וואָס איז פאַרהוילן פאַר די אויגן פון די דערוואַקסענע.

אים דוכט זיך, אַז אים ווערט קלאָר:

— דעריבער... טאָ ווער אַנדערש איז בילכער צום כל הנערים ווי גדליה; וואָס טוט אָבער דער שטן? ער פּראָוועט לצנות מיטן מענטשן. אַנשטאָט גדליה זאָל זיך פרייען צוזאַמען מיט די קינדער מיט גאָטס תורה, זעצט אים דער שטן אַוועק אין מיטן שטוב אויף אַ שטול און די גאַנצע וועלט לאַכט גאָר אָפּ פון דעם פורים־רב. אַזוי איז מיט דעם מענטשן.

ר׳ חיים קען נישט אָפּטאָן פון זיך דעם אומעט: — וואָס ווייסט דער מענטש?

ער וויל זיך טיפער אַריינטראַכטן אין סדר־העולם און אים גייט נישט אַרויס פון זינען פּערטשע, און אַז פּערטשע איז געקומען דאַווענען מעריב, האָט ר׳ חיים הויך, מיט אָנזען געטראָגן אים אַנטקעגן דעם „גוט יום־טוב" און געוואָלט אַרויסציען ביי זיך נאָך אַ וואָרט.

פּערטשע האָט זיך אָבער ביים דאַווענען אויפגעפירט גאָר אַנדערש ווי אַלע מאָל, און ר׳ חיימען האָט זיך געדוכט, אַז זיינע רייד ווערן פאַר־גליווערט אין דער פרעמדקייט, איידער פּערטשע דערהערט זיי.

האָט זיך ר׳ חיים דערוואַרט אויפן מוצאי יום־טוב און איז אַוועק צו פּערטשע. ער האָט געטראַכט, אַז ער וועט באַשטעלן ביי אים אַ קאַפּטן אויף שבת און אין די רייד אויסלייזן די ווערטער פון פּערטשעס שווייגן:

אַז ר׳ חיים איז אַריין צו פּערטשען אין שטוב, האָבן די גרויע ווענט אים אַ שלאָג געטאָן מיט פרעמדקייט, און די וואָכנדיקע אַרבעט האָט אַרויסגעסטאַרטשעט אונטער די אויסגעשפּרייטע יילעכער, ווי פאַרשאָ־

טענע גריבער. האָט ר׳ חיים אַ ציטער געטאָן און איז געבליבן שטיין ביי דער טיר. ער האָט פאַרגעסן וועגן קאַפּטן, וואָס ער האָט געוואָלט באַשטעלן אויף שבת און האָט זיך דערמאָנט, אַז ער איז ביי גדליהן אין שטוב נישט געווען זינט ער איז געקומען צו אים מנחם־אבל זיין נאָך דעם וויבס טויט.

— שוין אַ קיימא־לן, — שעמט ער זיך אויסרעכענען די יאָרן און ווייסט נישט ווי צו פאַרענטפערן זיך. דערגענטערט ער זיך מיט שווערע טריט צום טיש, וואָס איז נאָך צוגעדעקט מיט דעם טישטעך פון יום־טוב:

— דו ווייסט, גדליה, דיר קומט טאַקע כל הנערים...

פערטשע האָט זיך נישט געריכט אויף אַזאַ גרויסן גאַסט, זענען אָנגעפאַלן אויף אים אַלע ווערטער, וואָס ער וויל זאָגן ר׳ חיימען, וואָס ער טראַכט צוזאַמען מיט זיין שאָטן, ווען ער גייט אַרום איבער די וועגן און פעלדער, און זיי האָבן אים אַזוי צעטומלט, אַז ער האָט נישט געוווסט וואָס צו ענטפערן. האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזן נידעריקער אין זיין עניוות:

— איך בין דאָס נישט ווערט.

— טאָ ווער איז דאָס ווערט? — שפּאַרט זיך ר׳ חיים אָן אויפן ברעג טיש.

— די קינדערלעך, וואָס ברענגען אין זייערע אייגעלעך די פרייד פון גאָטס תורה צו מיר, — ווערט פערטשע אַנטשוויגן אַ ווײַלע און טוט אַ זיפץ: — איך האָב מורא, אַז איך האָב עס פאַרשפּילט, נישט פאַרדינט ביי דעם אייבערשטן.

— מיט וואָס אַנדערש האָט דיך דער רבונו של עולם געבענטשט? פאַרגעסט ר׳ חיים, אַז ער ווידערשפּעניקט קעגן גאָט.

— איך פרעג נישט ביי גאָט — לאָזט פערטשע אַראָפּ דעם קאָפּ און ס׳לייגן זיך אויס זיינע רייד קלאָר: — ווי באַלד מען האָט מיך אויס־געקליבן פאַרן פורים־רב, איך זאָל פאַרשוועכן דעם כבוד פון דער תורה, מסתמא בין איך נישט ווערט ביים רבונו של עולם צו פרייען זיך מיט זיין תורה.

ער פאַרציט זיין בליק מיט זיינע אויגן־דעקלעך און באַהאַלט פון ר׳ חיימען זיינע רעיונות, וואָס עגבערן אים:

— ער דאַרף זיך אָפּשיידן פון די קינדער, נישט נייען זייערע גאַרניטורלעך און זיך צוריק אַוועקלאָזן איבער די דערפער.

— טאָ ווער איז יאָ ווערט ביי דעם אייבערשטן? — חזרט איבער

ר׳ חיים נאָך אַמאָל זיינע רייד און וויל זיך טיפער אַריינגראָבן אין פער־טשעס מחשבות.

— ווער ווייס. ווי אַזוי קען אַ מענטש פאַרשטיין גאָטס ווענן, אַז ער קען אַפילו נישט באַנעמען זיינע אייגענע פירונגען? אפשר אַ קינד? זיי טאַנצן שפּרינגען, ווי אַ ייד לויפט צום דאַווענען.

זעט פערטשע זיין שטוב פול מיט קינדער: — איינעם שטעלט ער אַוועק אויף אַ בענקל, אַן אַנדערן גיט ער אַ קראַיקע צו שפּילן זיך, — און זיין פנים פאַרציט זיך מיט אַ שמייכל.

ר׳ חיימען דוכט זיך, אַז פערטשעס אָרעמע שטוב שפּרייט זיך אויס ווייטער און ברייטער פון דער אַרבעט, וואָס ליגט צוגעדעקט מיט די ליילעכער, און אויפן ווייסן טישטעך פון טיש גייט אויף די פרייד פון יום־טוב, וואָס האָט זיך שוין אָפּגעטאָן פון אים. ציטערט ער אויסריידן אַ וואָרט און וואַרט פערטשע זאָל נאָך עפּעס זאָגן.

פערטשע איז אָבער אַריינגעטאָן אין זיינע רעיונות וועגן די קינדער: — ביי זיי אויף די ליפּן ליגט נאָך דער קוש פון דעם מלאך, ריידן זיי נישט קיין לשון־הרע. ווי אַזוי וועט ער אַוועקגיין איבער די דערפער, — און ער טוט אַ זיפץ: — שווער איבערצולאָזן זיי.

ר׳ חיימען דוכט זיך, אַז גדליהס מחשבות לויכטן אַרויס אין דער שטילער טונקלקייט פון שטוב און ער וויל זיך טיפער איינגראָבן אין זיין סוד. הייבט ער אים אָן צו אירצן:

— טאָ זאָגט מיר ר׳ גדליה, וואָס טוט איר גאַנצענע נעכט, וואָס די קינדער טרעטן נישט אָפּ פון אייך?

פערטשע זעט אָבער די דערפער מיט די גויים, זשאַלעוועט ער די שוועסטער און וויל זיך נישט אָפּשיידן פון די קינדער, שמייכלט ער מיט אַ צעברעקלט געלעכטער:

— כע, כע, אַז איך טו אַ קוק ביינאַכט אויף די קאָזשוכעס, סער־מענגעס און דערזע די קלויסטערס מיט די צלמים, לויף איך אַרויס פון שטוב. אַז איך דאַרף אָבער נייען די גאַרניטורלעך אויף יום־טוב, הייבט אָן אין מיטן נאַכט די נאָדל טאַנצן אין די הענט, אָט אַזוי ווי די קינדערלעך פרייען זיך מיטן בורא עולם און איך אַליין הייב זיך אויף מיט אַ לויב צום אייבערשטן.

— אויב אַזוי, — דערפרייט זיך ר׳ חיים — בין איך טאַקע גע־קומען באַשטעלן פאַר מיר אַ קאַפטן אויף שבת.

פּערטשע טוט אַ ציטער:

— ער וועט נייען אַ מלבוש פאַר א יידן אויף שבת, אויסלייגן די סחורה איבערן גאַנצן טיש, ווי ער שפּרייט אויס די קאָזשוכעס מיט די סערמענגעס —

און ער הייבט אָן זשמורקען מיט די אויגן:

— מיינע פינגער זענען שוין פאַרהאַרטעוועט געוואָרן פון די פּעלצן און די פעל, וועלן זיי זיך נישט בייגן איבער אַ שטיקל יידיש געוואַנט.

ר׳ חיים גיט זיך אָבער נישט אונטער.

— טאָ ווי אַזוי נייסטו די גאַרניטורלעך פאַר די קינדער אויף יום־טוב?

טוט פּערטשע אַ זיפץ:

— איך שפּרייט זיי נישט אויס אויפן טיש, נאָר האַלט זיי אויפן שויס, ווי אַ פייגעלע זיצט אין נעסט.

ר׳ חיימען דוכט זיך, אַז פּערטשע גייט איין אין זיין ברייטן קאַפּטן, ער ווערט קלענער פון זיין דאַרן גוף און דערוויטערט זיך אין דעם שבתדיקן טישטעך פון טיש צוזאַמען מיטן יום־טוב, וואָס פאַרגייט אויף דער וועלט. טוט ר׳ חיים אַ זיפץ:

— ער איז מסתמא נישט ווערט, אַז ר׳ גדליה זאָל אויפנייען פאַר אים אַ מלבוש אויף שבת.

# אברהמל דער לײדיקגײער

## א

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָב איך פֿאַרבראַכט מײַן זומער־וואַקאַציע אין אַ קלײנעם האָטעל אין קאָנטריװיל. אין דעם האָטעל זענען נישט געװען קײן סך געסט; בלויז עטלעכע צענדליק מיטליעריקע און עלטערע מענטשן. כמעט אַלע געסט זענען געװען צוזאַמען מיט זײערע װײַבער, און אויף זײער אָפּרו האָבן זײ זיך אויפֿגעפֿירט װי בײַ זיך אין דער הײם.

זײ האָבן נישט פֿאַרגעסן זײערע קינדער, האָבן זיך איבערגענומען מיט אַן אײניקל, דערמאָנט זײערע געשעפֿטן, גערעדט װעגן די נײַס פֿון דער װעלט און האָבן געענדיקט דעם שמועס װעגן אַ חולאת, אָדער באַדויערט דעם טויט פֿון אַ באַקאַנטן, צי אַ פֿרײַנד.

אַז די רײד װעגן זיך אַלײן האָבן זיך אויסגענומען, האָבן זײ פֿאַרטריבן די לאַנגװײַליקײט פֿון דעם לאַנגן זומערדיקן טאָג מיט די מעשׂיות װאָס זײ האָבן דערצײלט װעגן מר. און מרס. דאָרמאַן מיט זײערע קינדער — די באַלעבאַטים פֿון האָטעל.

מר. דאָרמאַן איז געװען אַ מענטש פֿון אַ יאָר פֿופֿציק, פֿון מיטעלן װוקס. זײַן קורץ בערדל האָט זיך טיף געגרויט אין די שװאַרצע האָר. זײַן אָנטועכץ איז אַראָפּגעהאָנגען אויף אים װי ער װאָלט געטראָגן פֿרעמדע געליענע קלײדער און זײַנע שפּאַקולן זענען געזעסן בײַ אים אויפֿן שפּיץ נאָז. ער האָט זיך אַלע מאָל געאײלט און שטענדיק געטראָגן אין האַנט עפּעס פֿון דער באַלעבאַטישקײט: אַ שטעקן, אַ האַמער, אַן עקבער, אַן אָפּצװענגע...

ער האָט קײן סך נישט גערעדט, בלויז שטיל אַרויסגעזיפֿט געצײלטע װערטער, און האָט כמעט אַלע מאָל אָפּגעהאַקט אין מיטן מיט אַ זיפֿץ: „פֿאַרגעסן...‟ אָדער ער האָט פֿלוצלונג אַ קוק געטאָן אויף זײַנע בני בית און דערמאָנט זײ עפּעס מיט אַ געבעט, גלײַך ער װאָלט זיך פֿאַרענטפֿערט פֿאַר עמעצן, און האָט זיך אַװעקגעאײלט מיט דראָבנע טריט. אַז ער האָט אָבער גערעדט מיט זײַן עלטערער טאָכטער, האָט ער זיך נישט געאײלט;

ער איז געשטאַנען אַ רויקער אויף זיין אָרט מיט לײדיקע הענט און האָט שטיל און געלאַסן געקייטלט אַ וואָרט צו אַ וואָרט.

געזען האָב איך מר. דאָרמאַנען ריידן מיט זיין עלטערער טאָכטער, סעלמע, פאַרנאַכט, נאָך דעם אָוונט־מאָלצייט, ווען די געסט זענען געזעסן אויף דער וועראַנדע, אָדער האָבן אַרומגעשפּאַצירט ארום דעם האָטעל. זיי זענען ביידע געשטאַנען אָן אַ זייט אין הויף; געפירט דעם שמועס האָט אָבער דער טאַטע, די טאָכטער, האָט בלויז געענטפערט מיט אַ וואָרט, אַראָפּגעלאָזן די אויגן און האָט געקנייטשט מיט די פינגער די ברעגן פון דער בלוזקע.

די געסט האָבן געהערט נישט מער ווי דעם מורמל פון די רייד. זיי האָבן נישט געוווּסט וועגן וואָס ס׳האַנדלט זיך. נאָר די קלאַנגען, וואָס זענען אויסגעגאַנגען אין פאַרנאַכט, האָבן זיך אָפּגעזעצט לעבן זיי ווי די סודות, וואָס די בערג פאַרבאָרגן אין זייער שטילקייט, און האָבן געעקבערט ביי די מענטשן די נייגעריקייט.

די געסט האָבן פאַרשטאַנען אַז ס׳איז אַן איבעררייד מיט דער טאָכ־טער און זיי האָבן זיך נישט אַריינגעמישט אין די שמועסן. זיי האָבן בלויז געוואָלט וויסן ווער איז דער אברהמל, וואָס סעלמע דערמאָנט אַזוי אָפט. זיי האָבן זיך געוווּנדערט — אַן אַמעריקאַנער מיידל, וואָס ברענגט נישט אַרויס קיין יידיש וואָרט אויף די ליפּן, רעדט אויס זיין נאָמען אַזוי ריין־יידישלעך. האָט זיך איין גאַסט אויפגעשטעלט און געפרעגט ביי מרס. דאָר־מאַן, אַזוי גלאַט אין דער וועלט אַריין, ווי ער וואָלט דערמאָנט אַ זייטיקע זאַך:

— ווער איז אברהמל? ער איז אייערער אַ שכן?

— אברהמל — האָט מרס. דאָרמאַן איבערגעחזרט און איז אַנט־שוויגן געוואָרן; בעת־מעשה האָט זי אָבער אַזוי אַ קוק געטאָן אויף דעם גאַסט, ער זאָל פאַרשטיין אַז מיט איר שווייגן דערציילט זי מערער ווי מיט רייד. דערנאָך האָט זי זיך אָפּגערופן הויך אויפן קול, ווי זי וואָלט זיך פּלוצ־לונג עפּעס דערמאָנט:

— אברהמל דער לײדיקגייער? ווער קען אים נישט דאָ אין דער געגנט, שלעפּט זיך אַרום אָן אַ היטל איבער די וועגן.

מער האָט מרס. דאָרמאַן נישט דערמאָנט אברהמלס נאָמען. זי האָט גענומען עפּעס פאַרריכטן אין דעם גרויסן צימער, וואָס האָט געגאָלטן פאַר

אַ „לאַבי״ און זי האָט געוואָלט אַז מען זאָל פאַרשטייך, אַז איר פּאַסט נישט צו ריידן וועגן אַזאַ מענטשן.

מרס. דאָרמאַן האָט זיך אויפגעפירט אַנדערש ווי איר מאַן. זי איז געווען פאַרנומען אין קיך, האָט צוגעגרייט דאָס עסן פאַר די געסט. אין האָטעל האָט מען זי אַ גאַנצן טאָג כמעט נישט געזען. פאַרנאַכט האָט זי זיך באַוויזן אויף דער וועראַנדע אַ רויקע, אַ געלאַסענע, גלייך ווי זי וואָלט אַרויסגעקומען צוזאַמען מיט די געסט פון עס־צימער. זי איז געווען אָנגעטאָן, אָט אַזוי ווי די געסט האָבן זיך אויסגעקליידט צום „סאַפּער״.

זי איז געווען אַ הויכע, האָט געטראָגן אַ לאַנג קלייד פון בלויען אָדער טונקעלן קאַרשן־קאָליר, מיט אַ שטיקל צירונג אויפן האַלדז און איז זעלטן אַרויסגעגאַנגען אויף דער וועראַנדע אָן איר ווייכן שאַל, וואָס זי האָט געהאַלטן אין האַנט אָדער אַרויפגעלייגט אויף די אַקסלען. זי האָט גערעדט מיט די געסט שטיל, רויק, און האָט נישט דערמאָנט איר אַרבעט אין קיך, זי האָט געפירט מיט זיי דעם שמועס וועגן דער שיינקייט פון דער נאַטור אין דער געגנט:

— דאָ איז אַ בוים — אַ בוים; דער וואַלד איז אַ וואַלד; נישט ווי די אויסגעדאַרטע, נישט־דערוואָקסענעביימעלעך אין די „מאַונטיינס״...

אַז זי האָט אָבער דערזען ווי איר מאַן דערווייטערט זיך פון האָטעל און הייבט אָן ריידן אין אַ ווינקל פון הויף מיט סעלמען, האָט זיך איר פּנים פאַרצויגן ווי אַ פאַרמעט און זי איז אַנטשוויגן געוואָרן.

זי האָט אָבער נישט געקענט איינרוען, האָט זי זיך פּלוצלונג אַ ריס געטאָן פון דער שטול און באַלד האָט מען דערהערט איר קול איבערן הויף:

— דו העלפּסט איר!

— באַהאַלט פון דער מאַמען, פּיר מיט איר סודות!

— דו מיינסט, זי איז נאָר דייך טאָכטער! ווערסט זען! ווערסט זען!

זי האָט נישט געוואָלט הערן וואָס דער מאַן ענטפערט איר, זי איז אַוועקגעגאַנגען פון אים מיט דער טאָכטער, אַ מידע, אַ פאַרמאַטערטע, גלייך ווי זי וואָלט פּלוצלונג אָנגעטאָן אויף זיך דעם יאָך פון איר שווערן טאָג אַרבעט.

מר. דאָרמאַן איז איר נאָכגעגאַנגען און האָט זיך געבעטן ביי איר:

— וואָס ווילסטו? זי זאָגט דאָך, אַז זי פאַרלאָזט זיך אויף אברהמלען; טאַקע אַ ליידיקגייער; ער וועט דאָך אָבער נישט הייסן...

מרס. דאָרמאַן האָט זיך נישט אומגעקוקט, נישט געענטפערט און איז אַריין אין האָטעל דורך דער הינטערשטער טיר.

מר. דאָרמאַן איז געבליבן שטיין אין דרויסן; ער האָט אויסגעטאָן און אָנגעטאָן זיינע שפּאָקולן. ס׳האָט זיך געדוכט, אַז ער וויל זיך ערגעץ באַהאַלטן, נאָר די פייערן פון האָטעל האָבן ליכטיק געשיינט און אַרויס־געשטעלט אָפן זיין פּנים פאַר די געסט, וואָס זענען געזעסן אויף דער וועראַנדע. האָט ער אָנגעהויבן ריידן וועגן אברהמלען גלייך ווי ער וואָלט זיך געוואָלט פאַרשטעלן הינטער זיין געשטאַלט. ער האָט געגעבן צו פאַר־שטיין: „מען זאָגט, ער איז אַ ליידיקגייער; אַזאַ מענטשן זעט מען גאָר־נישט היינטיקע צייטן, אפשר אַמאָל אין דער היים, אַ ליידיקגייער! נעמט ער עפּעס צו ביי יענעם?״

— איז ער פרום? — האָט אַ גאַסט געפרעגט.

— יאָ פרום, נישט פרום; און מיר זענען פרום? — האָט מר. דאָרמאַן איבערגעהאַקט די רייד און איז אַוועקגעגאַנגען.

די געסט האָבן אָבער ווייטער געשמועסט וועגן אברהמל דער ליידיקגייער, וועגן מר. און מרס. דאָרמאַן מיט זייער טאָכטער. ס׳האָט נישט גענומען לאַנג און זיי האָבן אויסגעפונען, אַז צו אַ שכן, אַ פאַרמער, איז אָנגעקומען אַרבעטן אַן אַרבעטער — אַ יונגער בלאָנדער בחור, אַ שיינער, אַ הויכער, און סעלמע האָט זיך פאַרליבט אין אים פון דעם ערשטן קוק. ס׳העלפן נישט דעם טאַטנס רייד: „וואָס איז דאָס איילעניש, נאָך קיין 19 יאָר נישט געוואָרן״. ס׳קומט גאָרנישט אַרויס פון דער מאַמעס וואָרענען: „דו וועסט זען, דו וועסט זען! ווער ווייס, ווער ווייס צי ער איז גאָר אַ ייד?

סעלמע הערט זיך נישט צו צו דער מאַמעס טענות, זי וויל אָבער נישט אָנטאָן קיין עגמת־נפש דעם טאַטן, בייגט זי זיך אונטער זיינע שטילע רייד, און חזרט איבער:

— איך ווייס, איך ווייס...

און אַז דער טאַטע הייבט אָן פאַרענטפערן דער מאַמען:

— דו מיינסט, זי איז אומגערעכט? — ער שטייט צו שטאַרקער צו סעלמען מיט גוטן, מיט אַ זיפץ, לאָזט זי אַראָפּ די אויגן און גיט אים נאָך, — זי וועט זיך פאַרלאָזן אויף אברהמלען. זי ווייסט, אַז ער איז טאַקע אַן עלטערער מענטש, ער רעדט אָבער אַנדערש ווי דער טאַטע און די מאַמע: אַז ער זאָגט עפּעס צו סעלמען, דוכט זיך איר, אַז ער עקבערט אויס אירע

געדאַנקען וואָס זי טראַכט, און לייגט זיי אַוועק פאַר אירע אויגן ווי זיינע אייגענע מתנות. איר פּנים גייט אויף פון זיינע רייד ווייט און דערווייטערט, ווי אַ געשטאַלט אין אַ פאַרבאָרגענעם שפּיגל. איר אַרט נישט וואָס אברהמל זעט ווי זי לאָזט אַראָפּ די אויגן ווען ער ווינקט אָן מיט אַ בליק אויף דעם בחור וואָס איז אָנגעקומען אַרבעטן צום שכן — דעם פאַרמער. זי וועט גיכער ריידן מיט אברהמלען דעם אַלטן יידן, איידער מיט אַ יונגן בחור פון די געסט, וואָס נעמט נישט אַראָפּ די בליקן פון איר.

אמת, סעלמע פאַרגעסט נישט, אַז ווען ס'קומט דער ווינטער און די פּוסטקייט פון די ליידיקע צימערן אין האָטעל שיידט אָפּ די שטוב פון דער גאַנצער וועלט, דעמאָלט הייבט זי אָן בענקען נאָך דעם טומל פון די געסט און וויל נישט פאָרן מיט סעמען און פּיטן און זייער גאַנצער כאַליאַסטרע צו אַ טאַנץ אין ווילעדזש.

אַז די יונגע בחורים מיט די מיידלעך — די זין און טעכטער פון די שכנים — שטעלן זיך אָפּ מיט זייערע שליטעלעך לעבן מר. דאָרמאַנס האָטעל און הייבן אָן רופן מיט געשריי און געלעכטער:

— סע! קום!

— ס'איז פאַראַן אָרט פאַר דיר!

— ביי דעם פערד אין אויער!

— ס'פעלט צו אַ פּאָר!

דוכט זיך סעלמען, אַז זיי מאַכן חוזק פון איר, וואָס זי קען נישט איבערטראָגן ווען אַ בחור דריקט זי צו צו זיך ביים טאַנצן.

זי ווערט אין כעס אויף דער מאַמען, וואָס וועט באַלד פרעגן ביי איר שטיל און נאָכגעביק: „פאַרוואָס פאָרסטו טאַקע נישט?" און זי גנבעט זיך אַוועק אין אַ ליידיק צימער אויפן צווייטן גאָרן. זי שטעלט זיך אַוועק אין פענצטער און ענטפערט נישט אויפן געשריי מיטן געלעכטער. זי שטייט דאָרט שעהן נאָכאַנאַנד אויף דעם זעלביקן אָרט און קוקט זיך איין ווי דער שניי ליגט אויסגעצויגן, אַ ווייסער, אַ קלאָרער, ברייט און ווייט אָן אַן עק און אָן אַ סוף.

די בחורים מיט די מיידלעך זענען שוין לאַנג אַוועקגעפאָרן אין ווילעדזש. דער קלאַנג פון די גלעקלעך, וואָס די פערד האָבן געלאָזט קלינגען אַפריער פון זיך מיט גאווה, איז שוין אויסגעגאַנגען אין דעם אומעט, וואָס האָט זיך אָפּגעזעצט אין דער שטילקייט פון דער נאַכט. דער

אָפּקלאַנג צאַנקט נאָך אין סעלמעס בענקעניש ווי אַ פייערל, וואָס לעשט זיך אויס און צינדט זיך אָן ערגעץ ווייט, ווייט אין אַ פאַרבאָרגענעם טורעם.

ס׳קומט אויף פאַר סעלמעס אויגן די קרעטשמע („דהי אינן״) — אַ ברייטע, אַ צעשפּרייטע — מיט די בחורים און מיידלעך, זיי בייגן זיך, נעמען זיך אַרום און טאַנצן אין דעם טונקעלן שיין פון די קאָלירטע עלעק־טרישע לעמפּלעך. סעלמע האָט חרטה פאַרוואָס זי איז נישט געפאָרן אין ווילעדזש, נאָר זי פאַרשעמט זיך פאַר אירע באַגערן, ציט זי אויס איר בליק, ווייט פון פענצטער און קוקט זיך איין ווי די שטערן פון הימל קרישלען דעם פראָסט אין דער ווייסקייט פון שניי.

זי וואָלט זיך אַוועקגעלאָזן צוזאַמען מיט איר בליק ווייט־ווייט פון הויז, אין די בערג און זיך באַוויזן צוריק אַ פאַרשנייטע מיט צעלאָזענע האָר, קיינער זאָל זי נישט דערקענען. זי וועט קומען אַהיים אַ פרעמדע, ווי אַ גאַסט; זי וועט יאָ זיין און נישט זיין אין הויז. די מאַמע וועטריידן צו איר און נישט וויסן צו וועמען זי רעדט, נאָר אַז ס׳וועט קומען זומער אַ בחור, וואָס וועט איר געפעלן ווערן, וועט זי זיך לאָזן דערקענען צו דער מאַמען און זאָגן איר, אָטאָ איז דייך טאָכטער — מיט איר חתן.

זומער קומען אָבער עלטערע מענטשן צו דאָרמאַנען אין האָטעל. טאָמער באַווייזט זיך אַ יונגער בחור, בליען זיך פאַנאַנדער זיינע בליקן אין אַלערליי פאַרבן, ווי דאָס ליכט פון די לאָמפּן ציטערט ביינאַכט אין די נעצן, וואָס די פליגעלעך פאַרציען אַרום פייער.

זיינע אויגן באַגלייטן סעלמען, ווי איר שאָטן, נאָר זי שפּאַרט זיך איין, ווערט אין כעס און מיידט אויס דעם בחור, אָט אַזוי ווי זי זאָגט זיך אָפּ צו פאָרן מיט די שכנים אין ווילעדזש. אַז זי דערווייטערט זיך פון אים, טוט זי אַ קוק אויפן בחור באַהאַלטענערהייט און טראַכט, אַז ער איז נישט קיין מיאוסער. זי וואָלט געוועט צופרידן מיט אים אויסריידן אַ וואָרט, אַפילו אַרויסגיין שפּאַצירן, נאָר זי וויל נישט ער זאָל אַזוי שאַרף קוקן אויף איר און אַלע מאָל אָנהייבן מיט די זעלביקע רייד, אַז זי איז היינט שענער ווי נעכטן.

סעלמע ווייס, זי איז אַ שיינע און געפעלט מענטשן, נאָר דאָ אין האָטעל איז זי אַן איבעריקע, אָט אַזוי ווי אברהמל קען נישט געפינען קיין אָרט אויף דער וועלט. אַז זי הערט ווי אברהמל רעדט צו איר, טראַכט

סעלמע — ווען ער וואָלט געווען יונגער, פֿאַרליבט זי זיך אין אים אַזוי ווי אין סערזשן. דערפֿאַר האָט זי נישט מורא זיך צו פֿאַרלאָזן אויף אברהמלען. זי איז זיכער, אַז ער וועט קיין ליגן נישט זאָגן, ער וועט נישט אָפּלייקענען, אַז מען קען דערקענען אַ מענטשן, ווען מען האָט אים ליב.

רעדט סעלמע רויק צום טאַטן, זי וועט וואַרטן ביז אברהמל וועט קומען. נאָר אברהמל באַווייזט זיך נישט אין האָטעל, און דער אומרו טוט זיך נישט אָפּ ביי טאַטע־מאַמע: „טאָמער קומט זי נישט צו אים — שטייט ער הינטער די קוסטעס און וואַרט אויף איר".

באַדויערן די געסט צוזאַמען מיט טאַטע־מאַמע: „אַזאַ אומגליק"... און טראַכטן: ווער ווייס צי ער איז טאַקע אַ ייד; היינטיקע צייטן; אַז קיין יידיש קענען זיי ביידע נישט ריידן".

— פֿונדעסטוועגן וויל זי זיך פֿאַרלאָזן אויף אברהמלען, אויף אַ פּשוטן יידן, פּרוּווט עמעצער געפֿינען אַ זכות אויף סעלמעס יידישקייט, און אַלע געסט ווילן דערגיין ווער איז דער אברהמל, וואָס צו אים הערט זיך סעלמע צו מערער ווי צו טאַטע־מאַמע. שטייען זיי צו צו מר. דאָרמאַן, ער זאָל זיי זאָגן וואָס פֿאַר אַ ייד איז דער אברהמל.

מר. דאָרמאַן וואָלט געוואָלט דערציילן די געסט, אַז אברהמלס איין וואָרט איז ביי אים הייליקער ווי די רייד פֿון צען גוטע יידן. ער וויל אָבער נישט מאַכן שאַרפֿער דעם ווייבס צאָרן, רופֿט ער זיך אָפּ שטיל, ווי ער וואָלט אָפּגעגנבעט ביי איר די רייד:

— אַז ער וועט קומען, וועט איר זען.

שטייען די געסט צו:

— טאַקע אַ לײדיקגייער? טוט גאָרנישט?

— אַ לײדיקגייער? — חזרט איבער מר. דאָרמאַן — מאַלע וואָס מען גיט אַ מענטשן אַ צונאָמען — און ער הייבט אָן שמייכלען:

— אָטאָ האַלט מען מיך פֿאַר אַן עושר; נו, בין איך אַ גביר?

ער וויל נאָך עפּעס צוגעבן: „מיין ווייב האַלט זיך פֿאַר אַ חכמה, איז זי אַ קלוגע"? נאָר ער באַהאַלט די ווערטער אין דעם אומעט פֿון זיין בליק, וואָס ליגט פֿאַרבאָרגן הינטער זיינע שפּאַקולן און ער גייט אַוועק טיף, טיף אין דעם לאַנגן הויף פֿון זיין האָטעל, וווּ ער פֿאָרקעט זיך מיט זיין אַרבעט.

ב

מר. דאָרמאַן ווייס, אַז ער איז נישט קיין גרויסער אויפטוער; האַלט ער עפּעס אין האַנט, פאַרגעסט ער ווו ער האָט עס אַוועקגעלייגט; טוט ער עפּעס, הייבט אים אָן רופן אַן אַנדערע אַרבעט, און ער קעןביידע זאַכן נישט ענדיקן. זיינע געדאַנקען לאָזן אים נישט רוען. ער וועט זיך פּלוצלונג, אין מיטן דער אַרבעט, פאַרטראַכטן וועגן אַ נאַרישקייט: אַז מען וואָלט די ביימער אַרום האָטעל פאַרזייט פריער, מער אָפּגערוקט איינעם פון אַנדערן, וואָלטן זיי העכער אויסגעוואָקסן. אָדער אים וועט אַרויפגיין אויפן זינען: אפשר האָט ער טאַקע געדאַרפט בלייבן זיצן אין שאָפּ, וואָלט דאָס ווייב נישט געווען די פירערקע, ער וואָלט נישט געדאַרפט מורא האָבן פאַר סעלמען און נישט געזאָרגט וואָס וועט זיין מיט די יינגלעך.

די רעיונות קריכן טיפער: זי האָט טאַקע נישט געדאַרפט חתונה האָבן מיט אים; ווען ער וואָלט נישט צוגעשטאַנען צו איר ווי אַ נאַר, וואָלט זי אים איצטער נישט אויפגעוואָרפן: „ביי דיר, ס׳הענגט אַלץ אויף דיר" און נישט דערמאָנט אים, אַז ביי איר בולירן די טעפּ אין קיך, יעדע זאַך שטייט אויפן אָרט, און ער ווייס נישט ווו אַ טשוועקל ליגט. אפשר איז זי טאַקע גערעכט. פאַלט ער ביי זיך אַראָפּ, נאָר אַז ער דערזעט ווי זיין ווייב צאַצקעט אויס און גלעט אויס די חלקים אויף די טעלער, כדי זיי זאָלן אויסזען גרעסער און שענער, רעדט ער אויס מיט כעס: — מען קען אַ וועלט נישט אָפּנאַרן! — און שטעלט זיך אַוועק וואַשן דאָס געפּעס אין וואַשטאָפּ.

דעם מאַנס ווערטער עסן זיך איין אין מרס. דאָרמאַנס געדעכעניש, ווי דער שאַרף פון קיך־מעסער, וואָס שניידט זיך איין אין אַ פינגער, — פאַרבייסט זי די ליפּן און דורך די פאַרשטשעמעטע ציין זיפצט זי אַרויס: איך זשאַלעווע?!

זי טוט זיך אָן אַ כוח, טיילט ווייטער אויס דאָס עסן — גרעסערע, קלענערע חלקים, זי קען אָבער נישט איינרוען, שרייט זי אויס:

— דו וועסט אַוועקגיין?! די דינסט קען נישט צעוואַשן דאָס געשיר?!

מר. דאָרמאַן טרעט אָפּ פון וואַשטאָפּ. ס׳דוכט זיך, ער וועט שטיל און רויק אַרויסגיין פון קיך. ער דערנענטערט זיך אָבער צום ווייב, שטעלט

זיך אַוועק לעבן איר, נעמט אַראָפּ די שפּאַקולן פון דער נאָז, טוט איר אַ קוק גלייך אין פּנים אַריין און ציילט אויס:

— דיר שטייט נישט אָן, דו ווילסט זיין די חכמה, די קלוגע... — און ער גייט אַרויס אין דרויסן.

— ער דאַרף געבן עסן אַ טיש מיט מענטשן?! — באַגלייט אים אַרויס מרס. דאָרמאַן מיט איר שאַרפן בליק, גלייך ווי זי וואָלט אַרויסגע־ריסן די טריט פון אונטער זיינע פיס און זי חזרט איבער: „אַז אָך און וויי צו דער חכמה...״

מרס. דאָרמאַן האָט זיך שטענדיק פאַרענטפערט פאַר זיך אַליין, אַז זי זשאַלעוועט נישט די געסט דאָס עסן. זי האָט בלויז געפירט די קיך מיט אַ טאָלק, געקויפט פלייש מיט אַ רעכענונג, האָט אַוועקגעשטעלט די פלעשער מילך אויפן טיש מיט אַ חשבון. זי האָט גאָרנישט געזאָגט, ווען אַ גאַסט האָט איבערגעלאָזן דאָס ביסל אונטערשטע מילך אין פלאַש און אָנגעהויבן אַ נייע פלאַש; פאַרקערט — זי האָט דעמאָלט אָפּגעקערט דעם בליק אין אַ זייט און בלויז געפרעגט ביי זיך אַליין: ביי אים אין דער היים, ביי זיין אייגענעם טיש, וואָלט ער דאָס אויך געטאָן?

זי האָט זיך אויך נישט געוואָלט איבערנעמען איבערן מאַן. פאַר־קערט, זי האָט געוואָלט אַז זיינע מעלות זאָלן זיך מערער אָנזען. ער זאָל ריידן מיט מער שטאָלץ צו מענטשן. די וועלט זאָל זען, אַז ער איז נישט קיין נאַר און מען זאָל נישט מיינען, אַז זי, מאַרוסיאַ נאַאומאָוונאַ — וואָס האָט געקענט ענדיקן גימנאַזיע מיט אַ מעדאַל, ווען נישט דער גרויסער אַרעסט — האָט אַרויסגעכאַפּט אַ מאַן פון שאַפּ, אַן אַפּערייטער ווי אַלע אַפּערייטערס און האָט חתונה געהאַט מיט אים, ווייל זי איז שוין געווען אַן עלטער מיידל.

פאַר אַ מענטשן אין די אויגן האָט זי זיך געהיט אויסריידן אַ שלעכט וואָרט אויף איר מאַן. אַז זי האָט אָבער דערזען ווי איר מאַן גייט אין שטאָל צו די בהמות מיט איין קאַלאָשע פון די הויזן העכער פאַרקאַטשעט פון דער אַנדערער, און ער פאַרקוקט זיך פּלוצלונג אויף עפּעס, אויף אַ בוים, אויפן הימל; אַז זי האָט געהערט ווי מר. דאָרמאַן רעדט צו אַ מענטשן מיט הכנעה, ווי ער וואָלט עפּעס אויסגעבעטן ביי אים, — האָט זי אָנגעהויבן אויסגלעטן איר ווייכן שאַל: „אָט אַזוי זעט אויס דער מאַן, וואָס דאַרף באַשיצן אַ פרוי״, זי האָט געפרעגט ביי זיך אַליין: „קען אַזאַ

מאַן אָפּשאַצן די צאַרטקייט און די איידלקייט פון דער פרוי?״ איר האָט זיך געוואָלט זאָגן: „ער האָט זיך גערפּט אַרומוואַלגערן מיט אים אין די שייערן״, נאָר זי האָט פאַרביסן די ליפּן און געוואַרט, מען זאָל איר עפּעס פרעגן וועגן אברהמלען, כדי זי זאָל קענען אויסשניידן ביטער, שאַרף: „דער ליידיקגייער, דער וואַלעצוע״. די געסט האָבן אָבער געוווּסט, אַז מרס. דאָרמאַן — וואָס מאַכט דעם אָנשטעל אַז זי איז אין דעם האָטעל אַ גאַסט ווי אַלע געסט, זי ציילט אויס די ביסנס וואָס זי שיקט אַרויס פון קיך אין עס־שטוב צום טיש. האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז אַזאַ פרוי דאַרף פיינט האָבן ר׳ אברהמלען. זי וועט אויסטראַכטן אויף אים אַז ער איז אַ ליידיקגייער, אַ פּוסטעפּאַסניק, אַלץ וואָס אין דער קאָרט שטייט און זיי האָבן צו איר נישט גערעדט וועגן אברהמלען.

זיי האָבן אַליין אויסגעפּורעמט זיין געשטאַלט איידער ער איז געקומען אין האָטעל און האָבן נישט געגלייבט אַז ער גייט אַרום אָן אַ היטל און שלאָפט אין די שייערן. זיי האָט זיך געדוכט, אַז זיי ווייסן שוין אַליין וואָס פאַר אַ מענטש ער איז: אַ הויכער ייד מיט אַ לאַנגער גרויער באָרד, וואָס גייט אַרום צווישן די פאַרמער, רעדט געלאַסן, גאָטספּאָרכטיק און לערנט זיי מידות טובות.

טאָמער איז זיי פאָרט קשה געווען: „דאָ אין אַמעריקע, צווישן די פאַרמס, אַרום די האָטעלן זאָל זיך פאַרוואַלגערן אַזאַ ייד״, האָט מען זיך צוגעהערט ווי ר׳ יאָשע האָט מסביר געווען דעם ענין אויף זיין אופן. מען האָט אָפּגעגעבן כבוד דעם גאַסט — דעם עלטערן יידן מיט „רב״, נישט דערפאַר ווייל ער איז געווען פרום, נאָר צוליב דעם, וואָס ער האָט נישט געוואָלט מען זאָל אים רופן מיט דעם פאַמיליע־נאָמען מאַלינקאָווסקי און ער האָט געהאַט אַריינפלעכטן אַ פּסוק, אַ גלייכווערטל אין זיינע רייד.

האָט ר׳ יאָשע געגעבן צו פאַרשטיין די געסט, אַזוי צו זאָגן:

— אין דער היים זענען דאָך געווען גוטע יידן, מגידים, משולחים, וואָס זענען אַרומגעגאַנגען איבער דער וועלט, טאָ פאַרוואָס זאָל דאָ אין אַמעריקע נישט זיין אַזאַ ייד? וואָס מיינט איר, דאָ איז שוין כל הקיצין, ס׳איז שוין משיחס צייטן — כולו חייב; ניין, נאָר וואָס דען? דאָ זענען די שולן, די בתי מדרשים פאַרשלאָסן אַ גאַנצן טאָג, איז ווו זאָל זיך אַזאַ ייד אויפהאַלטן? גייט ער אַרום איבער די וועגן, אין די וועלדער צווישן

פראָסטע מענטשן. איר זעט דאָך, אין די האָטעלן ווו מען פרעסט און זויפט זיצט ער נישט.

זענען די געסט געזעסן פאַרנאַכט אויף דער וועראַנדע און האָבן זיך נישט צוגעהערט צו מרס. דאָרמאַנס מעשיות וועגן די בלומען, וואָס בליען אויף די קוסטעס אין פרילינג, וועגן די בלעטער, וואָס ווערן קאַרשן־רויט אויף די ביימער אין האַרבסט, נאָר זיי האָבן זיך איינגעהערט ווי ר׳ יאָשע דערציילט וועגן דעם בעל שם טוב, וואָס איז פאַרפאַלן געוואָרן אויף גאַנצע טעג אין וואַלד. זיי האָבן זיך דערמאָנט די אַמאָליקע צייטן מיט אַ יאָר פופציק צוריק, ווען מען איז נאָך געווען יונג אין דער אַלטער היים; זיי האָבן צוזאַמען מיט ר׳ יאָשען געבענקט נאָך די יידן, וואָס זענען אַמאָל אַרומגעגאַנגען איבער דער וועלט און זיי האָבן אויסגעקוקט אויף ר׳ אברהמלען, אפשר וועט ער פלוצלונג אָנקומען פון וועג.

ג

וואָס זאָל איך לייקענען? — אַז איך האָב געזען ווי אַזוי אברהמל דערליידיקגייער איז געוואָרן ביי די געסט דער גוטער ייד „ר׳ אברהמל", איידער זיי האָבן אויסגערעדט אַ וואָרט מיט אים — האָב איך זיך אויך פאַראינטערעסירט מיט דעם מענטשן.

נאָר אברהמל איז נישט געקומען אין האָטעל און איך האָב געטראַכט, אָט וועל איך אָוועקפאָרן אַהיים און וועל זיך נישט באַקענען מיט אים.

אַז ס׳איז אָבער עפּעס באַשערט קומט עס אומגעריכט, ווען מען טראַכט גאָרנישט וועגן דעם. איך האָב באַגעגנט אברהמל דעם ליידיקגייער, ווען איך האָב נישט גערעכנט אים צו טרעפן.

איינמאָל נאָך אַ מיטאָג בין איך אַוועק אַליין שפּאַצירן; אַריין אין וואַלד און פאַרבלאָנדזשעט. איך האָב זיך אַריינגעפּלאָנטערט אין דער טונקלקייט פון די צווייגן און מאָך און מיר האָט זיך געדוכט, איך בין פּלוצלונג אָפּגעשיידט געוואָרן פון דער וועלט. די ביימער זענען געשטאַנען געדיכט, ווי באַשעפענישן וואָס האָבן זיך געטוליעט איינס צום אַנדערן אין שרעק פון אַ סכנה, און אָנגעוואָרפן אויף מיר אַ פּחד.

מיר האָט זיך געדוכט, אַז דער וואַלד ציט זיך אויס ווייט, ווייט אָן אַ סוף און אָן אַן עק, און איך גיי איין אין דער ווייטקייט. האָב איך זיך אָנגעשפּאַרט אָן אַ בוים און אָנגעהויבן הוקען — אפשר וועט עמעצער

דערהערן מיין קול, אָדער איך וועל דערקענען נאָך מיין ווידערקול ווי ווייט איך בין פון וועג.

מיין קול האָט זיך נישט אָפּגעהאַקט אין קיין ליידיקייט, נאָר איז איינ־געזונקען אין דער ווייטער ווייטקייט, שטילער ווי די שטילקייט אין וואַלד. „מסתמא בין איך ווייט פון אַ פעלד״, בין איך געוואָרן אומרויק און נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. פּלוצלונג האָב איך דערהערט אַ הו־האַ — האָב איך זיך אָנגעשטרענגט און אָפּגעענטפערט.

דאָס קול האָט זיך געשטאַרקט, זיך דערנענטערט צו מיר און ס׳האָט נישט גענומען לאַנג ווי איך האָב דערזען אַ מענטשן נישט ווייט פון זיך. איך האָב זיך אַזוי דערפרייט מיט דער באַגעגעניש, אַז איך האָב אָנגע־הויבן ריידן יידיש, מאַמע־לשון, און מיר איז גאָר אַרויס פון זינען אַז דאָ אין קאָנטריוויל דאַרף מען זיך ווענדן אויף ענגליש. איך האָב גע־פרעגט: „אפשר ווייסט איר ווי מען גייט אַרויס פון וואַלד?״ נאָר איידער איך האָב געענדיקט, האָב איך געוואָלט פאַרריכטן מיין טעות און אָנגע־הויבן ריידן ענגליש. דער פרעמדער האָט מיר אָבער געענטפערט אויף יידיש:

— אַוודאי, פאַרוואָס נישט? אַ מצווה צו פאַרדינען און ווייזן אַ יידן דעם וועג.

דער ייד האָט אַ שמייכל געטאָן:

— ווי ס׳ווייזט אויס, איז אין אַמעריקע שווער צו מקיים זיין אַ מצווה: איר האָט אויפגעהערט הוקען; איר זייט פּלוצלונג אַנטשוויגן גע־וואָרן, האָב איך אייך נישט געקענט געפינען...

איך האָב נישט באַהאַלטן פון דעם יידן: אין דער געדיכטקייט און שטילקייט פון וואַלד האָט מיין אייגן קול אָנגעוואָרפן אויף מיר אַ שרעק און איך האָב אויפגעהערט הוקען.

— אַזוי איז מיט די מענטשן וואָס זענען נישט צוגעוווינט צום וואַלד; פאַר איין בוים שרעקט זיך נישט דער מענטש, אַז ער גייט אָבער אַריין אין אַ וואַלד צווישן אַ סך ביימער, פאַלט אויף אים אָן אַ מורא.

איך האָב זיך בעסער צוגעקוקט צו דעם יידן: ער איז פון מיטעלן וווּקס, אַ שטשופּלער, אָפּגעראַזירט, אָן אַ באָרד און אָן וואָנצעס, אָן אַ היטל, די האָר נידעריק אָפּגעשוירן און שטייען אָפּ האַרט, כאַטש זיי זענען טיף

גרוי. דאָס רעקל ליגט אויף אים ענג איינגעצויגן, צוגעמאָסטן צו זיין פיגור ווי ביי אַ יונג בחורל.

ער איז מיר דאָ אין וואַלד געוואָרן נאָענט ווי אַן אַלטער פריינד, וואָס איך האָב פלוצלונג באַגעגנט, און איך האָב געפרעגט: און איר האָט זיך שוין צוגעוווינט?

ער האָט געשוויגן אַ ווײַלע, דערנאָך שטיל אויסגערעדט:

— אַז מען דערקענט דעם וואַלד, געוויינט מען זיך צו צו די ביימער ווי צו שכנים.

מיר איז איינגעפאַלן, אַז דאָס איז אברהמל דער לײדיקגייער. מיר האָט זיך אָבער נישט געגלייבט, אַז דער גוטער ייד, וואָס מר. דאָרמאַן דערמאָנט זיין נאָמען, מיט אַזויפיל יראת הכבוד, זאָל אויסזען ווי אַ „קאָטער ביי קלאַוקס" אָדער אַ „סיילסמען" פון שיך אויף דילענסי סטריט. דאָך האָב איך ביי אים געפרעגט: — איר זייט ר׳ אברהמל?

— יאָ, יאָ — האָט ער אָנגעהויבן שמייכלען — שעמט זיך נישט, אברהמל דער לײדיקגייער, ווי מרס. דאָרמאַן רופט מיך, איך האָב זיך טאַקע איצטער געקליבן גיין אַהין...

— זי זאָגט טאַקע דער לײדיקגייער — האָב איך זיך געפּרוּווט פאַרענטפערן — אָבער ביי איר אין הויז, אין דעם האָטעל, האָט מען פאַר אייך גרויס דרך ארץ, אַפילו סעלמע, דאָס יונגע אַמעריקאַנער מיידל, פאַרלאָזט זיך אויף אייך.

— איך ווייס נישט צי מען מעג זיך פאַרלאָזן אויף מיר, אָבער מרס. דאָרמאַן איז גערעכט — איך בין אַ לײדיקגייער; איך גיי אַרום און טו גאָרנישט; די וועלט לויפט, שרייט, קאָכט, און דאָ גייט אַרום אַ מענטש פוסט־און־פּאַסט און קוקט זיך איין אויף די ביימער.

מיר האָט זיך געדוכט אַז אברהמל רעדט נישט צו מיר, נאָר ער שיקט אַרויס זיינע ווערטער אַפריער פון זיך אין וואַלד און ער הייבט זיך אָן אַליין אויף דערווייטערן פון מיר. איך האָב אָבער געוואָלט בלייבן מיט אים אין וואַלד, האָב איך זיך אָפּגערופן: — גוט וואָס איך האָב אייך געטראָפן, איך האָב אַזוי לאַנג געקוקט אויף די ביימער, אַז איך האָב פאַרגעסן ווי צו ריידן מיט אַ מענטשן.

— און איך לערן זיך ביי די ביימער ווי צו ריידן מיט אַ מענטשן;

איר חידושט זיך? — האָט ער אַ שמייכל געטאָן: — איר ווייסט אַז ביימערריידן?

— אפשר — האָב איך נאָכגעגעבן און אָפּגעפרעגט: — ווער קען עס דערהערן? מען זאָגט אַז אַ וואַלד פאַרבאָרגט זיינע סודות.

— ניין, — האָט אברהמל אַ קוק געטאָן אויף מיר, — אַ וואַלד פאַרבאָרגט גאָרנישט, פאַרקערט, ער האַלט אין איין ריידן און דערציילן; ער ענטפערט גיכער ווי אַ מענטש ווען איר זאָגט עפּעס, און ער דערהערט אייערע רייד אַפילו דעמאָלט, ווען איר שווייגט.

— איז וואָס איילט איר זיך אַוועקגיין? — האָב איך זיך געפּרוּווט אַריינפּאַסן אין דעם גאַנג פון אברהמלס רייד, — לאָמיר זיך אַוועקזעצן אַ ווײַלע וועלן מיר אָפּרוען, און אפשר וועל איך אויך עפּעס דערהערן וואָס די ביימער דערציילן דעם מענטשן.

— איך ווייס נישט צי מען וועט עפּעס דערהערן — האָט אברהמל אַ שמייכל געטאָן, — אָבער אָפּרוען אַ ווײַלע שאַט קיינמאָל נישט.

— נו, וועט איר אויסקלייבן אַ גוט אָרט — בין איך געוואָרן פרייער אין מיינע רייד מיט אברהמלען — איר קענט דאָך דאָ אַלע וועגן און שטעגן.

— איך ווייס. איך ווייס... — האָט אברהמל אויסגעצויגן די ווערטער און אַוועקגעשטעלט אַ טראָט.

מיר האָט זיך געדוכט, אַז ער גייט טיפער אין וואַלד, נאָר איך האָב גאָרנישט געזאָגט און ער האָט אויך געשוויגן. ער האָט געהאַלטן אַ טרוקן צווייגעלע אין האַנט, צוגעטראָגן עס צום מויל, ווי ער וואָלט אַ ביס געטאָן די פאַרדאַרטע קאָרע, האָט אָנגערירט מיט דעם צווייגעלע אַ שפּיץ פון אַ צווייג און זיך איינגעקוקט אויף די ביימער.

די שטילקייט פון וואַלד האָט זיך אָפּגעלייגט אונטער אונדזערע טריט, און האָט זיך אויסגעצויגן פאַר אונדז אַזוי ווייך ווי די צווייגן האָבן זיך אַראָפּגעבויגן פון די ביימער.

איך האָב זיך איינגעקוקט ווי אברהמל גייט פּאַמעלעך אין וואַלד; ער היט נישט זיינע טריט, נאָר קוקט זיך איין אויף די ביימער. האָב איך געטראַכט: אפשר פאַרנעמט ער טאַקע די רייד פון די ביימער, און איך האָב נישט איבערגעשלאָגן די שטילקייט.

נאָר ער אַליין האָט זיך פּלוצלונג אָפּגערופן:

— אָט דאָ קען מען זיך זעצן אָפּרוען.

— ווו? — האָב איך נישט באַמערקט דאָס אָרט.

— אָטאָ — איז ער צוגעגאַנגען נענטער צו מיר און אָנגעוויזן אויף אַ גרויסן בוים וואס איז געלעגן אַן איינגעבראָכענער.

— ס׳איז אַ גוט אָרט זיך אָפּצורוען, — האָב איך צוגעגעבן, — אָבער ווער קען דאָס גיין אַזוי טיף אין וואַלד צו געפינען אַזאַ אָרט?

— מען גייט אַהער, און נאָך טיפער אין וואַלד, ווייל דעם מענטשן ציט אין וואַלד, — האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויפן בוים און איז ווידער אַנטשוויגן געוואָרן.

איך האָב געוואָלט ווייטער פירן דעם שמועס:

— און ביי אונדז זאָגט מען, אַז אַ וואָלף ציט אין וואַלד, נישט דעם מענטשן.

האָט אברהמל טיף אַ קוק געטאָן אויף מיר, ווי ער וואָלט מיך ערשט דערזען:

— אויב מען זאָגט אַזוי, מסתמא איז עס ריכטיק, איך וויל דאָס נישט אָפּלייקענען. איך ווייס אָבער אַז דעם מענטשן ציט אין וואַלד, דער־פאַר האָט איר אפשר פאַרבלאָנדזשעט. אין וואַלד דערקענט דער מענטש זיך אַליין. אין דער שטילקייט פון זיינע טריט, אין דער אָפּגעזונדערטקייט פון דער וועלט טויכן־אויף די פאַרבאָרגענישן פון זיין נאַטור. זיי הייבן אָן אַרויסשיינען אָט אַזוי, ווי דאָס ליכט פון די זון־שטראַלן שניידט זיך דורך דורך די צווייגן.

— דער מענטש ווערט אָבער פאַרלוירן אין וואַלד, אָט אַזוי ווי אַלע ביימער פלעכטן זיך אייך אין איין וואַלד — בין איך געווען צופרידן, וואָס אונדזער שמועס פאַרבינדט זיך, און איך האָב געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, נאָר אברהמל האָט זיך איינגעשניטן אין מיינע רייד:

— אַ וואַלד איז נישט קיין זאַק קאָרן; יעדער בוים שטייט באַזונ־דער, איינגעוואַקסן אין זיין שטאַם און זעט אויס אַנדערש ווי דער אַנדערער בוים; אָט אַזוי ווי איין מענטש איז אַנדערש פון דעם אַנדערן ווי גרויס די מחנה זאָל נישט זיין.

— אפשר זייט איר גערעכט —— האָב איך אָנגעהויבן אויסרעכענען די פאַרשידענע סאָרטן ביימער.

— יאָ, יאָ — האָט אברהמל איבערגעחזרט מיינע רייד און אויס־

געצויגן יעדעס וואָרט: — אליאָכע, יאַשין, סאָסנע, דעמב, די צאַרטע בעריאָזקע; ווער קען דאָס איבערציילן אַלע סאָרטן? מען פאַרגעסט אַפילו די נעמען פון באַקאַנטע, דאָס פּנים בלייבט נאָר איבער אין זכרון, — איז פאַרוואָס זאָל איך געדענקען די נעמען פון אַלע מינים ביימער? איך דערקען אַ בוים נאָך דעם אויסזען, — האָט זיך אברהמל פאַרקוקט אויף די צווייגן פון שטאָם, וואָס זענען אָפּגעשטאַנען פון דעם איינגעבראָכענעם בוים, אויף וועלכן מיר זענען געזעסן.

איך האָב דערפילט זיין חוזק־טאָן, נאָר איך האָב דאָס נישט אַרויסגעוויזן פאַר אים און האָב געפּרוּווט ווייטער ציען דעם שמועס:

— איך זע איר האָט ליב די נאַטור, האָט איר געזען די נאַטורוואונדער פון אַמעריקע?

— יאָ, יאָ... — האָט ער אָנגעשפּיצט זיין בליק — איך בין אַרומגעפאָרן איבער אַמעריקע, געזען די אַלע פּלעצער וואָס מען באַווייזט אין די „מוּוויס" און מען באַשרייבט אין די צייטונגען. איר ווייסט אָבער וואָס איך וועל אייך זאָגן? — האָט ער אויפגעהויבן דאָס קול, גלייך ווי ער וואָלט זיך פּלוצלונג אויסגעשיילט פון זיינע פאַרבאָרגענישן, און האָט נאָך אַמאָל איבערגעחזרט:

— איך וועל אייך זאָגן, מיר איז בעסער געפעלן אַרומצוגיין דאָ אין קאַנטריוויל ווי צו באַוואונדערן די וואונדער פון יעלאָסטאָון פּאַרק. און ער האָט מיר אָנגעהויבן געבן צו פאַרשטיין, ווי ער וואָלט עפּעס געלערנט מיט מיר:

— ווען איר קוקט אויף די וואונדער פון די הויכע ריזיקע בערג מיט די אַלטע טויזנט־יאָריקע ביימער, עפנט זיך טאַקע פאַר אייערע אויגן מעשׂי בראשית, איר זייט אָבער פול מיט פּחד און מורא, ווייל איר דערזעט פּלוצלונג אַז איר, דער מענטש — דער בחיר היצירה — איז קליין, שוואַך און אַז איר ווילט — נישטיק, קלענער און נישטיקער פון דער מילב, וואָס זעצט זיך אַוועק אויף אַן עלפאַנט. ווען איר גייט אָבער אַרום דאָ אין קאָנטריוויל און קוקט זיך איין אויף די בערג, וואָס זעצן זיך אָפּ נידעריקער פון די וואָלקנס, איר טרעט איבער די פעלדער וואָס שפּראָצן מיט זייער זריעה, אָדער איר רוט זיך אָפּ לעבן טייך וואָס ליגט אונטערטעניק אין די ברעגן, ווערט איר נישט שפּל ביי זיך. איר דערפילט אַז איר מיט די בערג און די טאָלן, מיט דעם גראָז און די ביימער קומען

אַרויס פון איין מקור. איר זייט מעשי ידיו. ס'דוכט זיך אייך, אַז אַזוי איז שטענדיק געווען און אַזוי וועט אַלע מאָל זיין; קיין זאַך ענדיקט זיך נישט און קיין זאַך הייבט זיך נישט אָן, נישט איר און נישט דער באַרג. ס'דער־וועקט זיך אין אייך אַ טיפער בטחון, און איר קוקט אויף גאָטס ווערק אָן פחד, אָן מורא, נייערט מיט חדווה און בענקעניש, — איז אברהמל אנט־שוויגן געוואָרן און אראָפּגעלאָזן זיין בליק אויף די קריכערס, די פליגעלעך, וואָס זענען געקראָכן אויפן מאָך אונטער די בלעטער.

איך האָב זיך איינגעקוקט ווי אברהמל באַנעמט זיך אין וואַלד. מיר האָט זיך געדוכט, אַז זיינע רייד וויגן זיך אָט אַזוי ווי די צווייגן בייגן זיך און ער אָטעמט מיט דעם וואַלד, גלייך ער וואָלט אויסגעוואָקסן דאָ צו־זאַמען מיט די ביימער פון דעם מאָך. האָב איך נישט באַמערקט ווי איך האָב געזאָגט:

— מסתמא, קומט איר פון אַ דאָרף, האָט איר דאָרטן איינגעזאַפּט דעם ריח פון וואַלד, — און איך האָב געפרעגט: — פון וואַנען קומט איר; טאַקע פון אַ דאָרף?

— ניין! — האָט אברהמל אַ ציטער געטאָן, און נאָך אַמאָל איבער־געחזרט: — ניין, איך קום פון אַ שטעטל, פון די שטעטלעך ווו אַ קו פליט איבערן דאַך און ס'פאַרשטייט זיך, אַז קיין בוים זעט מען נישט פאַר די אויגן, אָט אַזוי ווי מען באַשרייבט און מען באַרעדט די ערטער פון אונדזער היים. — האָט ער אַ שמייכל געטאָן.

— און ווו האָט איר זיך אויסגעלערנט צו פאַרשטיין דאָס לשון פון די ביימער?

— אין חומש...

— איך האָב אויך געלערנט חומש, אַפילו אַ בלאַט גמרא, אָבער... — און איך האָב נישט געוווסט ווי ווייטער צו פירן דעם שמועס.

האָט מיר אברהמל אַרויסגעהאָלפן:

— מסתמא, האָט איר צופיל געלערנט, אַוודאי מערער פון מיר, איך האָב ווינציק געלערנט האָט זיך ביי מיר אין זכרון בלויז איינגעשניטן פון די ערשטע סדרות...

— בריאת העולם? — האָב איך געוואָלט טרעפן.

— ניין, אַ גאַנץ געוויינלעכער פסוק; אַז איך האָב געלערנט אין חדר און דער רבי האָט פאַרטייטשט „ויצא יצחק לשוח בשדה לפנות ערב",

און יצחק איז אַרויס פאַרנאַכט אין פעלד תפילה־טאָן — דאַווענען מנחה, האָב איך געזען פאַר מיינע אויגן „גמלים באים“, גאַנצע סטאַדעס קעמלען, און איך האָב זיך איינגעקוקט אין פענצטער אָט אַזוי ווי רבקה, „ותשא רבקה את עיניה“ — זי האָט אויפגעהויבן די אויגן. דער רבי האָט שוין געהאַלטן ווייטער, ער האָט פאַרטייטשט „ויקח את רבקה ותהיה לו לאשה“ — און ער האָט גענומען רבקהן און זי איז געוואָרן צו אים אַ ווייב, — נאָר פאַר מיינע אויגן האָט נאָך געשווינדלט „ותפל מעל הגמל“ — ווי זי איז אַראָפּגעפאַלן פון קעמל ווען „ותרא את יצחק“ — ווען זי האָט דערזען יצחקן. איך האָב רחמנות געהאַט אויף רבקהן, וואָס האָט זיך געשעמט און געציטערט, ווען זי איז אָנגעקומען אין דער פרעמד, און מיך האָט געצויגן אין פעלד, אָט אַזוי ווי יצחק איז אַרויסגעגאַנגען שפּאַצירן פאַרנאַכט. איך פלעג זיך אָפּגנבענען פון רבין, אַרויס פון חדר און אַוועקגיין הינטערן שטעטל.

— אַרום שטעטל זענען געווען בערג, אַ וואַלד, פאַרזייטע פעלדער, אָט אַזוי ווי דאָ אין קאָנטריוויל. בין איך אַרומגעגאַנגען איבער די פעלדער, אַריין אין וואַלד און מיר האָט זיך געדוכט, אַז איך טרעט אין יצחקס טריט; איך וועל באַלד עמעצן באַגעגענען; איך וועל דערזען דעם פעטער וואָס פאָרט צו אונדז פון קאָסאָווע מיט אַ סך מתנות, אָדער אליהו הנביא, וואָס קומט אָנזאָגן משיחס קומען.

— די ערשטע צייט איז מיר אומעטיק געוואָרן, ווען איך בין אַוועק ווייטער פון שטעטל; איך האָב געציטערט אַריינגיין טיפער אין וואַלד. מיך האָט אָבער געצויגן אין וואַלד. אַז איך בין אָבער אַביסל עלטער געוואָרן, איז געוואָרן אינגאַנצן אַנדערש. מיר איז געווען אומעטיק צו זיצן אין חדר צוזאַמען מיט די יינגלעך. איך האָב זיך געשראָקן ווען מען האָט מיך אָפּגעגעבן צו אַ נייעם מלמד לערנען. מיר איז אָבער געוואָרן פריילעך ווען איך האָב זיך אַרויסגעגנבעט פון חדר, פון די יינגלעך און בין אַוועק אין פעלד. יצחק מיט רבקהן האָבן מיך פאַרפירט אין וואַלד; און ביי די בהמות מיט די שעפסן, וואָס האָבן זיך געפיטערט אין פעלד, האָב איך זיך אויסגעלערנט דאָס לשון פון די ביימער.

— אויב אַזוי, האָט איר אַ סך תורה געלערנט, האָב איך זיך אַריינגעמישט אין זיינע רייד.

אברהמל איז געזעסן אויפן בוים, אָנגעשפּאַרט אויף די צווייגן;

די צווייגן האָבן זיך אַראָפּגעבויגן אויף זיין קאָפּ און די בלעטער האָבן אים פאַרשטעלט פון מיר. ער האָט ווייטער גערעדט, גלייך ווי ער וואָלט נישט געענטפערט מיר אויף דער פראַגע, נאָר געפירט אַן אַלטן שמועס, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט יאָרן צוריק:

— ניין, איך האָב נישט קיין סך געלערנט, אין קיין איין חדר האָב איך זיך נישט געהאַלטן. איז פאַרשפּרייט געוואָרן אַ שם איבערן שטעטל, אַז איך פיר איבער די איבעריקע תלמידים. קיין מלמד איז נישט גערן געווען אַריינצונעמען מיך צו זיך אין חדר, האָט מיין טאַטע ע״ה אָנגעהויבן אַליין לערנען מיט מיר. מיין טאַטע, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל ער האָבן, איז אָבער געווען אַ פאַריאָגטער מענטש — דאגות פרנסה — טאָ ווען האָט ער צייט געהאַט צו לערנען מיט מיר? זומער בין איך געווען פאַרנומען אין פעלד מיט די פליגעלעך, פייגעלעך; איך האָב גע־דאַרפט נאָכקוקן צי די זאַנגען בליען טאַקע און צי מוראַשקעס לייגן אייעלעך. ווינטער האָט דער טאַטע געדאַרפט היטן דעם גוי וואָס ברענגט דאָס ביסל תבואה אויף דעם מאַרק, ס'זאָל זיין אַ שטיקל ברויט אין שטוב. פלעגט ער אָפּרייסן אַמאָל, ווינטער ביינאַכט, אַ שעה פון זיין פאַרמאַטערט לעבן און אָפּלערנען מיט מיר אַ קאַפּיטל תנ״ך.

— נו, האָט איר איינגעזאַפּט די הייליקע רייד פון אונדזערע נביאים — בין איך באַשטאַנען אויף מיין דעה, אַז ער קען לערנען.

— ניין, — האָט זיך אברהמל אויפגעשטעלט און אָפּגעטראָטן אַ טראָט פון בוים, — ביי מיר איז ווינציק געבליבן פון ישעיה, פון יחזקאל, נאָר אין מיין זכרון האָט זיך איינגעשניטן אַ געוויינלעך פשוט קאַפּיטל אין שופטים, מיר דוכט זיך קאַפּיטל „ט״, און ביזן היינטיקן טאָג ווייס איך נישט פאַרוואָס, צי צוליב די רייד וואָס יותם האָט גערעדט צו די בעלי שכם, אָדער דערפאַר וואָס איך קען נישט פאַרגעסן ווי אַזוי דער טאַטע האָט געלערנט מיט מיר דאָס קאַפּיטל תנ״ך. דער אָוונט שטייט אָבער פאַר מיינע אויגן אַזוי קלאָר ווי דיביימער דאָ אין וואַלד און ווי יענע ביימער וואָס האָבן געוואָלט זאַלבן דעם דאָרן פאַר אַ קעניג.

— ס'איז געווען אַ פראָסטיקע ווינטערדיקע נאַכט, — האָט ער זיך צוריק אַוועקגעזעצט אויפן בוים, — אין שטוב זענען שוין אַלע געשלאָפן און דער טאַטע איז געזעסן מיט מיר אין הינטערשטן חדר; אַרום און אַרום איז געווען שטיל און וואַרעם, און די שטילקייט האָט מען געקענט

אָנטאָפּן אָט אַזוי ווי מען האָט געפילט די וואַרעמקייט. ס׳האָט זיך געדוכט, אַז איך מיט דעם טאַטן האָבן זיך אָפּגעטיילט און דערווייטערט פון דעם גאַנצן הויז־געזינד און דער טאַטע פאַרטייטשט נישט די רייד פון יותמען, נאָר ער נעמט זיך אָן פאַר דעם יתום און קען נישט איבערטראָגן די עוולה, וואָס מען איז באַגאַנגען קעגן יותמען, קעגן זיין פאָטערס הויז. „אם באמת משחים אותי למלך עליכם באו חסו בצלי״ — אויב איר ווילט מיך מיט אַן אמת זאַלבן פאַר אַ מלך איבער אייך, קומט און שיצט אייך אין מיין שאָטן; „ואם אין״ — און אויב נישט — שעלט דער טאַטע מיט דער צונג פון יותמען — „תצא אש מן האטד ותאכל את ארזי הלבנון״ — זאָל אַרויסגיין אַ פייער פון דעם דאָרן, און פאַרצערן די צעדערן פון לבנון״...

מיר האָט זיך געדוכט אַז אברהמל זאָגט די פסוקים פון תנ״ך מיט די תנועות און מיט דעם קול פון זיין טאַטן, אָט אַזוי ווי ער האָט אַמאָל געלערנט מיט אים, האָב איך נישט געקענט באַהאַלטן מיין באַגייסטערונג:

— איר געדענקט אַזויפיל אויף אויסווייניק?!

— געדענקען, געדענק איך נישט, אָבער דאָס קאַפּיטל האָט זיך איינגעשניטן אין מיין געדעכעניש מיט דעם אמת, מיט דער וואָרהאַפּ־טיקייט פון יותמס רייד; איך זע אַז מיט אמת קען אַפילו אַ דאָרן ווערן אַ מלך און קיניגן איבער די ארזי הלבנון.

אברהמל איז אַנטשוויגן געוואָרן און אָנגעהויבן אָפּטרעטן פון בוים. איך האָב אָבער נישט אָפּגעלאָזן דאָס לערנען און נאָך עפּעס געפרעגט וועגן זיין טאַטן:

— האָט דער טאַטע ווייטער געלערנט מיט אייך?

— ווען האָט ער צייט געהאַט צו לערנען מיט מיר, אַז ער האָט געדאַרפט זוכן פרנסה פאַר אַ געזינד פון זעקס קינדער מיט אַ ווייב? וויפל מיינט איר זענען געווען אַזעלכע ווינטערדיקע אָוונטן? האָט ער אַ זיפץ געטאָן, נאָר ער האָט באַלד געביטן זיין טאָן, אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אָנגעהויבן ריידן האַלב אין שפּאַס: — ווילט איר וויסן וואָס איז געווען דער סוף? וואָס טוט מען ביי אַ יידן מיט אַ בחורל וואָס שפּאַנט שוין אַריין אין דעם זעכצנטן יאָר, לערנען וויל ער נישט און קיין מלאכה אין האַנט האָט ער נישט? — מען שיקט אים אַוועק קיין אַמעריקע. און מיט דער תורה וואָס איך האָב אויסגעלערנט ביי דעם טאַטן אין שטוב און ביים רבין אין חדר און מיט די 25 דאָלער, וואָס מען האָט מיר געגעבן

צו ווייזן אין קעסל־גאַרדן, בין איך אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק. וואָס מיר איז איבערגעבליבן פון דער תורה זעט איר דאָך, אָבער יצחקס מצווה לשוח בשדה האָב איך אין דעם נייעם לאַנד אָפּגעהיט פרומער ווי אין דער היים. איך האָב אויסגעקליבן צו אַרבעטן ביי קלאָוקס, מסתמא בלויז דערפאַר ווייל אין דער טרייד איז דעמאָלט געווען אַ לאַנגער „סלעק״ און איך האָב געהאַט גענוג צייט אַרומצוגיין ליידיק, נישט צו באַקוקן ניו־יאָרק, נאָר זיך אַרומשלעפּן איבער די פּאַרקן און אַרויסגיין מיילן ווייט הינטער ניו־יאָרק.

— אַרבעט איר איצטער אויך ביי קלאָוקס ? — האָב איך זיך אַריינגעמישט.

— וואַרט, איילט זיך נישט, — האָט אברהמל מיך אָנגענומען ביי דער האַנט, און אַ שמייכל געטאָן: — אַז יצחק איז אַרויס שפּאַצירן האָט ער באַגעגנט רבקהן, נו, האָב איך אויך געזוכט רבקהן אויף מיינע שפּאַצירן אין די פּאַרקן, אין די וועלדער, אויף די פּאַרוואָרפענע וועגן הינטער ניו־יאָרק.

— איך האָב געטראַכט ווי אין די יינגלשע יאָרן: אָט־אָט וועל איך זי באַגעגענען, זי וועט מיר אָנקומען אַנטקעגן און זאָגן: — איך האָב פאַרבלאָנדזשעט אין וואַלד, אפשר וועט איר מיר ווייזן דעם וועג. אָדער, — הינט וועלן אויף איר אָנפאַלן, איך וועל זיי אָפּטרייבן און זי וועט מיך בעטן, שעמעוודיק מיט ציטער, איך זאָל זי דורכפירן דעם וועג — און לאַכט נישט, — האָבן זיך זיינע רייד געקייקלט פריי און אָפן מיט אַ וויץ, מיט אַ זייטיקער באַמערקונג, ווי ער וואָלט גערעדט וועגן עמעצן אַנדערש און נישט וועגן זיך אַליין, — אַזוי איז טאַקע געשען:

איך בין איינמאָל, זונטיק, אַרויס שפּאַצירן אין פּאַליסיידס פּאַרק. זונטיק פלעגן אַהין קומען אַ סך מענטשן; פּיקניקס, פאַרוויילונגען, פאַר־שידענע שפּילן... און מאָדנע, מיך האָט נישט געצויגן צו די מענטשן, איך בין נישט אַרויסגעפאָרן מיט מיינע פריינד אויף פּיקניקס, איך האָב האָלט געהאַט זיין אַליין, ווייטער פון מענטשן און זיך איינהערן פון ווייטן צו דעם טומל, ווי מען וויל אַמאָל קוקן אויף דעם שאָטן, וואָס ציטערט פאַר די טריט, און נישט אויפן מענטש, וואָס ציט די טריט. און אין פּאַליסיידס פּאַרק האָב איך באַגעגנט רבקהן. אַז ס׳איז געוואָרן שטילער אין פּאַרק און די מענטשן האָבן שוין אָנגעהויבן פאָרן אַהיים, האָב

איך דערזען ווי אַ מיידל קומט אָן פון וואַלד, אמת, נישט אויף קיין קעמל, נאָר צופוס. זי האָט אָבער אויסגעזען ריכטיק ווי רבקה, אָט אַזוי ווי איך האָב זי געזען אין חומש, אָט אַזוי ווי מאָלער מאָלן זי אויף בילדער. איך בין נישט צוגעגאַנגען צו איר און האָב זיך בלויז איינגעקוקט פון ווייטן ווי זי דרייט זיך אַרום צווישן דיביימער. פון אָנהייב האָב איך געמיינט, אַז זי קלייבט בלומען, זי האָט זיך אָבער נישט געטאָן איינבייגן, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז זי האָט פאַרבלאָנדזשעט. ווי ווייזט מען אָבער רבקהן דעם וועג צו יצחקן, ווי גייט מען צו צו איר און זי זאָל זיך נישט דערשרעקן פאַר מיר, ווען זי איז אַליין פאַרנאַכט דאָ אין וואַלד?

— האָב איך פאַרצויגן אַ ניגון פון די לידער וואָס מען האָט בייטאָג געזונגען אויפן פיקניק, זאָל זי וויסן, אַז איך בין אַ ייד, אפשר איז זי פון דעם פיקניק, וועט זי דערקענען נאָכן געזאַנג, אַז איך בין נישט קיין פרעמדער. ערשט — אַן איבערראַשונג. איך הער זי רופט: אַבראַשאַ, איך האָב פאַרבלאָנדזשעט! — מיך רופט מען דאָך אַברהמל — ווי ווייט איז אַבראַשאַ פון אברהמל: נישט מער ווי אַ בלעכענע קאָקאַרדע פון אַ פשוט היטל? בין איך צוגעגאַנגען צום מיידל.

זי האָט זיך פאַרשעמט, דערשראָקן, אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ — ווען זי זיצט אויף אַ קעמל וואָלט זי אַוודאי אַראָפּגעפאַלן פון אים, אָט אַזוי ווי רבקה — און זי האָט זיך אָפּגערופן: — איך האָב געמאַכט אַ טעות, אַנטשולדיקט, אַנטשולדיקט.

— איר האָט אָבער פאַרבלאָנדזשעט, וועל איך אייך ווייזן דעם וועג, — האָב איך זיך אָנגעשלאָגן מיט מיין גוטסקייט.

האָט זי זיך אָנגעהויבן פאַרענטפערן:

— מיר זענען אַרויסגעפאָרן אויף אַ פיקניק, איך בין אַוועק אין וואַלד זוכן שוואָמען, קלייבן יאַגדעס און האָב פאַרבלאָנדזשעט.

— יאָ, דאָ קען מען פאַרבלאָנדזשען, — האָב איך צוגעגעבן. דאָס מיידל האָט געשוויגן, זי איז געגאַנגען לעבן מיר און געקוקט אויף אירע אייגענע טריט. מיר האָט זיך געדוכט, זי ציטערט, נישט גיין צו נאָענט לעבן מיר און היט זיך, נישט אָפּטרעטן צו־ווייט, האָב איך איר געהאָלפן היטן די גלייכקייט פון איר גאַנג און נישט אויסגערעדט קיין וואָרט. איך האָב נאָר ווידער פאַרצויגן אַ ניגון; פון אָנהייב האָב איך שטיל אונטער־געברומט די לידער וואָס איך האָב געהערט בייטאָג אויפן פיקניק, דער־

נאָך בין איך זיך פאַרגאַנגען אין חזנות. איך האָב גאָרנישט באַמערקט ווי מיר זענען אַרויס פון וואַלד, נאָר פלוצלונג האָבן מיר אַ שיין געטאָן אין די אויגן די פייערן פון דעם קאָני איילאַנד און פאַליסייד־פאַרק, — האָב איך אויפגעהערט ציען דעם ניגון.

האָט זיך דאָס מיידל אָפּגערופן: — איר זינגט ווי ביי אונדז אין דער היים; ווו האָט איר זיך אויסגעלערנט אַזוי שיין זינגען?

מיך האָט אַרומגענומען אַ גרויסע פרייד וואָס ביי איר האָט אויס־גענומען מיין זינגען און ביי מיר האָט זיך אָנגעהויבן בינדן אַ וואָרט צו אַ וואָרט: איך האָב איר דערציילט — כ׳בין געווען אַ משורר ביי אַ חזן, און זיך נישט געשעמט איר צו זאָגן, אַז איצטער, פאַרנאַכט אין וואַלד, זינגט זיך שענער ווי שבת אין שול פאַרן עמוד. איך האָב זיך דערוווּסט, אַז זי קומט פון מיין געגנט, כמעט לאַנדסלייט... נו, דערנאָך... אַזוי ווי ביי יונגע מענטשן, ווי ביי אַ בחור מיט אַ מיידל, וואָס דאַנקען גאָט פאַר דעם צופאַל.

איך האָב פון איר נישט פאַרהוילן, אַז זי זעט אויס אין מיינע אויגן ווי רבקה פון חומש, און זי האָט געביטן איר נאָמען פון גיטל־זשעניע אויף רבקה. זי איז אָבער געווען פול מיט קאַפּריזן, קאַפּריזנער — — — איז ער פלוצלונג אַנטשוויגן געוואָרן און זיך אָפּגעקערט צו די צווייגן פון בוים.

איך האָב זיך נישט גערירט פון אָרט, געהיט, מיין בליק זאָל זיך נישט באַגעגענען מיט זיינעם און האָב באַהאַלטן אין מיין טיפסטער פאַר־באָרגעניש מיין באַגער צו הערן ווייטער זיין געשיכטע. איך האָב געזען, דער מענטש איז צו טיף איינגעזונקען אין זיין צער און איך האָב גע־ווּסט, אַז אין אַזאַ געמיט־צושטאַנד קען מען נישט איינהאַלטן די ווערטער. איך האָב אָבער נישט געוואָלט פאַרנעמען רייד, וואָס דער ווייטיק שפּאַרט אַרויס, כדי דעם דערציילער זאָל דערנאָך נישט פאַרדריסן. האָב איך געטראַכט, ס׳וואָלט געווען גוט מיר זאָלן זיך איצטער פאַנאַנדערגיין, נאָר איך האָב נישט געקענט אַוועקשטעלן קיין טראָט.

אברהמל האָט מסתמא דערפילט ווי נאָענט עס איז מיר זיין ווייטיק, — האָט ער זיך אָפּגעקערט צו מיר, געקוקט אויף מיר אַ ווײַלע און האָט געפרעגט: — ווי לאַנג בין איך שוין מיט אייך אין וואַלד?

— איך ווייס נישט, — האָב איך שטיל געענטפערט, — איך האָב נישט געקוקט אויפן זייגער.

האָט ער אויפגעהויבן די אויגן אויף דער שיין פון דער זון, וואָס האָט זיך דורכגעשניטן דורך די ביימער:

— מסתמא אַ פּאָר שעה.

איך האָב דאָס אָבער נישט באַמערקט.

— איר ווייסט וואָס איך וועל אייך זאָגן, אַ פּאָר שעה אין וואַלד איז אַמאָל מערער ווי אַ פּאָר הונדערט יאָר באַקאַנטשאַפט אין שטאָט מיט די טראַמווייען און סאָבווייס, — און ער האָט ווייטער אָנגעהויבן דערציילן:

— זי איז געווען קאַפּריזנער פון רבקהן, און אין די קינדערשע יאָרן איז זי געווען אַנדערש ווי רבקה — זי האָט מסתמא נישט געפאָלגט דעם טאַטן. זי האָט געקענט טראָגן אַ באַרג אויף זיך און קיין זיפץ נישט טאָן, און אַמאָל איז איר געווען שווער אַ שטרוי אויפצוהייבן. זי האָט געהאַט איר גאַנג אין לעבן; ניין, נישט קיין פּרינציפּן, נישט קיין פרומקייט, נאָר אַ חלום וואָס זי האָט אויסגעחלומט, און אין דעם חלום האָט זי אַריינגעפּאַסט אַ גאַנצע וועלט מיט אירע אייגענע תרי״ג מצוות. זי האָט אָפּגעהיט איר וועלט פרומער ווי אַ פרומער ייד דעם יום־כיפּור תענית. אין דער אויסגעחלומטער וועלט האָט זיך אויסגעדריקט איר ווייבלעכקייט — ציטער, איינגעשפּאַרטקייט, און צניעות, וואָס האָט געהאַט מער חן ווי די שיינקייט פון אַן אויסגעשניצט פּנים ביי אַ פרוי. אמת, איר פאַרריסענע ווירדע האָט אַמאָל אַנטפּלעקט איר שרעק זי זאָל נישט זיין נידעריקער פון דעם מאַן. זי האָט אָבער אַזוי פאַרהייליקט די ליבע צו איר אויסגעוויילטן, אַז צומאָל האָט זיך מיר געדוכט, זי האָט מורא ליב צו האָבן, זי זאָל נישט ווערן וואָכעדיקער פון דעם חלום וואָס זי האָט אויסגעחלומט.

— איך האָב זיך אַזוי צוגעפּאַסט צו אירע קאַפּריזן און פּירונגען, אַז מיר האָט זיך אָנגעהויבן דוכטן, איך חלום איר חלום, איך מעסט ערלעכקייט מיט איר מאָס און שאַץ אָפּ מענטשן נאָך איר פאַרשטענדעניש. עס זענען אַוועק אַ פּאָר יאָר און מיר האָבן שוין געהאַלטן ביים סוף פּסוק פון „ויצא יצחק לשוח״ — חתונה האָבן, אָדער ווי מען האָט געזאָגט אין יענער צייט — לעבן צוזאַמען, נאָר אייך קליינינקייט, אַ קליינינקייט —

איז ער ווידער אַנטשוויגן געוואָרן אַ ווײַלע, און ווײַטער געדעדט ווייך און שטיל — איך האָב געהאַט אַ חבר, אַן אַלטן פֿרײַנד, איך האָב זיך מיט אים באַקענט גלייך ווי איך בין געקומען קיין אַמעריקע. ער איז געווען דער היפּוך פֿון מײַן רבקהן. היינט וואָלט מען אים אָנגערופֿן אַ ציניקער. אין דער אמתן איז ער געווען אַ שטילער, גוטער מענטש, נאָר ער האָט האָלט געהאַט צו קוקן פֿון דער קרומער זײַט אויפֿן לעבן, אָט אַזוי ווי אַ מענטש געוויינט זיך אײַן אונטערצושפּרינגען ווען ער גייט. ער פֿלעגט ריידן מיט שאַרפֿע ווערטער און מאַכן דעם אָנשטעל, אַז אים אַרט גאָרנישט — אין דער אמתן האָט אים יאָ געאַרט, נאָר ער האָט האָלט געהאַט זיך צו שפּילן אין באַהעלטעניש מיט דער וועלט. רבקה האָט אים נישט געקענט פֿאַרטראָגן און איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז זי וויל נישט איך זאָל זיך טרעפֿן מיט אים, נאָר זי האָט דאָס מיר נישט געזאָגט. זי האָט מיך אָבער געבעטן און האָט פֿאַרזאָגט איך זאָל מיט מײַן חבר נישט ריידן וועגן איר. איך ווייס נישט צי איך האָב דאָס אויסגעפֿירט. ווי קען מען זיך אויסהיטן מען זאָל נישט זאָגן אַ וואָרט אַ גוטן חבר וועגן אַ מענטשן, אַ ווײַב, וואָס וועגן אים טראַכט מען יעדע מינוט? מסתמא האָב איך יאָ עפּעס דערציילט, נאָר בײַ אונדז איז קיין איבעררייד נישט געווען וועגן דעם. ביז איינמאָל, אַ קלייניקייט, אַ גאָרנישט, רבקה האָט אָפּגעמאַכט, אַז זי וועט אַוועקפֿאָרן קיין לאָס־אַנדזשעלעס. מען האָט איר געזאָגט, זי וועט דאָרטן קריגן שנעלער אַרבעט און מערער פֿאַרדינען. וויל זי פֿריער זיך אַרומקוקן, דערנאָך זאָל איך קומען. אפֿשר האָט זי געוואָלט — אמת, אומבאַוווּסטזיניק — אַז אין אונדזער נײַעם שריט אין לעבן זאָל זי אַוועקשטעלן דעם ערשטן טראָט. זי האָט מיר פֿאַרזאָגט, איך זאָל קיינעם נישט דערציילן — די וועלט דאַרף עס נישט וויסן — דערהויפּט זאָל איך מיט קיין וואָרט מײַן חבר נישט דער־מאָנען. זי האָט זיך שוין צוגעגרייט צו דער רייזע און אָט־אָט דאַרף איך איר אַרויסבאַגלייטן אויף דעם ערשטן שריט פֿון אונדזער לעבן און לאָזן איר אַוועקשטעלן דעם ערשטן טראָט. דאַרף זיך מאַכן — אַ קלייניקייט — אַ טאָג פֿאַרן פֿאָרן האָט זי באַגעגנט מײַן חבר און ער טוט אַ קוק אין אירע פֿאַרחלומטע אויגן, וואָס האָבן געציטערט אין דעם ערשטן שריט פֿון איר נײַעם לעבן, און שנײַדט אויס אַ דינעם שמייכל אין די ווינקלען פֿון זײַנע ליפּן:

— איר פאָרט קיין לאָס־אַנדזשעלעס ? אַ נייע שטאָט, וועט איר העלפן בויען...

מיין חבר האָט מיר דערנאָך דערציילט, ער האָט נאָך קיינמאָל אין זיין לעבן נישט געזען אַזוי פיל צער ביי אַ מענטשן ווי דעמאָלט, ווען רבקה האָט פאַרביסן די ליפּן, אַ קוק געטאָן אויף אים, גאָרנישט געזאָגט און איז אַוועקגעגאַנגען. זינט דעמאָלט האָב איך רבקהן נישט געזען. איך האָב זי ביי איר אין צימער נישט געפונען. האָב איך פאַרשטאַנען, זי איז אַוועקגעפאָרן קיין לאָס־אַנדזשעלעס, און איך בין אַהין אויך אַוועקגעפאָרן. איך האָב זיך דאָרטן אַרומגעדרייט אַ יאָר, צוויי יאָר און נישט געקענט דערגיין וווּ זי איז; ביזן היינטיקן טאָג ווייס איך נישט וואָס איז מיט איר געוואָרן, אַזוי ווי איך ווייס נישט ווו מיין חבר איז אַנטרינען געוואָרן. פון לאָס־אַנדזשעלעס אַהער בין איך שוין נישט געפאָרן מיט דער באַן, נאָר געגאַנגען צופוס. איך בין געגאַנגען איבער בערג, וועלדער און געטראַכט: אפשר... איך גיי דאָך שפּאַצירן... ווי ס'ווייזט זיך אויס חזרט זיך נישט איבער קיין נס צוויי מאָל, און אוודאי נישט דעמאָלט, ווען מע וואַרט אויף אים.

אַזוי האָב איך געזען די וווּנדער פון אַמעריקע. די ראָקע מאַונטיינס, דעם גרענד־קעניאָן, יעלאָוסטאָן־פּאַרק; וואָס נישט? — האָט אברהמל אַ שמייכל געטאָן און האָט זיך אָנגעשטרענגט צו ענדערן דעם טאָן פון זיינע רייד, נאָר זיין קול האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אין דעם זעלביקן אומעט פון וואַנען ס'האָט זיך פריער געצויגן:

— נאָר ציען, ציט מיך אַהער; צו אַ פּאַרזייט שטיקל פעלד, צו אַ טייך; גיי איך דאָ אַרום און לערן תורה מיט די פּאַרמער.

איך האָב געמיינט, ער שפּאַסט, ער וויל מיט דעם פאַרבאָרגן זיין צער, האָב איך זיך אין דעם זעלביקן טאָן אָפּגערופן:

— איז לערנט מיט מיר אויך תורה, איך וויל זיך עפּעס אויס־לערנען ביי אייך.

— אַי, דאָס טויג נישט, — האָט אברהמל אויסגעצויגן די ווערטער מיט אַ ניגון, — ווי ער וואָלט מיר מוסר געזאָגט: — אַ מענטש טאָר יענעם נישט מבטל זיין, זיך אַליין אַוודאי נישט; איר האָט ביי מיר נישט וואָס צו לערנען.

— איז וואָס לערנט איר מיט די פּאַרמער?

— די תורה וואָס איך האָב זיך אויסגעלערנט ביי מיין מאַמען ע״ה.

— ביי דער מאַמען און נישט ביים טאַטן?

— יאָ, ביי דער מאַמען און נישט ביים טאַטן. די תורה האָב איך זיך אויסגעלערנט תשעה באב. אַ גאַנץ יאָר האָט אונדז קינדער דער טאַטע מדריך געווען און די מאַמע האָט זיך נישט געמישט, נישט אין נעמען אַ מלמד און נישט אין די אַנדערע מצוות, אָבער תשעה באב, זענען מיר, די קלענערע קינדער, געווען אין דער מאַמעס רשות. זי האָט אַכטונג געגעבן ווער ס׳זאָל אָנבייסן אינדערפרי, ווער ס׳זאָל עסן אַביסל שפּעטער און מען זאָל נישט עסן צו זאַט. און אַז דער טאַטע איז אַוועקגעגאַנגען דאַווענען מנחה, האָט זי זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד, אַרומגענומען אַרום זיך די קליינע קינדער און געלייענט פאַר אונדז דעם טייטש־חומש. זי האָט געוויינט: צוליב אַ קליינינקייט, אַ נאַרישקייט, צוליב אַ הון מיט אַ האָן איז חרוב געוואָרן דער בית המקדש — און האָט זיך אויסגעטענהט מיט אונדז קינדער — ווינציק הינער זענען געווען אין ירושלים? האָט מען נישט געקענט קריגן קיין אַנדער עוף פאַר דער גילדערנער יויך און מיר זאָלן דערפאַר נישט דאַרפן אָפּקומען אין גלות?

מיר קינדער האָבן געוויינט צוזאַמען מיט דער מאַמען. האָט די מאַמע אָנגעהויבן אונדז טרייסטן: אַז מיר וועלן זיין גוט און פרום, וועט דער איבערשטער אויסלייזן די יידן פון גלות. זי האָט אונדז געלערנט, אַז פון גרויסע זאַכן היט אויס גאָט, פון קליינע זאַכן, פון נאַרישקייטן, דאַרף זיך דער מענטש אַליין היטן. אַן עלטערער דאַרף פארשווייגן אַ יונגערן און אַ ברודער דאַרף אָפּטרעטן אַ שוועסטער, וועט נישט זיין קיין שלעכטס אויף דער וועלט און ס׳וועלן קומען ישועות ונחמות אויף יידן.

— מיינט איר, אַז איך האָב אָפּגעהיט דער מאַמעס תורה? האָב איך זיך אויסגעהיט פון אַ קליינינקייט? — האָט אברהמל אַ קוק געטאָן אויף מיר, און זיין פּנים האָט זיך דורכגעשניטן מיט אַ טיפן שווערן פּיין; טאָ וואָס קען איך טאָן אויף די עלטערע יאָרן? גיי איך דאָ אַרום איבער די וועגן, פאַרדין מיין שטיקל ברויט מיט אַ טאָג אַרבעט וואָס איך טו ביי יענעם, די מענטשן באַהאַנדלען מיך צו גוט, בעסער ווי איך פאַרדין, יעדערער וויל מיר באַצאָלן מערער ווי איך בין ווערט. נו, און מיט וואָס קען איך זיי אָפּדינען? — איך רייד איבער פאַר זיי דער מאַמעס תורה: פון גרויסע זאַכן היט אויס גאָט, פאַר קליינע דאַרף זיך דער מענטש

אַליין היטן. איך טראַכט וועגן מיין אייגענעם לעבן — אָט ערשט איז דאָס געווען, נישט מער ווי אַ קליייניקייט — און איך דערמאָן זיי, צוליב אַ הון מיט אַ האָן איז דער בית־המקדש חרוב געוואָרן. איך חזר איבער יותמס רייד, אַז מיט אמת און וואָרהאַפטיקייט קען אַפילו אַ דאָרן קיניגן איבער די צעדערן פון לבנון.

— העלפן אייערע רייד? — האָבן זיך אַרויסגעגליטשט מיינע ווערטער און מיך האָט פאַרדראָסן וואָס איך האָב עס געפרעגט. מיר האָט זיך געדוכט, אַז מיט מיין פרעגן בין איך באַגאַנגען די זעלביקע נאַריש־קייט וואָס זיין חבר מיט זיין שאַרפן שמייכל. איך האָב מיין ניכטערקייט אַריינגעשטאָכן אין זיין חלום וואָס ער חלומט אויף די עלטערע יאָרן.

— מיינט איר אַז איך וויס? — האָט ער אַ קוק געטאָן אויף מיר, גלייך ווי ער וואָלט פאַרשטאַנען וואָס איך האָב געטראַכט און האָט זיך פאַרענטפערט: — ווערטער זענען אַזוי ווי עפל, אַז זיי ווערן צייטיק פאַלן זיי אַליין אַראָפּ פון בוים; און איך האָב אַזויפיל גערעדט, האָט ער עטלעכע מאָל איבערגעחזרט: „בלויז אַ צופאַל, אַ צופאַל, איך האָב נאָר געוואָלט גיין צו דאָרמאַנען, איך בין שוין לאַנג דאָרטן נישט געווען, און דאָ האָב איך אייך באַגעגנט"...

איך האָב זיך דערמאָנט אין סעלמען ווי זי גייט־אַרום אינעם האָטעל, און אין איר באַשיידנקייט און איינגעשפּאַרטקייט ציטערט ציטערנדיקער איר מיידלשער חן, ווי אין קאָקעטעריי, און כ'האָב געטראַכט — אַזוי האָט מסתמא אויסגעזען רבקה. האָב איך געוואָלט זאָגן: „מיך פאַרדריסט נישט אויפן צופאַל, איר דאַרפט אָבער צוגיין צו די דאָרמאַנס, זיי וואַרטן אויף אייך". איך האָב נישט געוואָלט דערמאָנען מרס. דאָרמאַן, האָב איך בלויז איבערגעחזרט אברהמלס רייד:

— אין וואַלד אַנטפּלעקן זיך די פאַרבאָרגענישן פון מענטשן.

— יאָ, יאָ, אָט דאָס איז דער סוד פון וואַלד, — האָט זיך אברהמל אָנגעהויבן דערוויטערן פון מיר. ער האָט זיך אָבער אומגעקערט צוריק: „איך האָב גאָר פאַרגעסן, איך דאַרף אייך ווייזן דעם וועג צו דאָרמאַנס האָטעל", און ער איז אַרויס מיט מיר פון וואַלד.

ער האָט מער נישט גערעדט צו מיר, ער האָט מיר בלויז געוויזן דעם וועג: — איר וועט שוין אַליין טרעפן.

מיר איז שווער געווען זיך צו שיידן מיט דעם מענטשן. בין איך

געשטאַנען און האָב זיך איינגעקוקט ווי עס דערווייטערט זיך פון מיר אַ מידער, איינגעמאַטערטער עלטערער ייד אין דעם פאַרנאַכט.
איך האָב געזען ווי ס׳קנוילן זיך פאַר מיר מר. דאָרמאַן, אברהמל, סעלמע, רבקה, וואָס ציען זיך איינע צו די אַנדערע, ווי דער סוד צום וואַלד. נאָר אין איר קלאָרער שכלדיקייט, שטייט מרס. דאָרמאַן, — דער בייזער שומר ביים טויער — און זי לאָזט נישט באַהעפטן זיך די נשמות, וואָס דער אייבערשטער האָט מזווג געווען.

# די אייביקע חתן־כלה

## א

אַז אין זשירעווע פלעגט אַמאָל קומען צו רייד וועגן אַ שידוך, וואָס טאַטע־מאַמע דערלאָזן נישט, וועגן אַ תנאים וואָס מען האָט אָפּגעשיקט „אַ מיטוואָך" פאַר דער חתונה, פלעגט מען זיך דערמאָנען אין די אייביקע חתן־כלה, אין לייבלען, קרינסקי דעם פּאָסעסאָרס בן יחיד און שיינדלען, פּיניע דעם שוסטערס בת־יחידה. ביידע קינדער האָט מען נישט גערופן מיט זייערע נעמען, נאָר „די אייביקע חתן־כלה" און זיי האָבן געגאָלטן פאַר משוגעים.

„און אפשר זענען זיי גאָרנישט געווען משוגע", פלעגט מיין באָבע, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל זי האָבן, אַ זיפץ טאָן און נאָך אַמאָל דערציילן די מעשה, וואָס איז פאַרלאָפן אַרום זשירעווע מיט יאָרן צוריק, ווען דער מנין איז נאָך געווען ביי קרינסקין אין הויף און נישט דאָ, ביים זיידן אין הויז.

קרינסקי דער פּאָסעסאָר איז געווען אַ ייד אַ גביר, אַ וואַלד־סוחר, און פּיניע דער שוסטער אַנ׳אָרעמאַן, אַ בעל מלאכה.

חנהטשע קרינסקי, דעם פּאָסעסאָרס ווייב, האָט געבוירן טעכטער, איינע האָט נאָכגעיאָגט דער אַנדערער; אמת, שיינע, געראָטענע קינדער, אָבער פאַרט מיידלעך: אַ שטוב מיט כלות.

ראכטשע, פּיניע דעם שוסטערס ווייב, האָט געבוירן ייִנגלעך; איינער האָט אונטערגעשפּאַרט דעם אַנדערן; אמת, געזונטע, הויכע יונגען, הייבן זיך העכער פון טאַטן, אָבער פאַרט זין — צעגייען זיך איבער דער וועלט און די שטוב בלייבט איבער אַ ליידיקע.

יאָרן זענען אַוועקגעגאַנגען און ביידע משפּחות זענען געהאָלפן געוואָרן. ביי קרינסקין דעם פּאָסעסאָרס איז געבוירן געוואָרן אַ זון. די פרייד האָט אַוועקגעקלונגען ווייטער און ברייטער פון זיין עשירות, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער פעלדער, גערטנער און וועלדער. מען האָט אים נישט געגעבן קיין נאָמען נאָכן זיידן, דעם אָרעמאַן, דעם קרעטש־

מער, נייערט נאָך אַ ווייטן קרוב, וואָס איז געשטאָרבן אַ גביר ערגעץ אין דער פרעמד. מען האָט אים גערופן לייבל. און לייבל איז געוואַקסן שיין און קלוג מיט תורה צו גאָט און גוטס צו לייטן.

ביי פּיניע דעם שוסטער איז געבוירן געוואָרן אַ טאָכטער: די פרייד האָט געלויכטן אויף דער סטעליע, העכער פון די קעפּ, און זיך געטונקט אויף דער פּאָדלאָגע טיפער פון די טריט. מען האָט איר אַ נאָמען געגעבן נאָך דער באָבען, וואָס איז אויף די עלטערע יאָרן אַריין אין הקדש, זי זאָל זיין אַ פּירזאָגערין פאַר די ווייבער וואָס קענען נעבעך, אַליין נישט זאָגן. מען האָט זי גערופן שיינדל.

שיינדל איז געוואַקסן ווי אַ יונג ביימעלע, וואָס הייבט אויף די צווייגן העכער פון איר שטאַם און האָט געטראָגן דער באָבעס גוטסקייט און שטילקייט אין די אויגן.

אַז שיינדל איז אונטערגעוואַקסן, פלעגט זיך דער מאַמעס פרייד פאַרשאָטענען: — איר טאָכטערס נדן איז איינגעשטעפּט אין די דראַטוועס פון וואַרשטאַט, דער יחוס ווייקט זיך אין די כאָליעוועס פון די שטיוול. טאָ וואָס פאַר אַ חתן קען זי נעמען פאַר שיינדלען? פון דער פרעמד וועט קיינער נישט ווען אָנקומען צו אַ שווער אַ שוסטער. און דאָ, אַרום זשירעווע, האָט זי געזען די זין אין דער פאַהאַרער קרעטשמע. זי די מאַמע קוקט זיך איין ווי ער, דער טאַטע, בייגט די פּלייצע איבערן וואַרשטאַט און זעט ווי די טאָכטער וועט דאַרפן אונטערטראָגן אַ קוואָרט בראָנפן דעם גוי.

פּיניע דער שוסטער האָט אויך נישט אַרויסגעלאָזן פון זינען די טאָכטער; אים האָט זיך געדוכט אַז ער באַגייט אַן עוולה, וואָס ער פרייט זיך מיט שיינדלען מערער ווי מיט די זין. האָט ער זיך פאַרענטפערט: — די וועלט האַלט טאַקע פון זין, — מען זעט זיך אָבער נישט אַרום ווי, זיי ווערן מאַסבילן, פרעמדע מענטשן, ווייטע, נאָענטע קרובים... אַ טאָכטער? אַ טאָכטער בלייבט אַ קינד אַפילו דעמאָלט ווען זי האָט שוין אַליין קינדער. אָבער נדן? — קלאַפּט זיך אָפּ זיין זאָרג אין די שטיפטן פון אָפּצאַס: — אמת, מיטן יחוס קען זיך קרינסקי דער גביר נישט האַלטן גרעסער פון אים, ער לייגט אָבער אויס דעם נדן פאַר זיינע טעכטער הויפנווייז. לאָזט אַראָפּ פּיניע דער שוסטער נידעריקער דעם קאָפּ אויפן וואַרשטאַט און איז מקנא קרינסקי דעם פּאָסעסאָר, זיין עשירות.

פּיניע דער שוסטער און קרינסקי דער פּאָסעסאָר האָבן זיךביידע געהאָדעוועט אויפן ישוב ארום זשירעווע. חיים, פּיניע דעם שוסטערס טאַטע איז געווען אַ שמיד און איטשע, קרינסקי דעם פּאָסעסאָרס טאַטע האָט געהאַלטן די קרעטשמע ביי גראַף פּאָסלאַווסקי.

מען האָט גערעדט, אַז קרינסקיס מאַמע איז געווען זייער אַ שיינע, ווען זי איז געווען אַ יונגע, און גראַף פּאָסלאַווסקי האָט געוואָרפן אַן אויג אויף איר.

די גראַפיניע האָט געצאָרנט אויף דער קרעטשמערקע. איר איז אָבער נישט אָנגעשטאַנען אַרויסווייזן עס פאַר דער וועלט, האָט זי אויס־געלאָזן דעם כעס אויפן קרעטשמער. זי האָט אים נישט אַריינגעלאָזן אין הויף און ער האָט נישט געקענט פאַרדינען קיין גראָשן ביים גראַף. האָט קרינסקיס טאַטע געמוזט ציען זיין חיונה פון פויער און אָפּגעלעבט אַ לעבן פון אַן אָרעמאַן.

זיין זון האָט אָבער אָפּגעגליקט. ער האָט געפונען חן ביי גראַף פּאָסלאַווסקין אין די אויגן ווען ער איז נאָך געווען אַ יינגל און האָט זיך גערופן בערטשע.

בערטשע האָט געוווסט ווי אַזוי אַרומצוגיין אַרום די פּריצים. ער האָט אַרויסגעוויזן זיין אונטערטעניקייט די גראַפן, פאַרשטענדעניש פאַר זייערע צעלאָזענע נאַטורן און האָט אויסגענומען ביי זיי מיט זיינע רייד.

מען האָט נישט געזען ווי אַזוי בערטשע גנבעט זיך אַריין אין גאָרטן פון פּאַלאַץ און קיינער האָט נישט געוווסט ווען ער גייט אַוועק. אַז דער יונגער גראַף האָט אים אָבער געדאַרפט האָבן פאַר אַ שליחות, איז בערטשע אויסגעוואַקסן פאַר זיינע אויגן און האָט פאַרשטאַנען אויפן ווונק, אָן רייד, וואָס ער דאַרף טאָן און וווהין ער דאַרף גיין.

בערטשע האָט געוווסט ווי אַזוי צו ווערן אַן עדות, איידער מען האָט אים אויסגעלערנט וואָס צו זאָגן. ער האָט דערציילט דעם גראַף מיט אַ שמייכל, מיט אַ ווערטל, איין מעשה און נאָך אַ מעשה און דער גראַף האָט זיך אַראָפּגעבויגן פון פאַיעטאָן און האָט זיך צוגעהערט צו דעם „זשידעקס" רייד. ער האָט פאַרריכט דאָס היטל ביי בערטשן אויפן קאָפּ און אַ שמייכל געטאָן: — בערטשע, בערטשע דיר פּאַסט שוין נישט דער נאָמען ווי אַלע „זשידקעס" הייסן, דו דאַרפסט זיך רופן מיט דיין פאַמיליע־נאָמען קרינסקי. אַז דו וועסט חתונה האָבן, דו זאָלסט אָבער אויסקלייבן

אַ שיין ווייב, וועסטו הייסן פאַן קרינסקי. בערטשע איז רויט געוואָרן, האָט זיך פאַרשעמט, אָפּגעטראָטן אַ טראָט פון פאַיעטאָן און געלאָזט דעם גראַף אַוועקפאָרן. דעם נאָמען בערטשע האָט ער אָבער אַראָפּגענומען פון זיך און אָנגעטאָן די פאַמיליע, קרינסקי, נאָך איידער ער האָט חתונה געהאַט.

ב

אַז דער אַלטער גראַף איז געשטאָרבן, האָט זיך דער יונגער גראַף גאָרנישט אַרומגעזען ווי דער פאַן קרינסקי האָט זיך אַרויסגעשיילט פון דעם פאַרמעגן, וואָס איז אים איבערגעבליבן פון פאָטער. דער פאַן קרינסקי האַקט אויס זיינע וועלדער, לייגט אויס טויזנטער אויף דער זריעה, וואָס וועט ערשט אויפגיין אויף די פעלדער, און זאָרגט אַז אים זאָל קיין מאָל נישט פעלן קיין געלט. ער טראָגט אים צו די אַסיגנאַציעס מיט אַ שמייכל, מיט אַן איינפאַל, אָט אַזוי ווי ער האָט אַמאָל גערעדט צום פאָטער, דעם אַלטן גראַף.

דער אַלטער גראַף טוט זיך נישט אָפּ פון פאַן קרינסקיס אויגן. ער פאַרגעסט נישט ווי אַזוי גראַף פּאָסלאַווסקי האָט געלערנט דעם „זשידעק" בערטשע, ווערן פאַן קרינסקי. און פאַן קרינסקי זעט זיך פירן נאָכן שטעל, וואָס דער גראַף האָט אויסגעפּורעמט פאַר אים.

אַ ווייב האָט ער אויסגעקליבן אַ שיינע, וואָס האָט געשמט מיט איר היינטוועלטיקייט. זי איז געגאַנגען מיט געמאָסטענע טריט און פאַרצויגן די ווערטער ביים ריידן, ס'זאָל קלינגען אַנדערש ווי ביי די יידן פון זשירעווע.

קרינסקי האָט געטראַכט אַז ער וועט אָנטאָן זיין ווייב אין רייכע קליידער, אויספּוצן זי מיט פּערל און בריליאַנטן, וועט ער זיך נישט שעמען באַווייזן מיט איר פאַר די גראַפן און פּריצים.

אַליין האָט זיך פאַן קרינסקי אָנגעהויבן קליידן אין קורצן, אונטער־געשוירן די באָרד, געטראָגן אַ שוואַרצן קאַפּעליוש און אַרויסגעפאָרן אין אַ פאַיעטאָן מיט אַ פּאָר פערד און אַ קוטשער. ער האָט אויסגעבויט אַ גרויס הויז אין הויף, וואָס ער האָט געהאַלטן אין אַרענדע, מיט אַ סך חדרים און קאַמערן. ער האָט אויסגעשניטן ברייטע, שווערע טירן, הויכע פענצטער, וואָס מען האָט פאַרהאָנגען מיט שווערע פאָרהאַנגען. די ווענט

האָט מען אונטערגעבעט מיט פּליוש און אַריינגעשטעלט אין די קאַמערן טייערע שווערע מעבל.

אַז זיין ווייב חנטשע האָט אָבער אָנגעהויבן געבוירן בלויז מיידלעך, און קיין זון האָט זיך נישט באַוויזן, האָט זי אָנגעהויבן מאָנען שטיל מיט אַ זיפץ, מיט אַ טרער: בערטשע, — און זיך פאַרכאַפּט: — קרינסקי, באַדאַכט זיך, אַז גאָט העלפט קען אַ ייד ווערן אַ גביר, אָבער נישט קיין פּריץ און נישט קיין גראַף. און זי האָט אַ ציטער געטאָן מיט דער קעלט וואָס גליטשט עפּעס אַרויס פון די פינגער:

„גאָט גיט — און ח״ו...״

קרינסקי האָט זיך דערמאָנט, אַז אַזוי האָט אויך גערעדט צו אים די מאַמע ע״ה. זי האָט געוואָלט אויסגעפינען וואָס דער אַלטער גראַף זאָגט אים, זי האָט אָבער געהאַלטן אין איין איבערחזרן: — מיין זון, דו דאַרפסט אַלע מאָל געדענקען אַז דו ביסט אַ ייד, איטשע דעם קרעטשמערס אַ זון, טאַקע אַן אָרעמאַן, אָבער דיין טאַטע.

קרינסקי געדענקט נישט, וואָס ער האָט אַמאָל געטראַכט וועגן דער מאַמעס רייד. נאָר איצטער, אַז ער איז געוואָרן פאַן קרינסקי דער פּאָסעסאָר, דער גרויסער גביר, זענען זיי אויפגעגאַנגען אין דעם ווייבס קול.

איז ער צוגעגאַנגען צו חנהטשען, אַרויפגעלייגט ווייך די האַנט ביי איר אויפן אַקסל: — רייד, רייד מיין ווייב, די מאַמע ע״ה האָט אויך אַזוי גערעדט צו מיר.

חנהטשע ווייסט: דער מאַן איז פאַרדרייט אין זיינע געשעפטן, טראָגט גרויסע קאָנטראַקטן אויפן קאָפּ, דאַרף זיך זען מיט גרויסע שררות. ווייל זי נישט מאָנען ביי אים, זי איז אָבער די מאַמע, דאָס ווייב, זי טראָגט אויס דאָס קינד אונטערן האַרצן, זי זיצט אין שטוב. און ווי גרויס דאָס הויז זאָל נישט זיין, קוקט נישט דאָס ווייב ווייטער פון די פיר ווענט, זעט זי בעסער ווי דער מאַן, דער טאַטע, וואָס ס׳טוט זיך ביי איר אין הויז.

נייגט זי זיך צו נענטער צום מאַן: דאַנקען גאָט, אַ טאָכטער איז אויך אַ קינד, אָבער... אפשר דאַרף מען זיך אַנדערש פירן? זי הייבט אויף די האַנט צו זיין באָרד, ווי זי וואָלט געוואָלט אַ גלעט טאָן זיין פּנים:

דו שערסט אונטער; פאַר אַ טאַטן פון דערוואַקסענע קינדער פּאַסט דאָס נישט.

— ס׳וועט אָפּוואַקסן... טוט אַ שמייכל פאַן קרינסקי. נאָר דעם ווייבס רייד חזרן זיך אַליין איבער: פאַר אַ טאַטן פון דערוואַקסענע טעכ־טער, פאַר אַ גרויער האָר פון באָרד, פּאַסט עס נישט. זיי זעצן זיך אָפּ אויף זיין פּנים מיטן גלעט פון דעם אַלטן גראַפסביינערדיקער האַנט: „פאַר אַזאַ שיינעם יונג פּאַסט גאָרנישט צו זיין אַ זשידעק. דער טאַטע האָט אָבער געכאַפּט די בייטש און איז אַנטלאָפן אין שטאַל צום פערד"...

וואָס האָט די מאַמע געטאָן? ער האָט זיך נישט אַרומגעקוקט. „אַזוי ווי ער פאַרזעט איצטער זאַכן", שטראָפט זיך פאַן קרינסקי.

אפשר איז זי, זיין ווייב, טאַקע גערעכט: צופיל טריט האָט בערטשע אויסגעטראָטן אונטער די פענצטער פון פּאַלאַץ, ביז ער איז געוואָרן פאַן קרינסקי. דעריבער האָט ער נישט פאַרדינט ביי דעם רבונו של עולם צו האָבן אַ זון, אַ קדיש, אַ יורש. ער דאַרף זיך באַדאַכטן...

האָט קרינסקי געלאָזט וואַקסן לענגער זיין באָרד, בלויז די שפּיצן אַרומגעצופּט. אַז ער איז געקומען אין פּאַלאַץ האָט ער געזען אָפּטאָן די געשעפטן אָן איבעריקע רייד, ער זאָל נישט אַריינגעצויגן ווערן אין דעם יונגן גראַפס טואונגען.

ג

אַז ביי פאַן קרינסקי איז געבוירן געוואָרן דער זון, האָט ער גע־טראַכט אַז זיין לייבלען וועט ער מדריך זיין אַנדערש ווי ער אַליין האָט זיך געהאָדעוועט.

ער האָט אים אויסגעהיט אין הויף פון די פּאַראָבקעס, נישט גענו־מען אים צום יונגען גראַף אין פּאַלאַץ און אַריינגענומען אַ מלמד אין הויז גלייך ווי לייבל האָט אָנגעהויבן ריידן, נאָך איידער ער האָט געקענט אָנהייבן לערנען.

קרינסקי האָט געטראַכט: זאָל דערווייליע זיצן אַ גאָטספאָרכטיקער ייד ביי אים אין שטוב און לערנען, וועט זיך לייבל אָפּלערנען פון אַ פרומען ייד און נישט, להבדיל, פון אַן אַלטן גראַף.

קרינסקין איז אָבער נישט איינגעגאַנגען דעם מלמדס לערנען. אַז ער האָט אַ קוק געטאָן ווי דער גאָטספאָרכטיקער ייד זיצט אין אַ באַ־

זונדער חדר איבער אַ ספר, האָט ער דערזען די ליידיקייט און פּוסטקייט פון די צעשפּרייטע סאליעס — קאַמערן. די עשירות האָט זיך גערייצט מיט אים: פון איין הויפן זריעה גייט נישט אויף קיין פעלד, און דאָס קול פון איין ייד, טוט נישט אָן דעם פאַרמעגן אין יידישקייט. וואָס איז עשירות? איז פאַן קרינסקי געוואָרן אומרויק: וועקסלען, קאָנטראַקטן, אָדערויפן... פּליטן... שטייען נישט אין איין אויף איין אָרט... גייען מיטן וואַסער...

האָט זיך פאַן קרינסקי געוואָלט באַוואָרענען, אונטערשפּאַרן זיין הויז מיט גאָטס וואָרט, איז אים איינגעפאַלן, אַז דער מנין זאָל שבת און יום־טוב זיין ביי אים אין דעם גרויסן רייכן הויז און נישט ביי דעם פּאַהאַרער אין קרעטשמע.

דער פּאַהארער האָט געזיפצט, אפשר איז קרינסקי גערעכט. וואָס זאָל ער אָבער טאָן, אַז ער האָט נישט מער ווי די אַלטע, צעלעכערטע קרעטשמע. קיין באַזונדער חדר האָט ער נישט פון וואַנען צוצובויען. האָט ער געוואַרט עמעצער זאָל זיך איינשטעלן פאַר אים.

קרינסקי האָט אָבער גערעדט מיט דער ברייטקייט פון אַ נגיד, געגעבן צו פאַרשטיין מיטן שכל פון אַ קלוגן סוחר און געפרעגט מיט דער גוטסקייט פון אַ מענטשן וואָס נעמט זיך אָן יענעמס קריוודע:

— ווו זאָל שטיין דער ארון קודש, ביי אים אין זיין צוגעבויטער שטוב, ווו אַ גוי טרעט נישט איבער די שוועל, צי ביי דעם פּאהארער אין קרעטשמע מיטן בראָנפן און די שיכורים?

האָבן זיך די יידן פון זשירעווע צוגעהערט צו קרינסקי דעם פּאָסעסאָרס רייד, וואָס האָבן געבראַכט צו זיי אין דער וואָכן דעם שבת: ער וועט די צוגעבויטע שטוב איינשטעלן פאַר אַ בית־מדרשל און לאָזן שרייבן נאָך אַ ספר תורה צו לייבלס בר־מצוה. דער מלמד וועט זיצן לעבן ארון קודש און לערנען אַ גאַנצע וואָך. פרייטיק בייטאָג וועט ער אַרויסשיקן זיינע פורגאָנעס און ברענגען די יידן צו קבלת שבת. שבת נאָכן דאַווגען וועט מען מאַכן ביי אים ברכה, דאָס האַרץ זאָל נישט איבער־חלשן ביז מען קומט אַהיים. ימים נוראים וועלן די ישובניקעס קענען האַלטן ביי אים יום־טוב ברחבות און זיך נישט דאַרפן אַרומוואַלגערן אין פרעמדע הייזער...

און אַזוי איז טאַקע געווען, צו ימים־נוראים האָט מען געמאַכט

דעם מנין ביי קרינסקין אין הויף. ער האָט אַראָפּגעבראַכט פון סלאָנים אַ בעל־תפילה מיט אַ משורר און אַליין געדעקט די הוצאות. דאָס דאַוונען איז געווען פול מיט מתיקות, אַנדערש ווי מיט אַן אייגענעם שליח ציבור, מיט וועמען מען איז צוזאַמען אַריינגעטאָן אַ גאַנץ יאָר אין דאגות פרנסה.

דעם פאהארער איז אָבער אָנגעקומען שווערער דאָס דאַוונען. זיינע רעיונות זענען געווען צעטומלט. אים האָט זיך געדוכט, אַז דער שטן שפּיצט זיך אַרויס פון יעדן אות אין מחזור, צופּט אויס די ווערטער פון די תפילות און לאָזט אים נישט אויסבעטן ביי גאָט, ער זאָל נישט געשטראָפט ווערן פאַר דער קנאה, וואָס די הייליקע טעג קענען אַפילו נישט אויסלעשן אין אים. ער האָט זיך אָבער געשטאַרקט, זיך איבער־געדעקט מיטן טלית, געזאָגט, און נאָכגעזאָגט מיט אַ פרעמד קול. אַז ס׳איז אָבער געקומען צום ונתנה תוקף, האָט ער שוין מער נישט געקענט אויסהאַלטן. ער האָט אַראָפּגעריסן דעם טלית פון קאָפּ, פאַרמאַכט דעם מחזור און זיך פאַנאַנדערגעוויינט: — און איך וועל דערציילן ווי אַזוי מיין הויז איז אויסגעליידיקט געוואָרן...

אפשר איז דעם פאַהארערס געוויין אויפגעאַנגען מיט די הייליקע רייד פון רבי אמנון דעם בעל ונתנה תוקף, נאָר די מתפללים וואָס האָבן געזאָגט דעם ונתנה תוקף מיטן מנין ביי קרינסקין אין דער צוגעבויטער שטוב, האָבן נישט דערהערט זיין געוויין.

ד

פרייטיק ביי טאָג, אַז קרינסקיס פורגאָנעס קומען קיין זשירעווע צו נעמען די יידן צו קבלת־שבת, דערמאָנט מען זיך נישט אַז דער מנין איז אַמאָל געווען ביי דעם פאהארער אין דער ברייטער, צעלעכערטער קרעטשמע, און נישט אין הויף, אין דעם רייכן גבירישן הויז.

מען טוט זיך אָן שבתדיק, אַ סך פריער פאַר ליכט־בענטשן און מען וואַרט אין די טירן פון די הייזער אויף קרינסקיס פורגאָנעס, וואָס זענען אויסגעבעט מיט פרישן היי און איינגעשפּאַנט אין אַ פּאָר פערד.

פיניע דער שוסטער בלענדט די אויגן דאָנערשטיק שפּעט אין דער נאַכט אַריין, איבער די שטעך פון די דראַטוועס, ער זאָל פרייטיק

ווערן פריער פאַרטיק מיט דער אַרבעט און האָבן צייט זיך אַרומצוואַשן, זיך אָנצוטאָן, איידער קרינסקיס פורגאָנעס קומען אָן.

שיינדל די בת־יחידה קוקט זיך איין ווי דער טאַטע שטייט אויפן הויף אַן אויסגעפּוצטער: ס׳איז גאָרנישט דער זעלבער טאַטע, וואָס זיצט ביים וואַרשטאַט, נאָר אַ גאַסט, וואָס וועט איר באַלד געבן אַ מתנה, אַ צאַצקע. טרעט זי נישט אָפּ פון טאַטן, גלעט די קנעפּ פון זיין קאַפּטאַן און וויל דערלאַנגען מיט אירע אייגעלעך זיין פּנים.

רופט זיך אָפּ פּיניע: ראַכטשע, דאָס קינד וויל אויך פאָרן.

די מאַמע וויל נישט, קווענקלט זיך. שיינדל קוקט אָבער מיט טרערן אין די אויגן אויף די הויכע פורגאָנעס און רייסט די רויטע סטענגעס פון אירע צעפּ.

שטעלט זיך איין דער טאַטע: וואָס אַרט דיר, איך וועל ברענגען דאָס קינד אויף די הענט, גרשון וועט אונטערטראָגן, יאַנקל וועט העלפן.

אַמאָל בלייבט שיינדל נעכטיקן ביי קרינסקי דעם פּאָסעסאָר אין דעם גרויסן הויז ביז שבת נאָכן דאַווגען.

לייבל קרינסקי, דעם פּאָסעסאָרס בן יחיד, איז אין איינע יאָרן מיט שיינדלען, פּיניע דעם שוסטערס בת־יחידה. ער איז העכער פון איר, האַלט ער זיך גרעסער פון איר און וויל זיך מיט איר נישט שפּילן, נאָר לערנען איר ווי אַ רבי. פירט ער זי אַריין אין זיין גרויסן חדר, באַווייזט זיינע צאַצקעס און הייבט זיך אָן רייצן:

— אַהאַ, דו האָסט נישט! ביי דיר איז נישטאָ!

ער דערשרעקט זיך, די שוועסטער זאָלן נישט דערהערן ווי שיינדל וועט זיך פאַנאַנדערוויינען, און אַנטלויפט.

נאָר שיינדל האַלט איין די טרערן און שווייגט; איר איז גאָר געפעלן, וואָס לייבל גלעט נישט אירע האָר ווי די ברידער, נאָר רייסט די צעפּ און ציט דאָס קלייד. זי גייט אַרויס פון חדר, זוכט אים אויס אין דרויסן און קוקט זיך איין ווי ער קייקלט אַ שטיין.

— זעסט, קוק זיך איין! נעמט זיך איבער לייבל.

ער טאָפּטשעט מיט די פיסלעך, גראָבט די ערד ווי אַ פערד מיט די פּאָדקאָוועס, און שטעלט אַרויס אַ צונג: אַהאַ, דו קענסט נישט!

שיינדל פּרוּווט אויפהייבן אַ פיסל, נאָר זי קען נישט איינשטיין, און אָט־אָט פאַלט זי. כליפּעט זי אַרויס: איך קען נישט.

נעמט אַרום לייבלען א רחמנות אויף שיינדלען. ער גייט צו צו איר, גוט און שטיל, אַט אַזוי ווי אַן עלטערע שוועסטער היט אים אָפּ, און פּירט איר אַרום איבערן הויף:

— וועל איך דיר אויסלערנען.

און שפּעטער, אַז אַן עלטערע שוועסטער נעמט לייבלען אַרומ־וואַשן און וואַרפט אים אויף, פאַרוואָס ער האָט זיך איינגעשמוצט און נישט אָפּגעהיט זיין שבתדיקן אָנטועכץ, רייסט זיך לייבל פון זיין קינ־דערישקייט, אַמפּערט זיך און שרייט: איך האָב דיך פיינט, איך וויל שיינדלען פאַר אַ שוועסטער!

שיינדל איז שוין אָבער אַוועק אַהיים און קיינער וועט נישט נעמען לייבלען צו פּיניע דעם שוסטער אַפילו מאַכן אַ פּאָר שטיוועלעך פאַר אים. זיינע שיך שרייבט מען אויס פון וואַרשע און זיינע מלבושים נייט מען אין סלאָנים ביי דעם פאָלקאָוואָי שניידער.

וואַרט לייבל פון פרייטיק ביז פרייטיק שיינדל זאָל קומען צוזאַמען מיטן טאַטן צו קבלת שבת.

די מאַמע זעט שיינדל זאָל נישט פאַרשעמט ווערן ביי קרינסקי דעם פּאָסעסאָר אין דעם גבירישן הויז. זי שפּאָרט אָפּ פון זיך, פאַר־מיידט עפּעס פון אַ יינגל, ס'זאָל זיין אויף אַ שענער קלייד פאַר דער טאָכטער. זי נייט נישט אַליין שיינדלס שבתדיקע קליידלעך, נאָר גיט אָפּ צו אַ שניידערקע און אַז זי באַגלייט אַרויס דאָס קינד פרייטיק פאַר־נאַכט צו קרינסקין אין הויף, טראַכט זי, אַז זי אַליין וואָלט געוואָלט זען ווי שיינדעלע וועט זיך באַווייזן צווישן מענטשן.

אַ יידענע וועט זיך אָבער נישט אַריינזעצן אין די פורגאָנעס, צוזאַמען מיט די מאַנסביל פאָרן צו קבלת־שבת. — און ווו וועט זי בענטשן ליכט? פאַרשעמט זיך ראַכטשע, און נעמט זיך גרייטן צו ליכט־בענטשן אַ סך פריער ווי די זון הייבט אָן פאַרגיין. נאָר פאַר די אויגן זעט זי דעם וועג צו קרינסקין אין הויף: דער מהלך איז נישט קיין ווייטער, שיינדעלע קען שוין גיין מיט די פיס, און זי אַליין איז אויך נישט פּטור פון דער מצווה צו ענטפערן אמן...

ה

און ראכטשע האָט זיך נישט אַרומגעזען ווי אַזוי זי האָט אָנגע־הויבן גיין שבת, צוזאַמען מיטן מאַן און די קינדער, דאַוונען צו קרינסקין אין הויף. אמת, נישט יעדן שבת, אַ שבת איבער אַ שבת, אַמאָל אָפטער און אַמאָל זעלטענער, און שבת צו ראש־חודש־בענטשן איז שטענדיק געווען פאַר ראַכטשען אַ גוטער תירוץ, זי זאָל קומען צום דאַוונען, ווי אַן אָנגעלייגטער גאַסט.

זי איז אַריין אין דעם אָפּגעזונדערטן פּאַרנט, וואָס איז ביים מנין אָפּגעטיילט געוואָרן פאַר די נשים, און זיך אַרומגעקוקט צי נאָך ווייבער זענען געקומען דאַוונען. אַז זי האָט קיינעם נישט געטראָפן, האָט זי שטיל אָפּגעגעבן חנהטשען דעם „גוט שבת", ווי זי וואָלט זיך פאַרענטפערט, זיך אַוועקגעשטעלט לעבן פענצטער, און האָט ציטערנדיק געמישט דעם סידור.

שיינדלען האָט זי איבערגעלאָזן אין דרויסן, זי זאָל אַרומגיין איבערן הויף און זיך שפּילן מיט די בלומען פון גאָרטן.

לייבלען האָט דער טאַטע נישט געוואָלט אָפּלאָזן פון זיך; ער האָט אים געהאַלטן ביים דאַוונען, ער זאָל ענטפערן אָמן, אַריינקוקן אין סידור און זיך צוגעוויינען צו עברי, וואָס ער האָט שוין אָנגעהויבן זאָגן ביים רבי.

לייבל איז אָבער לאַנג נישט געשטאַנען לעבן טאַטן. ער האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון דאַוונען און איז אַרויס אין דרויסן. ער איז גלייך צוגעלאָפן צו שיינדלען און האָט זיך אָנגעהויבן איבערנעמען:

— איך קען דאַוונען אין סידור.

— און איך קען גיין מיט דער מאַמען דעם גאַנצן וועג.

ס'האָט זיך געדוכט, אַז די קינדער פאַרמעסטן זיך נישט צווישן זיך, נאָר לייבל רעכנט זיך אָפּ מיט זיינע שוועסטער, וואָס ניאַנטשען אים ווי אַ קליין קינד, און שיינדל וויל זיך באַהאַלטן פון אירע ברידער, וואָס פאַרהיטן זי אַלעמאָל מיט זייער כוח.

— און איך, איך! האָט לייבל אָנגענומען שיינדלען פאַרן הענטל און זיך אַריינגעטאָן מיט איר אין רייד, ביז מען האָט זיך דערמאָנט אַז ער איז נישטאָ ביים דאַוונען.

אַזוי האָט זיך געצויגן אַ זומער נאָך אַ זומער, ביז שיינדעלע האָט זיך אַרומגעזען אַז זי איז שוין אַ דערוואַקסן מיידל. די מאַמע פאַרקעמט איר די האָר מיט אַ שרינט, נייט אויף פאַר איר אַ לאַנג קלייד מיט אַן אַראָפּגעבויגענעם קאָלנער און שטעלט אַוועק פאַר איר צוויי ליכט צו ליכט־בענטשן.

זי האָט זיך שוין נישט געוואָלט אַמפּערן מיט לייבלען, נאָר ריידן צו אים, זיך איינקוקן אויף אים און הערן ווי ער דערציילט איר מעשיות וועגן הויף, וועגן די פערד און זאָגט איר צו, אַז ער וועט זי אַמאָל נעמען אין דעם גרויסן פאַיעטאָן און אַוועקפאָרן מיט איר. זי האָט אָבער פאַרשטאַנען אַז ס׳איז נישט שיין פאַר אַ מיידל צו פאָרן מיטן טאַטן צו קבלת שבת. און אַז זי איז געקומען מיט דער מאַמען שבת צו ראש חודש בענטשן, האָט זי זיך איינגעהאַלטן און נישט אַרויס אין דרויסן. זי איז געשטאַנען לעבן דער מאַמען און געקוקט באַהאַלטענערהייט אויף לייבלען.

לייבל איז שוין אַ גמרא־ייִנגל, ער איז פּלוצלונג אויסגעוואַקסן העכער פון זיין קאָפּ, די האָר זענען שוואַרץ, געדיכט און לייגן זיך אָפּ ווייך, מיט די פאַרחלומטע בליקן פון זיינע טיפע שוואַרצע אויגן. מען רעכנט שוין די חדשים ביז בר־מצוה און ער ווייסט אויך אַז ס׳פּאַסט נישט פאַר אַ ייִנגל צו פאַרברענגען די צייט מיט אַ מיידל.

די תשוקה צו זיין איינער מיט דעם אַנדערן שטאַרקט זיך אָבער ביי ביידן, ביי לייבלען און שיינדלען. ווייל זי פרעגן ביי דער מאַמען ווען וועט זי גיין דאַוונען צו קרינסקין. זי שטעלט אַוועק אַ טראָט, נאָר זי רעדט נישט אויס קיין וואָרט און שפּאַרט זיך איין: ניין, זי וועט נישט גיין.

די מאַמע פאַרזעט אָבער נישט איר קינד. זי גייט צו צו שיינדלען: וואָס איז מיין טאָכטער?

— איך ווייס נישט... איך וועל גיין צו דער קרענעצע נאָך וואַסער?

— ניין מיין קינד, אַ ייִנגל וועט ברענגען וואַסער.

— און איך?

— דו, מיין טאָכטער, הייבט אויף די מאַמע די האַנט און וויל צוגלעטן שיינדלס האָר.

גלייכט זיך אויס שיינדל, שטרענגט אָן איר בליק, און שפּאַרט אַרויס פרעמדער איר פרעמדקייט:

— ניין איך וועל גיין צו דער קרענעצע.

— גיי מיין קינד, גיט נאָך די מאַמע און לייגט אויס אויף איר אופן שיינדלס טראַכטונגען:

— שוין אַ דערוואַקסן מיידל, דאַנק גאָט, די יאָרן לויפן, אָט, אָט... לייבל איז אין איינע יאָרן מיט איר. זי האָט עס מורא אַרויפברענגען אויפן זינען. זי טוט בלויז אַ קוק אויפן מאַן: פּיניע, וואָס זאָגסטו?

לייבל קוקט אויך אויס אויפן שבת... ער גייט אַרויס אינדערפרי, איידער עמעצער קומט דאַווענען, און שפּאַצירט אַרום צווישן דיביימער וואָס וואַקסן אַרום הויף. דער מהלך ציט זיך פלוצלונג אויס לאַנג און ווייט, דער וועג איז ליידיק און פּוסט, און ס׳דוכט זיך, אַז קיינער וועט גאָרנישט קומען פון אַזאַ ווייטעניש. נאָר אָט באַווייזן זיי זיך: ס׳שפּאַנט פּיניע מיט זיין ווייב און זין. לייבל קוקט זיך צו צי ס׳גייט אויך שיינדל. אַז ער דערזעט זי, שטאַרקט ער זיך, גייט אַרויס אַנטקעגן און באַגעגנט שטיל פּיניען מיטן „גוט שבת״. אים דוכט זיך אָבער, אַז זיינע רייד זעצן זיך אָפּ איבערן הויף ווי פייגל לאָזן זיך אַראָפּ פון ווינט, גנבעט ער זיך אָפּ פון זיין אייגן קול און גייט אַריין אין דער צוגעבויטער שטוב דאַווענען, פריער פון טאַטן.

שיינדל זיצט לעבן דער מאַמען, קוקט אויפן מנין יידן און טראַכט פאַרוואָס דאַרף אַ מיידל נישט דאַווענען. לייבל דאַוונט הויך אויפן קול, לאָזט אַרויס אַ געזאַנג, ווערט אַנטשוויגן און ענטפערט זיך אַליין, אַז ער וועט נישט וואַרטן ביז שבת, נאָר ער וועט אַוועקגיין אין מיטן וואָך צו פּיניע דעם שוסטער און באַשטעלן פאַר זיך אַ פּאָר קאַמאַשן.

ו

חנהטשע, קרינסקי דעם פּאָסעסאָרס ווייב, לייבלס מאַמע, האָט אַליין נישט געוווּסט, ווי אַזוי זי האָט זיך אָנגעהויבן צוקוקן צו שיינדלען, פּיניע דעם שוסטערס טאָכטער: אויסגעוואַקסן, פלוצלונג זיך אַ הויב געטאָן, אַ בגרות. האָט זי זיך פאַרטראַכט: ראַכטשע האָט אָנגעהויבן קומען שבת דאַווענען צוזאַמען מיט שיינדלען. צו דער בר־מצוה איז לייבל נאָכן מפטיר אַריינגעלאָפן צו שיינדלען אין קאַמער און ראַכטשע האָט אים אַ געלעט געטאָן איבערן באַק: הלוואי אויף מיינע זין. שיינדל איז געווען אויסגעפּוצט ווי צו דער חופּה. ווו נעמט אַ שוסטער געלט אויף אַזעלכע

טייערע קליידער? נאָר אַז מען... האָט חנהטשע מורא געהאַט זיך דער־טראַכטן צו דעם, וואָס ס׳לייגט זיך אויפן זינען אַ מאַמען, ווען זי ציטערט איבער איר געראָטענעם זון — דעם בן־יחיד.

פאַר דעם מאַן האָט זי געטאָן איבעררײדן און גערופן אים, נישט קרינסקי, נאָר אַרויסגעזיפּצט: דו ווייסט בערטשע...

— וואָס דיר פאַלט איין צו טראַכטן, מאַכט עס קרינסקי אַוועק: ווי לאַנג איז לייבל בר־מצוה געוואָרן, טראַכט בעסער וועגן די טעכטער.

— ראָכטשע, פּיניע דעם שוסטערס ווייב איז אויך אַ מאַמע און זי טראַכט אויך וועגן איר טאָכטער, לאָזט חנהטשע אַראָפּ דעם קאָפּ און דעררעדט נישט די רייד.

— איך זע זי גאָרנישט. פּיניע קומט אַליין דאַוונען, וויל קרינסקי אָפּשלאָגן דער ווייבס רייד.

— זי, ראָכטשע, האָט אָבער יאָ דערזען, אַז פון מיינע אויגן קען זי זיך נישט אויסבאַהאַלטן, האָט זי אויפגעהערט קומען, גנבעט זיך בלויז אַריין אַמאָל אַ שבת, טוט חנהטשע אַ זיפץ: אַ פיינע שנור פאַר קרינסקי דעם פּאָסעסאָר: ווען נישט דער מנין...

זי זעט אָבער אַז דער מאַן הערט זיך נישט צו צו איר, לייגט זי אויס שאַרפער די רייד:

— ווען נישט דער מנין, וואָלט לייבל גאָרנישט געוווסט אַז ביי פּיניע דעם שוסטער איז פאַראַן אַ טאָכטער שיינדל. אַזוי קומען זיי אַהער שבת, יום־טוב ווי געהויבענע געסט און לייגן זיך פאַנאַנדער ווי צו אַ חתונה.

— וואָס האָסטו געוואָלט, אַז דער מנין זאָל זיין ביי דעם פּאַהאַרער אין דער פּוסטער קרעטשמע און די רייניקייט זאָל שטיין מיטן בראָנפן לעבן דעם פּעסל הערינג? ווערט קרינסקי אין כעס.

— מיר וואָלט עס נישט געאַרט — שאַרפט חנהטשע אַרויס די רייד: אפשר האָט גאָר אַנדערש נישט געדאַרפט זיין; ווער ווייס?...

— אפשר, לייטערט זיך אויס קרינסקיס כעס: אים איז אויך נישט געפעלן דאָס יינגל, און דער רבי זאָגט, אַז ביי אים האָט זיך אָפּגעטאָן דער חשק פון לערנען. — וואָס האָט ער געטאָן? פאַרענטפערט זיך קרינסקי, האָט ער געוואָלט מבייש זיין דעם פּאַהאַרער? ער האָט דאָך גערעדט צו אים, געגעבן אים צו פאַרשטיין, נישט אַרויסגעכאַפּט

פלוצלונג, נאָר, פאַרקערט, זיך מיישב געווען מיט אים. און אַז דער פאהארער איז געקומען צום דאַוונען, האָט ער פאַר אים אָפּגעטראָטן אַן אָרט אויבנאָן.

קרינסקין דוכט זיך אָבער, אַז זיינע רייד לייגן זיך נישט אויס וואָרט צו וואָרט; זיי פאַרפּלאָנטערן זיך, האַקן זיך איבער, אָט אַזוי ווי אַ קאָנטראַקט גיט זיך נישט איין. טוט ער אַ קוק באַהאַלטענערהייט צו לייבל. זיצט ביים טיש מיטן מלמד.

ז

לייבל וואַרט שוין נישט ביז וואַנען שיינדל וועט אַמאָל קומען מיט דער מאַמען שבת דאַוונען. פאַרנאַכט, איידער דער רבי זעצט זיך לערנען פאַר זיך, גנבעט ער זיך אָפּ פון טיש און לאָזט זיך אַוועק קיין זשירעווע. ער פאַרנעמט זיך מיט זייטיקע וועגן און קומט צו דער קרענעצע.

די קרענעצע קוועלט אַרויס אין דער נידער פון באַרג. אויפן באַרג וואַקסט אַ וואַלד וואָס עלטערט זיך נישט. די ביימער בייגן זיך אַראָפּ אויף די צווייגן. לייבל גייט נישט צו צו דער קרענעצע און שטעלט זיך אַוועק הינטער אַ בוים. ער באַהאַלט זיך פון דער וועלט, אונטער אַ צווייג, און שפּילט זיך מיט שיינדלען אין באַהעלטעניש: אַז זי וועט צוקומען צו דער קרענעצע וועט ער אַ סוויסטשע טאָן און זיך אַראָפּגנבענען אויף דעם אַנדערן זייט באַרג. זאָל זי אים זוכן... דערנאָך; דערנאָך!...

ער קען אָבער נישט איינשטיין הינטערן בוים, שפּאַרט ער זיך אַרויס פון די צווייגן.

דער שאָטן פון די ביימער פאַרציט דעם פאַרנאַכט אויף דער שיין פון זון אַפּריער פאַר דעם אונטערגאַנג, און קיינער באַווייזט זיך נישט אין דער טונקלקייט.

— וועט נישט קומען... האָט מורא פאַר דער מאַמען... וועט זיך נישט באַווייזן פאַרן טאַטן... שפּרינגט נישט לייבל פון באַרג, נייערט גראָבט שווער די טריט און בייסט איין יעדן שפּאַן, וואָס דערווייטערט אים פון דער קרענעצע.

ער שפּאַרט זיך איין: ער וועט אַהיים נישט גיין, און אַז מע וועט אים קומען זוכן ביינאַכט, וועט ער שטיין הינטער אַ בוים און וועט זיך נישט אָפּרופן.

לייבל זאַפּט איין די טונקלקייט פון דער נאַכט, ווי ער וואָלט זיך געטוליעט צו שיינדלען און אים דוכט, אַז זיי ביידע רופן זיך נישט אָפּ פון זייער באַהעלטעניש אויף די געשרייען פון טאַטע־מאַמע.

שיינדל טראָגט נישט קיין כעס, נישט אויפן טאַטן און נישט אויף דער מאַמען, זי וויל בלויז פאַרהיטן לייבלען פון ביידן. אָטעמט זי אַרויס פון דער טונקלקייט: — איך האָב אָפּגעוואַרט, ס'זאָל ווערן פינצטער, ווען אונדז קיינער נישט דערזען.

— און איך האָב דיך דערזען, ציט לייבל אויס די האַנט:

— איך וועל טראָגן דעם קרוג...

שיינדל שפּילט זיך מיטן בליק אין איר שמייכל:

— מען דאַרף פריער אָננעמען וואַסער.

לייבל זעט, אַז ס'איז גאָרנישט אַזוי פינצטער ווי אים האָט זיך פריער געדוכט: אָטאָ שטייט לעבן אים שיינדל. ער וויל זי אָנרירן, אַ גלעט טאָן אירע צעלאָזענע האָר, נאָר די האַנט בלייבט הענגען אין דער לופטן... ווייזט ער אָן מיט די שפּיץ פינגער:

— דו פאַרפלעכסט נישט די צעפּ?

— איך צעקעם די האָר, ציטערט אָפּ שיינדל אַ טראָט און בייגט זיך אַראָפּ צום קרוג.

דאָס וואַסער שטאַרקט זיך פון קוואַל, צעאָטעמט די שטילקייט פון די פעלדער און שוימט מיטן אומרו פון פאַרנאַכט.

לייבל בייגט זיך אַראָפּ ווייך און נאָענט לעבן שיינדלען:

— איך וועל אָנשעפּן דאָס וואַסער.

נעמט אָן שיינדל לייבלס היטל, ס'זאָל נישט אַראָפּפאַלן פון זיין קאָפּ.

לייבל הייבט אויף דעם זוים פון איר קלייד ס'זאָל זיך נישט איינגעצן אין קוואַל, און דער קרוג בייגט זיך און בייגט זיך אַראָפּ מיטן האַלדז אין וואַסער און שעפּט זיך נישט אָן.

שיינדל ציטערט זיך דערנענטערן צו לייבלען, און קען זיך נישט אָפּציען פון אים. הייבט זי פּלוצלונג אויף איר קאָפּ, ווי אַ בוים גלייכט זיך אויס פון ווינט: אָט איז אַ שטערן...

— און אָט איז די לבנה... בייגט לייבל אַראָפּ איר שיין שיינדלען אויפן פּנים.

— די שטערן זיצן העכער פון דער לבנה, ציטערן שיינדלס בליקן אין זייער פינקלען.

— וועל איך אַוועקשטעלן אַ לייטער אויף דער לבנה און דערלאַנגען מיט אַ שטעקן די שטערן.

— וועסטו אויסגיסן דאָס וואַסער.

— וועל איך אַריינלייגן די שטערן אין קרוג,

לאַכט זיך פאַנאַנדער שיינדל: אַזוי ווי די מאַמע זינגט.

— אַז דו וועסט קענען זינגען ווי די שיקסעס אין פעלד, וועל איך אָנשעפּן דאָס וואַסער פון דער לבנה.

און פון די שטערן, פון דער לבנה, פון קרענעצע, און פון די פעלדער, לאַסטשעט דער מאַמעס געזאַנג:

איך וועל דיר מאַכן אַ לייטערל,
צום הימל זאָל עס שטייען,
צייל מיר איבער אין קרוג די שטערן
קיין איינער זאָל דאָרטן נישט בלייבן.

לייבל וועט מיט דעם ניגון איבערציילן די שטערן אין קרוג, ער וועט אָבער צו פּיניע דעם שוסטער נישט אַריינגיין אין שטוב, אַפילו מיט אַ תּירוץ.

זאָגט ער צו שיינדלען פאַרבאָרגענערהייט, ביי זיך אין די רעיונות: אַז די שוועסטער וועלן חתונה האָבן, וועט ער מער נישט באַהאַלטן פון טאַטע מאַמע און זאָגן זיי אַז ער וויל שיינדלען פאַר אַ כלה.

ח

קרינסקי האָט שוין אַליין געזען אַז ס'איז נישט קיין דוכטעניש. חנהטשע איז גערעכט, זי האָט פריער פון אים דערזען, לאָזט ער זיך פירן פון דעם ווייב.

ער הערט זיך צו צו איר; פאָרט צו אַ גוטן יידן נאָך אַן עצה, נאָך אַ ברכה און מישט זיך נישט אין דעם ווייבס פירונגען. ער לאָזט זי פאָרן צו זנאַכערס, צו כשוף־מאַכער, אפשר וועלן זיי מיט זייערן אַ שפּרוך, מיט די קרייטעכצער אָפּטאָן שיינדלס קליפּה פון לייבלען און אַריינגעבן אים אַן אַנדערן רעיון.

לייבל פאַרגעסט אָבער נישט אין שיינדלען. אין דער גמרא זעט ער נישט דאָס לערנען, נאָר קוקט אויף איר. און אַז דער טאַטע פאָרט אַוועק צו די גוטע יידן און די מאַמע לאָזט זיך אַוועק, להבדיל, צו די זנאַכערס, גנבעט ער זיך אָפּ פון רבין, איידער די זון הייבט זיך אָן אַראָפּבייגן פון טאָג. מיט איין שפרונג יאָגט ער זיך אַוועק קיין זשירעווע. ער באַהאַלט זיך שוין נישט לעבן קרענעצע, נאָר וואַרט אויף שיינדלען ביי פּיניע דעם שוסטער אין גאָרטן.

פּיניע דער שוסטער בייגט אַראָפּ דעם קאָפּ נידעריקער אויפן וואַרשטאַט און באַהאַלטענערהייט קוקט ער אויף שיינדלען: „ער האָט געמעגט אַריינגיין אין שטוב“.

דאָס מזל ציטערט אין די פלעקלעך פון די פּאָדעשוועס, ווי אַן אָנגעצונדן ליכט ראַנגלט זיך מיטן פייער אויפן ווינט, פאַרהיט פּיניע אַן איבעריק וואָרט „זאָל די מאַמע ריידן“...

מיט דער מאַמען רעדט שיינדל אַליין: „ער זאָגט אַז באַלד ווי די שוועסטער וועלן חתונה האָבן“... און זי גלעט דער מאַמעס קלייד.

— דיין קלייד איז אַ שענערס, מיין קינד, וויל די מאַמע עפּעס באַוואָרענען, רעדט זי זיך איין, ווי מען בעט אויס אַ געבעט: איידער דער מענטש ווערט געבוירן ווערט אָנגעשריבן זיין זיווג...

זי קען אָבער נישט פאַרגעסן אירע תרעומות צו חנהטשע קרינסקי דעם פּאָסעסאָרס ווייב: — מיט וואָס איז איר טאָכטער ערגער ביי דעם רבונו של עולם ווי לייבל קרינסקי דעם פּאָסעסאָרס זון. אַי ער איז אַ גביר, אַן עושר, טאָ וואָס איז דאָס קינד שולדיק אַז ס'איז אָנגעשריבן געוואָרן איר טאַטע זאָל זיין אַן אָרעמאַן און האָרעווען אויפן שטיקל ברויט. אַי, ליבע? נישט קיין שדכן? האָט יעקב אבינו געשיקט אַ שדכן צו לבנען? ער האָט געפּיטערט זיינע שאָף און רינדער, און וואָס טוט לייבל? — ער העלפט שיינדלען ברענגען דאָס וואַסער פון קרענעצע. זי וויל אַז חנהטשע די גבירטע, קרינסקי דעם פּאָסעסאָרס ווייב, זאָל נישט פאַרגעסן, אַז צוריק קערט מען זיך אום אָט אַזוי ווי מען קומט אַהער...

אַז ראָכטשע קומט אָבער צום דאַוונען צו קרינסקין אין הויף און דערזעט די עשירות וואָס איז אויסגעשפּרייט איבערן פאַרמעגן, פאַלט זי אַראָפּ אין איר אָרעמקייט און די רייד טוען זיך אָפּ פון איר. זי גנבעט

זיך אַריין אין דעם פּאָרנט, וואָס איז אָפּגעטיילט פאַר די נשים, און וואַרט ווי אַן איינגעבעטענע, מען זאָל זיך שטעלן דאַווענען.

חנהטשע זיצט ברייט אויף דעם שווערן פּאָטעל, אין איר סאַ־מעטענעם קלייד, באַפּוצט מיט די פּערל און בריליאַנטן, נאָר איר רייכקייט זעט זי נישט. איר שפּאַרט זיך אין די אויגן פּיניע דעם שוסטערס וואַר־שטאַט מיט די כאָליעוועס און דראַטוועס. און שפּעטער ביים וואַרמעס גייט איר נישט איין דאָס שבתדיקע עסן. זי זיצט ביים טיש, אַ פרעמדע. איר אַרט נישט צי דער טשאָלנט האָט זיך איינגעגעבן. זי קוקט נישט ביי די קינדער אין די טעלער צי זיי עסן. זי שטשיפּעט די פּערל אויפן האַלדז און אַזוי בייסן איר די רייד: געמאַכט דעם מנין ביי זיך אין הויז און גענומען פּיניע דעם שוסטער פאַר אַ מחותן... אָט זאָגט זי עס אַרויס שאַרף, הויך אויפן קול, מיט כעס, אַז זי אַליין דערשרעקט זיך פאַרן געשריי: און אָט גראָבט זי איין די ווערטער אין זיך, ווי איר וואָלט אָפּגענומען דאָס לשון.

טוט זי אויס די פּערל און בעט זיך ביים מאַן: בערטשע, וואָס וועט זיין?...

— וואָס וועט זיין? ציט אַרויף אויף זיך בערטשע זיין אָנשטעל „קרינסקי", וואָס מאַכט קאָנטראַקטן מיט גראַפן, פּריצים, און וויל עפּעס אָפּלייקענען. זוכט ער ראיות: ראַכטשע קומט נישט, שיינדל באַווייזט זיך נישט, פּיניע דאַווענט אָפּ און גייט אַוועק...

אַז ער פּרוּווט עס אָבער זאָגן דעם ווייב, שפּאַרט זיך גאָר אַרויס פון זיין קול: און וואָס טוט לייבל? ער ווייסט נישט צי ער אַליין האָט זיך עס דערמאָנט, אָדער דאָס ווייב האָט אים אונטערגעזאָגט. ער זעט אָבער אַז ער שמועסט זיך איין, אָט אַזוי ווי דער אַלטער גראַף האָט אים אַמאָל איינגערעדט, אַז ער דאַרף נישט זיין קיין „זשידעק בערטשע", נאָר הייסן „פּאַן קרינסקי".

שטראָפט ער זיך: אַז ער אַליין איז נאָכגעלאָפן נאָכן אַלטן גראַף, טאָ פאַרוואָס זאָל זיך זיין לייבל נישט נאָכיאָגן נאָך אַ שוסטערס טאָכ־טער? און אַז די יינגלעך האָבן זיך גערייצט מיט אים: פאַרוואָס האָט די גראַפיניע דיך פיינט? וואָס האָט ער געטאָן? ער האָט אַראָפּגערוקט דאָס היטל איבער די אויערן און נישט געזען ווי די מאַמע באַהאַלט זיך

פון די לייטישע ריידביים אויוון מיט די טעפּ, טאָ פאַרוואָס זאָל זיך לייבל איינקוקן אויף זיין מאַמען מיט די פּערל?

פּערל... ברילִיאַנטן... גרויסע טשוהונעס מיט געקעכץ... שנירלעך פּערל... די פּערל צעשיטן זיך אין די טעפּ... דאָס געקעכץ לויפט אויס אין אויוון — שפּאַרט זיך קרינסקין אין די אויגן זיין עשירות מיט דער שרעק פון אָרעמקייט:

— דעם חשבון פירט מען ערגעץ אַנדערש... דאָרטן... מען פאַר־געסט נישט... מען דערמאָנט... בערטשע וויל נישט גיין אין חדר, און לייבל אַנטלויפט פון רבין.

שטעלט זיך איין קרינסקי פאַר לייבלען, ער זאָל נישט געשטראָפט ווערן פאַר דעם טאַטנס זינד, און רעדט צום ווייב מיט די רייד, וואָס ער וויל זיך אויסקויפן ביי זיין מאַמען: וואָס זאָגסטו חנהטשע?

חנהטשע זעט ווי בערטשע שטייט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ, לייענט זי אויף זיין פּנים מערער ווי זי אַליין קען דערציילן. מאָנט זי נישט ביי אים, נאָר צוזאַמען מיטן מאַן זוכט זי אַן עצה:

— אַז די גוטע יידן העלפן נישט, אויף זייערע ברכות קען מען זיך נישט דערוואַרטן, אפשר זאָל מען זיך צוהערן צו זיי...

— ער זאָל אַוועקפאָרן פון דער היים? גראָבט אויס בערטשע דעם ווייבס רייד און ער אַליין ווייסט נישט וואָס איז אים שווערער: אַוועקשיקן דאָס קינד פון הויז, אָדער זיך צוהערן צו די סגולות פון די זנאַכערס.

— מיינסטו אַז מיר איז דאָס קינד נישט אַזוי טייער ווי דיר, רעדט חנהטשע שטיל און ווייך: ס'איז דיינע אַ לייבלעכע שוועסטער אַן אייגע־נער שוואָגער, דו שיקסט זיי געננוג געלט, מעגסטו זיי שיקן דיין זון, „דאָס, וואָס דער וועג שניידט אָפּ, קען דאָס האַרץ נישט גאַנץ מאַכן"...

וויל קרינסקי באַפעסטיקן דעם ווייבס רייד, ווי ער וואָלט פאַר זיך אַליין עפּעס מתקן געווען: ער וועט אַריינשיקן האָלץ אויף אַ גאַנצן ווינטער אין דער ישיבה, נעמען אַ חבר צו לערנען מיט לייבלען און אַוועקשטעלן אַ קאַסטן ליכט אין בית מדרש.

אַז ער דאַרף עס אָבער זאָגן לייבלען, גראָבן זיך איין אין אים די רייד ווי ער וואָלט געדאַרפט שיקן לייבלען אָפּקומען פאַר אים. רעדט ער זיך אַיין אַז לייבל וועט נישט וועלן פאָרן, און ענטפערט דעם ווייב מיט

די רייד פון די גוטע יידן: אַז ער וועט זיך אַריינטאָן אין לערנען, וועט ער פאַרגעסן...

ט

דער רבי זעט אָבער ווי דאָס לערנען גייט נישט לייבלען אין קאָפּ, פאַרדריסט אים וואָס ער דאַרף מצער זיין קרינסקין:

— ביי אים האָט זיך אָפּגעטאָן דער חשק.

ער שפּאַרט אַריין די פינגער אין דער גרויער באָרד: אפשר ?... איך וויס, ... אַן אַנדער מלמד... האָט אַ גוטע תפיסה, ביי מיר וועט ער אָבער קיין פעולה נישט האָבן...

— טאָ וואָס זאָגט איר, ר׳ הירש, זאָל איך אים אַוועקשיקן פון דער היים ?

— איר פאַרשטייט ר׳ בעריש: דער ענין איז אינגאַנצן אַן אַנדערער, ס׳איז האַרבער ווי אַ בלאַט גמרא, ווייל ס׳איז נוגע בין אדם לחברו.

— יאָ, אַן אַנדערער, עפענען זיך ביי קרינסקין אָפּענער די רייד, ווי ער האָט געקענט ריידן צו די גוטע יידן, און ער שפּאַרט אַרויס זיינע רעיונות וואָס ער האָט מורא אַליין צו טראַכטן:

— וואָס האָב איך געטאָן ? איך האָב נאָר געוואָלט מקיים זיין אַ מצווה, אָנטאָן כבוד דער תורה, אַריינגעשטעלט נאָך אַ רייניקייט אין ארון קודש, האָט גאָר דער כיבוד התורה געבראַכט... איך וויל גאָר פאַר מיין מויל נישט דערמאָנען. קען אַ מצווה ברענגען צו אַן עבירה ?

— אַ מצווה גייט נישט אַרום נאַקעט איבער דער וועלט, זי איז אָנגעטאָן אין אַ כוונה, מאַטערט זיך ר׳ הירש מיט זיין אייגענעם רעיון: ס׳איז דאָך שפיכת דמים; זאָל ער אים זאָגן, אַז ער דאַרף אפילו איצטער, נאָכן טויט, בעטן מחילה ביי דעם פּאַהאַרער ? נו, אַז ער וועט געהאָלפן ווערן, וואָס וועט זיין, וועט אַ יידישע טאָכטער בלייבן פאַרשעמט, זי קען נאָך ח״ו פאַרזעסן ווערן. און אפשר איז דאָס גאָר אַ זיווג. ווער ווייסט די וועגן פון רבונו של עולם ? ר׳ הירשן דוכט זיך, אַז ער ווערט געוואָרפן צווישן דעם פּאַהאַרערס ליידיקער קרעטשמע און פיניע דעם שוסטערס וואַרשטאַט: ביידע יגיע כפיים, אָרעמע לייט, זיי בעטן רחמים, און פאַר זיינע אויגן רייצט זיך דער רחבות פון קרינסקיס פאַרמעגן.

לאָזט ער אַראָפּ דעם קאָפּ:

— ניין, איך וועל אַוועקגיין...

בעט זיך קרינסקי: איר וועטריידן מיט לייבלען, צו אייך וועט ער זיך צוהערן און אַז ער וועט מיט דעם אויבערשטנס הילף אַוועקפאָרן, וועט איר בלייבן דאָ זיצן און לערנען, אין אייער זכות...

— אַפילו לערנען, דאַרף אַ ייד אויך וויסן ווו צו זיצן, שטראָפט ר׳ הירש זיך אַליין שאַרפער ווי ער מאָנט ביי קרינסקי.

טראַכט קרינסקי: וויל ער דאָך אַוועקשיקן לייבלען פון דער היים, אין דער פרעמד, ער זאָל זיך קענען אַריינטאָן אין לערנען.

און מיט די רייד, וואָס ר׳ הירש האָט גערעדט, גרייט ער זיך ריידן צו לייבלען. ער וואַרט אויף דער שעה ווען לייבל מיידט נישט אויס די מאַמען און פרווווט זיך נישט אַרויסגנבֿענען פון הויף. דעמאָלט וועט ער אַרויסגיין מיט אים פון הויז, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט מיט אים מיישב זיין וועגן אַ געשעפט און זאָגן: דו ווייסט מיין זון... ניין, ער וועט בעסער ריידן צו אים, ווען ער וועט זיך קלייבן אויף אַ ווייטער נסיעה. איידער ער וועט אַרויספאָרן, וועט ער אים אַריינרופן צו זיך אין חדר, ער זאָל זען אַז דער טאַטע רעדט צו אים ווי צו אַ דערוואַקסענעם און זאָגן: וואָס איז דער תכלית...

נאָר איידער קרינסקי האָט זיך אַרויסגעקליבן אויף דער ווייטער נסיעה, האָבן זיך ביי אים אַרויסגעגליטשט די רייד:

— וואָס זאָגסטו מיין זון? און ער האָט זיך גלייך באַפּעסטיקט:

— דער רבי האַלט אויך אַזוי... זעסט דאָך... ער זאָגט...

י

לייבל באַנעמט נישט דעם רבינס רייד, נאָר ער זעט דעם ווייטן וועג וואָס ציט דעם רבין מיט אַ שטעקן אין האַנט. דער וועג דערווייטערט זיך ווייט פון הויז פון טאַטן, פון דער מאַמען, קריכט אונטער בערג און ווערט פאַרפאַלן אין געדיכטע וועלדער. אים, לייבלען, וועט דאָרטן קיינער נישט זען. ער וועט פאַרפאַלן ווערן: נישטאָ לייבל!... ס׳וועט אַוועק אַ טאָג, אַ וואָך, נישטאָ לייבל... דערנאָך וועט ער פּלוצלונג קומען צוריק... וועט נישט אַריינגיין אין הויז, זיך באַהאַלטן הינטער דער קרענעצע. אַז ער וועט דערזען שיינדלען מיטן קרוג, וועט ער אַ הוקע טאָן: הו־הו... שיינדל

וועט זיך דערשרעקן, וועט ער אַרויסשפּרינגען פון די קוסטעס: אָטאָ בין איך!...

און אַז לייבל האָט זיך דערוואַרט אויף שיינדלען ביי דער קרענעצע, האָט ער זיך איבערגענומען פאַר איר: איך גיי אַוועק פון הויז ווי דער רבי, איך וועל גיין און גיין אַ גאַנצן טאָג, און ביינאַכט וועל איך שלאָפן אויף אַ צווייג פון אַ בוים. שרעקט זיך שיינדל, מיט אים זאָל גאָרנישט געשען. זי האַלט איין די טרערן און בעט זיך: הינט, וועלף, גויים...

— איך האָב נישט מורא; פאַר אַ הונט? אָטאָ!... טוט ער אַ כאַפּ אַ שטיין און באַווייזט זיין גבורה אין די הענט. וואַקסט אויס לייבל פאַר שיינדלען אַ שטאַרקער, אַ שטאָלצער און אירע רייד קייקלען זיך אַראָפּ פון אים, ווי זיי וואָלטן זיך פאַרשעמט פאַר אַ נאַרישקייט.

פאַרענטפערט זי זיך און בעט זיך: איך וויל אויך גיין...

— די מאַמע וועט נישט לאָזן... וויל נישט לייבל, אַז שיינדל זאָל זיך פאַרגלייכן מיט אים.

שיינדל וויל זיך גאָרנישט פאַרמעסטן מיט לייבלען; זי וויל אים נאָכגעבן און פאָלגן:

— איך וועל זיך אָפּגנבנען...

— איך וועל דיך פירן פאַרן האַנט איבער די קלאַדקעס פון די טייכן.

— און מיר וועלן שלאָפן אויף די צווייגן פון די ביימער,

— אויף די הויכע, אויף די שפּיצן. נעמט לייבל אָן שיינדלען פאַר דער האַנט, זיינע פינגער ציטערן ביי איר אויפן אָרעם. אירע האָר אָטעמען אויף זיין פּנים, נאָר אים דוכט זיך אַז זי שטייט ווייט, ווייט פון אים. זוכט ער זיך דערנענטערן נאָענט, נענטער צו איר. שיינדלס אויגן טונקען זיך אין שאָטן פון דער נאַכט און בעטן אויס דעם וועג, ווי די לופט גלעט די ווייכקייט פון גראָז: די מאַמע וועט פרעגן...

— ער וועט זאָגן...

לאַסטשעט לייבלס קול שיינדלען מיט דער נאָענטקייט פון זיינע טריט. לאָזט זי אַראָפּ דעם קרוג אויף דער ערד און הייבט אויף די הענט צו די האָר.

לייבלס בליק ציט זיך צו שיינדלס פּנים. ער כאַפּט זיך אָבער, אַז ער האָט געלאָזן איר טראָגן דאָס וואַסער. בייגט ער זיך איין צום

קרוג. שיינדלס האַנט וויגט זיך אַראָפּ אויף זיין קאָפּ און גליטשט זיך אַראָפּ פון היטל.

לייבל וויל די האַנט צוריק אַרויפּאָטעמען אויף זיך און אויסציען ווייטער דעם וועג. נאָר אָטאָ איז שוין דער גאָרטן, ס'בלישטשען די פייערן פון פיניעס הויף און האַקן אָפּ די טריט. שיינדל רירט זיך נישט פון אָרט און לייבל גייט נישט אַוועק. דער קרוג וואַסער שפּאַרט זיך אַרויס פון דער ערד ווי אַ קאָרטש און דערווייטערט די נאָענטקייט. בייגט זיך לייבל אַריבער איבער דער ווייטקייט צו שיינדלען. שיינדל טוט אַ ציטער: די מאַמע קוקט אין פענצטער...

שטייט לייבל איינגעפּענטעט אין דער פינצטערקייט, ער קוקט זיך איין ווי די נאַכט ליידיקט זיך אויס, און קען זיך נישט דערמאָנען ווי אַזוי שיינדל איז אַוועקגעאַנגען.

יא

אַז לייבל איז געגאַנגען אַהיים, האָט ער אויפן וועג צוגעגרייט איין תירוץ נאָך דעם אנדערן פאַר דעם טאַטן, פאַר דעם רבין. מיט דער מאַמען וועט ער נישט ריידן, אויף די שוועסטער וועט ער נישט קוקן: „ער וועט זאָגן, זאָגן... אַז מען וועט פרעגן, וועט ער ענטפערן... דערציילן... וועט אויסשרייען: געוועזן! ניין! גערעדט... אַרויסלויפן פון הויז און אַוועקפאָרן"...

נאָר אין הויז פרעגט קיינער גאָרנישט ביי לייבלען. די שטוב איז אויסגעליידיקט ווי די נאַכט האָט געפּוסטעוועט אויפן פעלד לעבן פיניעס גאָרטן. מען פירט אָבער מיט אים צו להכעיס: ווו ער שטעלט זיך נישט אַוועק, ווייזט מען אויף אים אָן, זאָלן אַנדערע אויך זען. בייסט לייבל אָפּ די טריט פון די פינגער, וואָס טייטלען אויף אים, און שפּאַרט זיך אַריין צום רבי אין חדר. ער קוקט אויף די ספרים פון טיש און טראַכט, ווי גוט וואָלט אים געווען ווען דער רבי הייסט אים איצטער זיך זעצן לערנען, ער זאָל קענען ריידן צו אים.

דער רבי וואַרט נישט לייבל זאָל עפּעס בעטן ביי אים. ער הייבט אויף די אויגן פון ספר: וואָס איז לייבל?...

פאַלן אַרויס ביי לייבלען די ווערטער פון די פאַרבונדענע רייד:

— רבי, מעג מען?

ער קען אָבער נישט דערמאָנען שיינדלס נאָמען:

— איך מיין, גייט דער רבי אַוועק? זאָל איך אויך אַוועקפאָרן, ניין, אַוועקגיין?

— הלוואי זאָלסטו מצליח זיין, פאַרמאַכט דער רבי דעם ספר.

— וואָס זאָל איך דיר זאָגן? דו מיינסט אַ מענטש קען אויס־רעכענען? היט זיך אויס ר׳ הירש פון יעדן וואָרט וואָס אים קומט אויפן זינען — ער איז שוין געננוג אַריינגעמישט געוואָרן און ער ווייסט אַליין נישט ווו צו געפינען דעם וועג — רעדט ער איין לייבלען: ס׳איז פאַראַן, געלויבט דער אייבערשטער, אַ טאַטע, א מאַמע...

דער טאַטע הערט זיך איין ווי לייבל רעדט איבער דעם רבים רייד, און קוקט זיך איין אויף אים: אפשר זענען זיי טאַקע גערעכט; ער וועט אָפזיין אַ יאָר, אַ ווינטער, אַ זמן און קומען אַהיים. ער וועט צופאָרן אַהין, די מאַמע וועט זיך אויך נישט איינהאַלטן.

קרינסקי שרעקט זיך אָבער פאַר דער ליידיקייט, וואָס וועט איבער־בלייבן אין ר׳ הירשס חדר: ניין, ער זעט שוין איצטער דעם אומעט וואָס פאַרציט זיך איבער דעם גאַנצן הויז.

בעט ער זיך ביים רבי:

— ר׳ הירש אפשר וועט איר איבערבלייבן; איך וועט, דאַנקען גאָט, גאָרנישט פעלן.

— וואָס פעלט אַ יידן?... הייבט אויף ר׳ הירש דעם קאָפּ, און זיינע טריט קענען נישט איינרוען אין דער רחבות.

טראַכט קרינסקי: זיינע אַ תנועה זאָגט מערער ווי אַ וואָגן רייד, ווי אַזוי קען ער עס פאַרשטיין? פאַלט ער אַראָפּ ביי זיך: זאָגט, זאָגט, ר׳ הירש...

— איך שטיי שוין אין וועג, טאָ וואָס קען איך זאָגן? ציט אויס דער רבי די באָרד און טוט אַ קוק צי ער האָט פאַרמאַכט דאָס ספרל.

— איך בין אויך שטענדיק אונטערוועגנס.

— איר פאַרשטייט, ר׳ בערטשע, דאָס איז אַן אַנדער ענין; אַז אַ מענטש איז אונטערוועגנס, ווייסט ער ווו ער שטעלט אַוועק אַ טראָט און ווייסט וווהין ער גייט; ער לויפט, ער יאָגט זיך, פליט נאָך זיינע געשעפטן, ער זאָל נישט פאַרשפעטיקן, קומען אין צייט... אַנדערש איז, אַ ייד שטייט אין וועג, הייבט אויף ר׳ הירש דאָס קול מיט אַ ניגון:

אַז א ייד שטייט אין וועג, זעט ער אַז אַ ווינט יאָגט זיך, פליט; און ווינט איז ווינט; היינט דאָ, מאָרגן דאָרטן; ביינאַכט קלאַפּט ער אָן אין פענצטער מיט אַ גוטער בשורה, און פאַרטאָג עפנט ער, ח״ו די טיר... גרייט ער זיך אין וועג; ער יאָגט זיך נישט, נייערט ער היט יעדן טראָט און פאַרגעסט נישט אַז ער דאַרף אָפּהיטן די אַחיזה וואָס דער אייבערשטער האָט אים אויסגעליגן.

ער ווייסט, אַז ער דאַרף קומען ערגעץ, איידער מען וועט ביי אים איינמאָנען. זוכט ער דעם וועג און טראַכט וואָס ס׳פעלט אַ יידן.

— און ווען האָט ער טאַקע צייט אַ טראַכט צו טאָן, טוט קרינסקי אַ ציטער:

— טאָ וואָס זאָגט איר ר׳ הירש... אפשר זאָל איך נישט אַוועק־שיקן דאָס יינגל?

— וועט איר דאַרפן נעמען אַן אַנדערן מלמד...

— און איר ר׳ הירש, אפשר?

— איר זעט דאָך אַז ביי מיר האָט ער נישט קיין פּעולה.

— און דאָרטן?

— אַז דער אייבערשטער וועט העלפן, גיט נאָך ר׳ הירש, זיינע רייד זאָלן זיך נישט אַרויסשפּאַרן פון זיין צער.

קרינסקי וועט נישט אָפּפרעגן דעם רבין, ער וויגט זיך איין אין זיין קול ווי אין אַ ברכה, און שיקט ארויס לייבלען אין די מרחקים צו זיין שוואָגער, מיט ר׳ הירשס פרומע רייד.

## יב

אַז לייבל איז אָנגעקומען אין די מרחקים צום פעטער, איז ער געבליבן שטיין ביים אַריינגאַנג פון הויז, און אים איז שווער געווען איבערצוטרעטן די שוועל.

די קרובים האָבן זיך געפרייט מיטן גאַסט; זיי האָבן געפרעגט, דערציילט, צוגעטראָגן און צוגענומען. לייבל האָט נישט אונטערשיידט די מענטשן איינעם פון דעם אַנדערן, בלויז געהערט דעם טומל.

ער איז געשטאַנען ביים פעטער אין שטוב און האָט זיך איינגעקוקט אויף טאַטע־מאַמע אין הויז. ער האָט נאָך אַלץ געטראַכט, זאָל ער אַוועק־

פאָרן פון דער היים, אָדער בלייבן אין שטוב, צי אַנטלויפן צו פיניע דעם שוסטער און זיך זעצן לערנען אַ מלאכה ביי זיין וואַרשטאַט.

ער זעט אָבער, אַז דער רבי איז שוין אַוועק איבער דער וועלט... די חדרים, די סאַליעס שטייען ליידיקע... די מאַמע זיצט אויפן הויכן גאַנעק, נעמט נישט אַראָפּ די אויגן פון אים און פענטעט זיינע טריט... טוט ער איר אָפּ אַ צו־להכעיס, שפּרינגט אַריבער אירע בליקן און פאָרט אַוועק... אָטאָ איז ער שוין ביים פעטער... הייבט אָן לייבל ענטפערן און הערט זיך איין ווי די מומע באַשרייבט איר הויז מיטן גאָרטן, די פעלדער און די בהמות. זי וויל זיך נישט פאַרגלייכן מיטן טאַטנס עשירות. זי איז ח״ו נישט מקנא איר ברודער, זי וויל נאָר באַווייזן לייבלען, אַז דאָ איז אַזוי ווי אין דער היים, און ביי איר אין הויז וועט אים גאָרנישט פעלן.

— אַזוי ווי אַרום קרענעצע, גיט לייבל צו, און טראַכט, אַז שיינדל וועט דאָ קומען מיטן קרוג נאָך וואַסער, וועט די מאַמע נישט קענען זען און דער טאַטע וועט נישט וויסן.

— ס'איז אָבער פאָרט נישט אַזוי ווי ביים ברודער, מען האָט זיך טאַקע געהאָדעוועט צוזאַמען אין אָרעמקייט; ער האָט שוין מסתמא פאַרגעסן, טראַכט די מומע און וויל באַשיינען איר פאַרמעגן:

— מען וווינט אָפּגערוקט פון שטאָט, ס'זאָל זיין פאַשע פאַר אַ בהמה, אַ שטאַל פאַרן פערד... לערנען אין ישיבה קען מען צוגיין. אַלע אינדערפרי פאָרט מען מיט דער מילך אין שטאָט אַריין, וועסטו אונטער־פאָרן.

לייבל ׳פאַרהערט דער מומעס רייד, אַזוי ווי אים אַרט נישט דעם טאַטנס עשירות, און ענטפערט שטיל און גוט. ער וויל נישט פאָרן אויפן וואָגן מיט דער מילך, נאָר גיין צופוס...

ער גליטשט זיך אַרויס פון הויז, ווי ער אַליין וואָלט געוואָלט דורכגיין דעם וועג אין שטאָט אַריין צו דער ישיבה, נאָר ער לאָזט זיך אַוועק איבער די פעלדער. ער זוכט די באַהאַלטענע סטעזשקעס, באַטראַכט די קוסטעס און ביימער, און קוקט זיך איין אויף די בערג און בערגלעך.

אָטאָ איז דער בוים מיט די אַראָפּגעלאָזענע צעשפּרייטע צווייגן... אונטער דעם בוים האָט זיך אויסגעגאָסן דער קרוג וואַסער... ביי שיינדלען האָט זיך איינגענעצט דאָס קלייד... בייגט לייבל אַראָפּ אַ צווייג, רייסט אַראָפּ אַ בלאַט און טראָגט אים צו פאָרזיכטיק צו די ליפּן. ער בייסט

איין דעם אָדער און גלעט דאָס בלאַט אויף זיין קין מיט דער קילקייט וואָס אָטעמט פון בוים.

די צווייגן פון בוים בייגן זיך אַראָפּ געדיכט און ווייך: אונטער דעם בוים וועט אים קיינער נישט דערזען, ציט זיך לייבל אויס אויפן גראָז.

אין דער הייך זשמורקעט זיך דער שיין אין די צווייגן, און אויף דעם גראָז שלייערט זיך די ליכטיקייט אין די שאָטנס:

— אַזוי ווי פאַרנאַכט לעבן קרענעצעו... ער איז אַוועק אַפּריער אָנשעפּן וואַסער... וואָס האָט זי געזאָגט?... ניין, זי האָט נישט צוגענומען די האַנט... געהיט דאָס וואַסער זאָל זיך ווידער נישט אויסגיסן... האָט מורא פאַר דער מאַמען... ניין... זי וועט קומען אַהער... ראַכטשע וויל דאָך זי זאָל ווערן זיין כלה... וועט אַליין אַרויסבאַגלייטן... זי ווייסט דאָך אַז שיינדל פאָרט צו לייבלען... וואָס וועט ער טאָן?... ער וועט זיך איינקוקן און שוויגן... זאָל זי זען... ניין, ער וועט אַ שפּרונג טאָן: שיינדל!...

קען שוין לייבל מער נישט איינליגן אונטערן בוים. ער שטעלט אַוועק אַ פעסטן טראָט און לאָזט זיך גיין באַגעגענען שיינדלען.

אים קומט אָבער אַנטקעגן דער פעטער; ער איז אַרויס זוכן דעם גאַסט:

— איך האָב געמיינט, האָסט פאַרבלאָנדזשעט,

— ניין, איך ווייס דעם וועג...

— אַזוי ווי ביים טאַטן, טוט אַ שמייכל דער פעטער און וואַרט לייבל זאָל זאָגן עפּעס אַנדערש.

נאָר לייבל וויל זיך נישט אַרויסטויכן פון זיינע טראַכטונגען. שאָקלט ער מיטן קאָפּ: יאָ... אַזוי ווי אין זשירעווע... אומעטום... נאָר... און גייט אַוועק אַפּריער פון פעטער. ער וויל זיין אָפּגעזונדערט פון די מענטשן אין הויז ער זאָל קענען זיינע טראַכטונגען אויסלייגן אויפן פּאַפּיר.

וואָס וועט ער שרייבן שיינדלען? פון אַלע זיינע רייד שטעלן זיך בלויז אויס איינציקע ווערטער: איך זע דיך... אונטערן בוים זעט אונדז קיינער נישט... אַז דו וועסט קומען, וועל איך... אָט ביסטו שוין געקומען...

און מיט די ווערטער פון בריוו גייט נישט לייבל אויף פּאָטשט, נאָר שפּאַצירט אַוועק אין פעלד.

אין דער פרי כאַפּט ער אָפּ דאָס דאַוונען, ווי ער שלינגט אַראָפּ דאָס עסן און שלייכט זיך אַרויס אין דרויסן.

דער וועג צום אַראָפּגעלאָזענעם בוים ציט זיך אַן אויסגעטראָטענער ווי צו דער קרענעצע. דער קרוג שטייט אַ ליידיקער און לייבל איילט זיך נישט אָנשעפּן דאָס וואַסער... ער ליגט אויפן גראָז אונטער די אַראָפּ־געלאָזענע צווייגן און קוקט זיך איין ווי דער ווינט ציטערט שיינדלס בליקן אין די בלעטער. אירע האָר צעקעמען זיך, ציען זיך אַראָפּ איבערן קלייד און זי וויגט זיך אין די בלעטער. „געקו”... גייט אויס דאָס וואָרט אין לייבלס אָטעם אײדער ער דערהערט זיין קול... האָט ער מורא אויסשטרעקן די האַנט, שיינדל זאָל זיך נישט אַרויסציטערן פון זיין בליק.

ביינאַכט אָבער, ווען אַלע שלאָפן אין הויז, הערט לייבל קלאָר:

— איך בין דיין כלה...

אין שטוב מיינט מען אַז ער שלאָפט אויך. לייבל ווייסט אָבער אַז ער ליגט אַ וואַכער און האַלט בלויז פאַרמאַכט די אויגן. אונטער די אויגן־דעקלעך שיינט די ליכטיקייט פון די פעלדער. שיינדל וויגט זיך אויף אירע צעלאָזענע האָר און ער הייבט זיך אויף אויף די רצועות פון די תפילין.

טראַכט לייבל: אַ מענטש קען זיך טראָגן אויפן ווינט, ווי אַ פויגל אויף די פליגלען.

שמייכלט שיינדל: האָב איך זיך אַראָפּגעלאָזן אויף די צווייגן.

— און ווו איז דאָס קלייד?

— איך האָב אָנגעטאָן די צעפּ.

וויקלט לייבל אַרום די צעפּ אַרום זיין האַלדז און ציט אויס די הענט צו שיינדלס לייב.

מישט זיך אַריין דער פעטער. אין שטוב ווערט אַ טומל.

לייבל עפנט די אויגן. די ליכטיקייט פון די פעלדער האָט זיך אַריינגעצויגן אין הויז. דעקט ער זיך איבער מיט דער קאָלדרע, די פינצ־טערקייט זאָל האַלטן לענגער די נאַכט.

דער פעטער מיט דער מומען לאָזן אים אָבער נישט איינליגן אין בעט. די מומע מיט איר גוטסקייט איז ערגער פון דער מאַמעס בייזקייט, און דעם פעטערס געלאַסנקייט שניידט זיך איין שאַרפער פון דעם טאַטנס אויסגעציילטע רייד. לייבל אַמפּערט זיך אָבער נישט, ער גיט נאָך, ער

וועט דאָך נישט אַוועקפאָרן און איבערלאָזן שיינדלען אַליין... ער עסט אָנבייסן, הערט זיך איין וואָס מען רעדט וועגן ישיבה, נאָר זיך זעצן לערנען, טראַכט ער נישט. ער גייט צום בוים מיטן וועג וואָס פירט צו דער קרענעצע.

— אָטאָ איז ער... מאַכט לייבל דעם אָנשטעל אַז ער האָט געזוכט דעם בוים אַ טאָג מיט אַ נאַכט, אַ נאַכט מיט אַ טאָג ביז ער האָט אים געפונען. ער פירט ווייטער די שפּיל:

— איך האָב פאַרשפּעטיקט.

— ניין, דו האָסט פאַרבלאָנדזשעט...

— איך ווייס דעם וועג...

— טאָ ווייז ווו איז די קרענעצע...

— אָטאָ שטייט דער קרוג.

— דו האָסט אויסגעגאָסן דאָס וואַסער...

— ניין דו...

— דו — — — נישט איך...

— איך וועל אָנשעפּן...

— ניין, נישט דו...

— באַהאַלטסט זיך אונטער מיין היטל.

— ניין, אונטער די צעפּ.

— אָן אַ קלייד... קוקט אויס לייבל אויפן בוים שיינדלען,

— אָטאָ בין איך... באַווייזט זי זיך גאָר פון אַן אַנדערער זייט; זי גנבעט זיך אַרויס פון אונטערן קוסט. אירע האָר צעקעמען זיך אין די בלעטער און איר נאַקעטקייט שיינט אין דעם צונג ליכט פון די צווייגן. לייבל היפּערט איבער שיינדלס טריט וואָס ציטערן אין דער לופט פון גראָז, ער זאָל זיי נישט צעטרעטן:

— איך וועל קיינמאָל נישט אַוועקפאָרן.

— און אָט בין איך געקומען.

— דיין כלה...

— מיין חתן...

— דיין כלה...

יג

ביים פעטער אין הויז רעדט מען שוין נישט וועגן דער ישיבה, וועגן לערנען, נאָר מען גיט אַכטונג באַהאַלטענערהייט אויף לייבלען, ווען ער גייט אַוועק אין פעלד און מען וועקט אים אויף ביינאַכט ווען ער הייבט אָן שרייען פון שלאָף.

— וואָס ס׳זאָל נישט זיין, טראַכטן פעטער און מומע, קיין גלאַטע געשיכטע איז דאָס נישט. ער איז נישט דער טאַטע און זי איז נישט די מאַמע, קיין דאָקטוירים אַוודאי נישט. דערשרעקן אין דער היים וויל מען אָבער אויך נישט. הייבט מען אָן איינריידן לייבלען, ווי מען וואָלט גאָר־נישט געזען, גאָרנישט געוווסט:

— טאַקע אין דער ישיבה, אין דער פרעמד לערנט מען בעסער, אין דער היים וועט אָבער אויך נישט פעלן קיין מלמד; אַזאַ רחבות... און דאָ... ס׳פעלט טאַקע, דאַנקען גאָט, גאָרנישט, מען דאַרף זיך אָבער מאַטערן אויפן שטיקל ברויט.

לייבל פאַרהערט די רייד און טראַכט גאָרנישט צו פאָרן אַהיים.

וואָס לענגער ער דערווייטערט זיך פון טאַטע־מאַמעס הויז, אַלץ נענטער דערנענטערט זיך צו אים שיינדל. ביי טאָג באַגעגנט ער זי אויף די פעלדער צווישן דיביימער, אונטער די קוסטעס, און ביינאכט זעט קיינער נישט ווי זי גנבעט זיך אַריין צו אים אין קאַמער.

דער פעטער מיט דער מומען זענען אָבער נישט רויק. שרייבט דער פעטער בריוו צום שוואָגער מיט רמזים, ווינקט אָן אויף לייבלס חולאת: אפשר איז דאָס גאָרנישט קיין קראַנקהייט, נאָר אַ בענקעניש... און שרייבט נישט אויס אַלץ, וואָס די אויגן זעען. קרינסקי פאַרשטייט אָבער מערער ווי די בריוו ווילן דערציילן, פרעגט ער נישט און פאָרשט נישט ביים שוואָגער, נאָר ער קען נישט אָפּמאַכן ביי זיך, זאָל ער אַליין פאָרן, אָדער שיקן דאָס ווייב, די מאַמען.

חנהטשע דאַרף אָבער נישט פאָרן אין די מרחקים צום שוואָגער. זי ווייסט עס דאָ אויפן שווערן פאָטעל, ביי זיך אין הויז: גוט, זי וועט נאָכגעבן איר מאַן, דעם טאַטן, זי וועט פאָרן און ברענגען אים אַהיים. וועט ער אַריינגיין אין הויז? ער וועט אַפילו נישט איבערטרעטן די שוועל...

אַז איר ביטערקייט וועפּט זיך אויס, פאַרציען זיך אירע בליקן מיט דער אייגנקייט פון קינד: איין זון, אַ בן יחיד, אַ וועלט קען זיך שפּיגלען אין אים — און זי וויל ריידן צום מאַן מיט גוטן, איינרעדן אים: אפשר אָפּוואַרטן; ער האָט טאַקע געזאָגט אַז די ערשטע צייט וועט ווערן ערגער, אָבער דערנאָך, ס׳דאַרף געדויערן, אַ שטיין נעמט מען נישט אַרויס מיט איין פינגער...

— דער זנאַכער? וועט העלפן ווי די קללות, בייסט זיך איין קרינסקי אין זיין ווייטיק.

חנהטשען דוכט זיך, אַז דער מאַן וואַרפט איר אויף אירע פירונגען, קייקלט זיך אָפּ איר לעבן פון דעם טאָג, וואָס זי איז אָנגעקומען אין דער עשירות און זי קרעמפּט איין די פּערל אין הויפן, ווי זי וואָלט געשטשיפּעט איר לייב:

פריער האָט פאַן קרינסקי געטרונקען טיי ביי די גראַפן, און זיין ווייב האָט געהיט אויפן שטול די שווערע פאָרהאַנגען פון די פענצטער, איצטער זאָל בערטשע פאָרן, און איך וועל פירן די געשעפטן.

קרינסקי פירט נישט קיין ברוגז מיטן ווייב: פאַרקערט, ער גיט איר נאָך, ווי מען וויל פאַררײדן אַ ווייטיק: זי זעט אָבער נישט, אַז דער ענין איז גאָר אַן אַנדערער...

אַליין גראָבט ער זיך אין ר׳ הירשס רייד: דער מענטש קוקט און קוקט; ער מיינט אַז ער זעט, און ער ווייסט נעבעך נישט, אַז ס׳איז אַ דוכטעניש. אַמאָל וויל ער נישט דערזען, און אַמאָל דערזעט ער טאַקע נישט... אָטאָ טראַכט זיין ווייב, אַז ס׳איז אַ קליפּה, אַ כישוף... ער האָט גערעכנט אַז דער רבי וויל נישט עסן זיין ברויט אומזיסט, גייט ער אַוועק זוכן אַ קנעלונג... זי, די מאַמע, האָט פריער געמיינט, אַז זי האָט שוין אויסגעפירט... זיי זענען גערעכט... האָבן געטראָפן... און ער, דער טאַטע? ער האָט זיך איינגעשמועסט, איינגערעדט, זאָל ער אַוועקפאָרן... נו, וואָס איז אַרויסגעקומען?... לייבל האָט געדאַרפט אַוועקפאָרן, ער זאָל זיך אַרומזען, אַז דער ענין איז גאָר אַן אַנדערער: — לייבל ווערט נישט געהאָלפן אין די מרחקים... דער רבי גייט נישט זוכן קיין קנעלונג, נאָר, נאָר... ציטערט קרינסקי זיך דערטראַכטן צו די רייד וואָס ר׳ הירש האָט אָנגעוווּנקען מיט אַ תנועה.

זיין גאַנץ פאַרמעגן שפּאַרט זיך אָבער פלוצלונג אַרויס אין איין

וואָרט: אַ ווינט. ווינט איז ווינט... היינט קלאַפּט ער אָן ביי איינעם אין פענצטער, און מאָרגן עפנט ער די טיר ביי אַן אַנדערן... אָט גיבן זיי מיטן קלוגן שמייכעלע, און אָט נעמען זיי צו מיטן האַרטן קולאַק... נישטאָ... ווי די רענדלעך וואָס די נישט־גוטע וואַרפן אונטער ביינאַכט ביי די פערד אונטער די קאָפּיטעס... די גראַפּיניע לאָזט נישט דעם טאַטן אַרויפטרעטן אויפן הויף, און די מאַמע שטייט לעבן אויוון מיט דער פּלייצע צו דער וועלט. געשטאַנען, געשטאַנען, אַ טאָג מיט אַ נאַכט, א נאַכט מיט אַ טאָג, נישט אויסגערעדט קיין וואָרט... און דער טאַטע וואַלגערט זיך אַרום אין סטאַדאָלע לעבן פערד. און וואָס טוט ער, בערטשע? שוין אַליין אַ טאַטע פון קינדער... ער דאַרף שוין אויך אַרויספאָרן מיטן פערד און וואָגן איבער די דערפער זוכן חיונה.

דער טאַטע לאָזט אים אָבער נישט אַראָפּפאַלן ביי זיך. ער טרייסט אים און רעדט אים איין: „וואָס איז רייכקייט? — קאָנטראַקטן — הלוואי וואָלט איך זיי פריער נישט געהאַט... עשירות? אַ בגד וואָס דער אייבערשטער לייט אויס דעם מענטשן; היינט טראָגט אים איינער, מאָרגן טוט אים אָן אַן אַנדערער. אָבער אָרעמקייט? מען קומט מיט דעם, און מען גייט אַוועק אין דעם. וואַרעמט עס ווי אייגן לייב"... בערטשע חזרט איבער דעם טאַטנס רייד פאַר קרינסקין דעם גרויסן גביר און קרינסקי באַפּעסטיקט בערטשעס רייד: „אין זכות פון אָרעמקייט איז פאַראַן רייכקייט אויף דער וועלט; אַז אָרעמקייט און רייכקייט פּאָרט זיך צוזאַמען, פאַרגעסט מען נישט אינעם אָרעמען טאַטן, מען שעמט זיך נישט מיט אַן אָרעמען שכן, און... און .. — ווייסט ער נישט וואָס נאָך פאַר אַ משל צו ברענגען; ער זעט אָבער קלאָר דעם נמשל: ס'אַרט נישט, אַז מען איז זיך משדך מיט פּיניע דעם שוסטער; אפשר דאַרף גאָר אַזוי זיין — דערפאַר האָט ער געמאַכט דעם מנין ביי זיך אין הויז... אַריינגעקלאַפּט אַ טשוואָק אין וואַנט, דער בנין זאָל זיך האַלטן, ס'זאָל זיין אונטערגעבעט מיטן טאַטנס אַ וואָרט, דער מאַמעס אַ קרעכץ...

יד

און מיטן טאַטנס אַ וואָרט, מיט דער מאַמעס אַ קרעכץ, האָט בערטשע אָנגעטאָן זיין וואָכעדיקן קאַפּטן און איז אַוועק צופוס צו פּיניע דעם שוסטער.

דאָס „גוט יאָר" האָט זיך ביי בערטשען אַרויסגעגליטשט הינטערן טיר. איז ער געבליבן שטיין ביים שוועל און געזוכט די רייד, וואָס ער האָט צוגעגרייט צו ריידן, זיי זאָלן אים נישט אָפּפרעמדן.

פיניע האָט נישט געוווּסט ווי אַזוי ער זאָל פאַרבעטן דעם גרויסן גאַסט אין שטוב אַריין. האָט ער זיך געבויגן איבערן נידעריקן בענקל פון וואַרשטאַט, אָפּגערוקט עס און צוגערוקט: זעצט זיך, פאַניע קרינסקי, אַזאַ גאַסט, אַזאַ כבוד...

— בין איך איצט נישט קיין גאַסט, און מען דאַרף נישט אָפּגעבן קיין כבוד; איך בין געקומען צופוס, אָט אַזוי ווי איר זעט, איך בין גע־קומען... וויל קרינסקי פאַרמינערן זיין שטעל. פיניע דער שוסטער קען אָבער נישט איינגעמען זיין צעטראָגנקייט. ווייסט ער נישט צי זאָל ער אַריינרופן דאָס ווייב, אָדער אַרויסשיקן דאָס ייִנגל פון הויז, ער זאָל אַליין קענען ריידן מיט פאַניע קרינסקין. ער קלייבט איבער די בענקלעך, זוכט אַ שטול:

— זעצט זיך, זעצט זיך...

—איר דאַרפט נישט אַראָפּפאַלן ביי זיך, רעדט שוין קרינסקי, ווי ער וואָלט פאַרבעטן פיניע דעם שוסטער צו זיך אין סאַליע:

— אָרעמקייט און רייכקייט איז ביי גאָט אין די הענט, און דער יחוס? דער יחוס ביים טאַטן. מיין טאַטע, ע"ה, איטשע דעם קרעטשמער האָט איר דאָך געקענט. געווען אַ ייִד אַן אָרעמאַן, און אייער טאַטן, חיים דעם שמיד, געדענק איך אויך. געשטאָרבן נעבעך פאַר דער צייט. געווען נאָך אַ יונגער מאַן.

— איבערגעלאָזן אַ שטוב מיט יתומים. ער אַליין האָט נישט געהאַט קיין כוח צו שמידן די פערד, איז ער געוואָרן אַ שוסטער, טוט אַ קרעכץ פיניע.

— זאָלן זיי זיך דאָרטן מיען פאַר אונדז, מיר טראָגן געזונט זינד. זיי זענען געווען פרומע, ערלעכע ייִדן. אייך יחוס, אמת? אַ קרעטשמע מיט אַ קוזשניע, שטרעקט אויס קרינסקי די האַנט: — טאָ לאָמיר זיך משדך זיין! איך מיין, אַז מיין לייבל זאָל נעמען פאַר אַ כלה שיינדלען. אַז גאָט וועט העלפן וועט מען שרייבן תנאים. קרינסקי ווייסט אָבער נישט, אַז זיינע רייד זענען נישט איינס אין איינס מיט די רעיונות, וואָס זענען פאַרבאָרגן אין אים טיפער פון זיין שכל. שטאַרקט ער זיך און באַפעסטיקט:

— אַז גאָט וועט העלפֿן וועלן זיי ווערן חתן כלה. ער זאָגט אָבער נישט צו, אַזוי ווי מחותניםריידן, אַז ער וועט נעמען שיינדלען פֿאַר אַ שנור און האַלטן זי ווי אַן אייגן קינד.

און פּיניע דער שוסטער האָט אויך נישט געטראַכט פֿון זיין חטא, וואָס ער האָט נישט געקערט צו דעם פּאַהאַרערס אומער, ווען מען האָט ביי אים צוגענומען דעם מנין, נייערט אויסגעקוקט אויפֿן גליק, וואָס קען קומען פֿון דעם מנין אין קרינסקיס צוגעבויטער שטוב. האָט ער נישט געזען דעם פֿינצטערן שאָטן וואָס זעצט זיך אָפּ אין זיין שטוב אונטער דער פֿרייד. ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם וואַרשטאַט פֿון זיינע שיך און שטיוול, ער זאָל נישט פֿאַלן פֿון גרויס שמחה און קוים אויסגערעדט, ווי אין אַ חלום פֿון אַ טיפֿן שלאָף: ראַכטשע, דו הערסט!

ראַכטשע האָט שוין געקוועלט אין אַ מאַמעס פֿרייד, וואָס האָט פֿאַרצויגן מיט אַ טוי אירע טרערן, און זי אַליין האָט זיך געצויגן מיט לאַנגזאַמע טריט אין שטוב. זי האָט געזוכט וואָס צו טאָן, נאָר וואָס איר איז נישט געקומען אויפֿן זינען האָט זיך איר געדוכט, אַז פֿריער דאַרף זי עפּעס אַנדערש אָפּטאָן. איין זאַך — די הענט — האָבן זיך נישט אָפּגעטאָן פֿון איר רעיון, זיי זענען איר געוואָרן איבעריק אין דער רגע. זי האָט נישט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט זיי, זאָל זי געבן קרינסקין אַ האַנט, אָדער שטאַרקן זיך און אָן געוויין, בלויז זאָגן: „מזל טוב"?

דער מזל טוב וואַרט נישט אויף ראַכטשען. ער פֿאַרלויפֿט איר דעם וועג, זיפּט זיך מיט דער זון דורכן פֿענצטער, און שפּרייט אויס ברייטער, גערוימער, די שטוב. ראַכטשע דערקענט גאָרנישט איר הויז: דער וואַר־שטאַט מיט די פּאָדעשוועס, און סמאָלע האָט זיך איינגעקאָרטשעט אין ווינקל און אויפֿן לאַנגן טיש ליגט אַ ווייסער טישטוך. ביי פּיניען האָט זיך אָפּגעבונדן דאָס פֿאַרטוך, זיך אַראָפּגערוקט פֿון אים און ביי ראָכטשען איז פֿאַרבונדן די פֿאַטשיילקע אויפֿן קאָפּ ווי פֿרייטיק פֿאַרנאַכט צו ליכט בענטשן.

שיינדל וויל זיך אָבער נישט באַווייזן צום מחותן; זי מעסט אָן איין קלייד, טוט אָן אַן אַנדער קלייד, נאָר זי בלייבט האַלב אָנגעטאָן אין קאַמער און שפּאַרט זיך אַריין אין אַ ווינקל. די שמחה איז אָבער נישט פֿאַרשטערט. קרינסקין איז ארויס פֿון זינען צו פֿרעגן אויף שיינדלען און די מאַמע טראַכט: אַ כלה, שעמט זי זיך...

נעמט מען נאָך אַ כוסה, מען זאָגט ווידער לחיים, און נאָך אַמאָל, און ווידער אַמאָל: „מזל טוב“. ס׳דוכט זיך אַז מען וויל ווערן שיכורער ווי מען טרינקט. קרינסקי זאָגט מבינות: אמתער ניינציקער, אַליין גע־צאַפּטביים טאַטן פון שפונט, און זאָגט צו אַז לייבל וועט קומען, וועט מען טרינקען ביי אים דעם ריכטיקן איינגעשטאַנענעם ווישניאַק.

טו

לייבל איילט זיך אָבער נישט צו קומען אַהיים. מען שרייבט אַ בריוו, מען קלאַפּט אַ דעפּעשע, און דער שוואָגער ענטפערט מיט עטלעכע ווערטער וואָס קרינסקי לייענט, ווי רמזים. פאַרבייסט ער די באָרד אין די ציין, און אַזוי בייסט ער אַריין זיינע דערשראָקענע אויגן אין דעם בריוו.

ער ציילט אות נאָך אות, לייענט וואָרט נאָך וואָרט, טוט זיך אַריין אין בריוו, ווי אין אַ רפואה וואָס מען קוקט אויס פאַר אַ חולה, און אים דוכט זיך, אַז אים איז קלאָר געוואָרן: ער דאַרף אַליין פאָרן...

ער וויל אָבער אַז דאָס ווייב זאָל פאָרן: אַ מאַמע, אַ מאמעס אַ טרער לעכערט דורך אַ שטיין... פאַר אַ מאַמען איז פאַראַן ווער ס׳זאָל זיך איינשטעלן... מען בעט ביי די אמהות זיי זאָלן זיך דערבאַרעמען אויף זייערע קינדער... און ער פאַרבאָרגט זיין זיפץ: ווען ר׳ הירש איז דאָ, וואָלט ער אים געשיקט...

חנהטשע גיט נאָך: זי וועט פאָרן... אַז ס׳איז באַשערט... אָבער וואָס איז די איילעניש...

שבת צום דאַווגען פּוצט זי זיך אויס אין גבירישקייט און אַז זי ענטפערט פיניע דעם שוסטער דעם „גוט שבת“, ציילן זיך אויס די ווערטער אין איר קול, ווי זיי וואָלטן זיך אַרויפגעניזשעט אויף איר שנירל פּערל.

פיניע דער שוסטער ציטערט: אפשר האָט זיך אים געדוכט, מאַלע וואָס אַ מענטש קען זען אין חלום, ער וועט אָבער נישט פרעגן ביי קרינסקין. ער דעמאָנט בלויז פאַרבייגייענדיק, ווי ער וואָלט עפּעס אַרויס־געגנבעט: שיינדל, איז דאַנקען גאָט, און ער ווייסט נישט צי רופן דעם מחותן „פּאַניע קרינסקי“ אָדער ר׳ בעריש. מיידט ער אויס זיין נאָמען און היט זיך אויס, ער זאָל נישט בלייבן מיט קרינסקין אַליין אויג אויף אויג: אפשר ?...

אַז ער קומט אַהיים קנוילן זיך אויף זיינע רייד און בייגן זיך אַראָפּ אויפן וואַרשטאַט. ער רעדט קוים אויס: וואָס זאָגסטו ראכטשע?

ראָכטשע וויל נישט פאַרשטערן דעם שבת, ענטפערט זי דעם „גוט שבת" ווי זי אַליין וואָלט געקומען פון דאַוונען און געבראַכט די פרייד, וואָס איז ביי איר געבליבן פון די מחותנים.

זי איז אָבער נישט רויק: איר איז נישט געפעלן... אַז זי פרעגט ביי זיך פאַרוואָס, רייסט איר דאָס האַרץ, ווייסט זי נישט וואָס צו ענטפערן און זי לייגט גאָר אויס צום גוטן: דאַנקען גאָט, אַ זיווּג.... אַז ס'איז באַשערט, קומט אין הויז און בעט זיך איין... נאָר פּלוצלונג הייבן אָן ציטערן די אויסרעכענונגען: — אַ מאַמע דערזעט, וואָס אַ טאַטע זעט נישט... חנהטשע קאַרגט נאָך איצטער אָפּ פאַר איר אַן אָרט ביים דאַוונען ווי אַ ביסן ברויט... און פאַרוואָס קומט ער נישט? סטייטש?... אָט, אָט... און מען זאָגט נישט קיין וואָרט...

דער מאַמען איז אויך נישט געפעלן שיינדלס אויפפירונגען: זי טוט זיך אָן, פּוצט זיך אויס, נישט צו באַווייזן זיך פאַר מענטשן, נאָר גיין צו דער קרענעצע נאָך וואַסער.

די מאַמע מאַכט זיך, אַז זי זעט נישט דעם קרוג; זי גייט צו צו שיינדלען פון אַ זייט, זי זאָל זיך נישט באַגעגענען מיט אירע בליקן, און רירט אָן איר קלייד: ס'איז שיין אויף יום־טוב, אויף שבת... שיינדל וויל אָפּטאָן דער מאַמען אַ צו להכעיס, פאַרוואָס זי גנבעט אַרויס ביי איר אירע טראַכטונגען, הייבט זי אָן צו קעמען די האָר:

— ביי מיר איז אינדערוואָכן אויך שבת.

ער קומט אָבער נישט, פאַרבאָרגט די מאַמע איר זיפץ, און שיינדלס אויסגעפּוצטער יום־טוב אין דער וואָכן קעלטערט זי מיט דער פרעמדקייט פון די קרישטאָלענע גלעזלעך, וואָס הענגען אַראָפּ פון קרינס־קיס זילבערנע הענג־לייכטער.

זי קערט אָפּ דעם בליק צום וואַרשטאַט, ווי מען דרייט זיך אום צו שמונה עשרה:

— טאַטע פאָטער, ווער דאַרף האָבן די עשירות און רייכקייט, איך בעט פאַר מיין מאַן מיט די קינדער, דער אייבערשטער זאָל צושיקן דאָס שטיקעלע ברויט מיט געזונט, אָט דאָ, אונטער זיין איינגעבויגענער פלייצע אין דער אָרעמקייט. און אָט מיט די רייד, מיט דעם ווייבס

געבעט, איז פיניע דער שוסטער געקומען שבת צום דאַווענען. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אָן אַ זייט פון עולם, ווי אַ פרעמדער אורח, און זיך איינגע־קוקט ווי פאַן קרינסקי האָט צוגענומען דעם כבוד פון „גוט שבת", וואָס מען האָט אים צוגעטראָגן. שבת טאָר מען נישט אומערן, האָט זיך פיניע געשטאַרקט, ער האָט אָבער נישט געקענט פאַרטרייבן פון זיך דעם חלום וואָס פאַרפירט אַ מענטשן. האָט זיך פיניעס זאָרג אָפּגעשלאָגן אויף קרינסקין: אפשר ווייסט ער שוין עפּעס... אים איז אָבער שווער געווען איבערצופרעגן ביי פיניען, ער זאָל נישט מיינען, אַז ער זוכט אַ תירוץ, האָט חרטה... האָט ער אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז ער טאָר מער נישט וואַרטן, ער מוז גלייך פאָרן, און שבתענאַכט גלייך נאָך הבדלה, האָט ער געהייסן שפּאַנען די פערד, ער זאָל נישט פאַרשפּעטיקן די באַן קיין מרחקים.

טז

קרינסקי זעט אַז לייבל האָט זיך געעלטערט מיט אַן עלטער, וואָס אַ חלאת פאַרציט אויפן פנים. די אויגן זענען טיף און גרויס, נאָר קוקן, קוקן זיי ווי זיי וואָלטן קיינעם נישט געזען. די רייד מאַטערט ער אויס פון זיין שטילקייט.

פאַרגעסט שוין קרינסקי וואָס ער האָט צוגעזאָגט דעם ווייב, און גיט אָנצוהערן לייבלען וועגן זיין נסיעה:

— איך בין געקומען זאָלסט פאָרן מיט מיר אַהיים, דו ווייסט פאַרוואָס?...

נאָר לייבל קערט זיך אָפּ פון טאַטן, און קוקט אין פענצטער. ער וויל אָנווייזן, דער טאַטע זאָל אַ קוק טאָן ווייט, ווייט אויפן בוים, וועט ער אים גאָרנישט דאַרפן דערציילן...

פאַלט אָן אויפן טאַטן אַ שרעק: ער דערקענט נישט זיין אייגן קינד... און ער דערשלינגט זיינע רייד: — נישט דאָס דאַרף ער פרעגן. נישט אַזוי דאַרף ער ריידן.

ביי לייבלען עפנט זיך גראָד יאָ אַ וואָרט. אַז ער האָט דערזען דעם טאַטנס פאַראומעטיקט פנים, האָט ער זיך דערמאָנט, ווי דער רבי איז געבליבן זיצן אַליין ביים טיש, ווען ער האָט זיך אָפּגעגנבעט פון לערנען. האָט ער געוואָלט עפּעס צוזאָגן ביידן, דעם טאַטן מיטן רבין, און איבערגעפרעגט:

— טאַטע דו ביסט געקומען, וואָס הערט זיך אין דער היים ?

האָט זיך דער טאַטע דערפרייט מיט לייבלס עטלעכע ווערטער ; ער האָט געענטפערט, געזאָגט, דערציילט און האָט זיך געוואָלט אַריינלאָזן אין אַ לענגערן שמועס.

לייבל וועט אָבער גאָרנישט דערציילן דעם טאַטן וועגן שיינדלען, לאָזט ער צו זיך נישט ריידן. ער דערמאָנט נישט די קרענעצע... ער שטעלט אַוועק אַ טראָט און טרעט אָפּ פון פענצטער ער זאָל אָפּקערן דעם דרויסן פון טאַטנס אויגן. שטייט דער טאַטע מיטן זון אין מיטן שטוב, פּאַר אַלעמען אין די אויגן. נאָר דעם טאַטן דוכט זיך, אַז זייביידע באַהאַלטן זיך ערגעץ אין דער פרעמד און ציטערן קיינער זאָל זיי נישט דערקענען.

זעט שוין קרינסקי אַז ער וועט גאָרנישט אויפטאָן מיט זיינע זייטיקע רייד : — שוין טאַקע באַלד זעכצן יאָר, אָבער נאָך אַ קינד ; אַ רמז איז ווינציק...

גלעט ער אויס זיין אָפּגעוואַקסן בערדל, און וויל אַזוי אויסשפּיגלען זיין שמייכל :

— דו ווייסט, דיין טאַטע איז אַן עלטערער ייד. זעסט, אָטאָ איז אַ גרויע האָר, און דו שטייסט שוין אין שידוכים, דערווייַלע וועסטן ווערן אַ חתן...

— שיינדל איז מיין כלה, שניידט זיך אַרויס ביי לייבלען שאַרף זיין קול און אַזוי שפּאַרט ער אַרויס נאָך אַ טראָט.

— אָט דאָס מיין איך דאָך, לייגט אַרויף דער טאַטע די האַנט ביי לייבלען אויפן אַקסל ער זאָל נישט אַוועקגיין : בין איך געקומען מיר זאָלן פאָרן אָנקוקן זי.

— איך זע זי... רייסט זיך ביי לייבלען זיין סוד ווי אַ שפּראָץ אָטעמט אַרויס פון קנאָספּ.

— אַוודאי האָסטו זי געזען. אויסגעוואַקסן, דאַנקען גאָט, צוזאַמען.

— אָט דאָ ביי דער קרענעצע אונטערן בוים.

— אָבער איצטער, ביי פּיניען אין שטוב, איך וועל הייסן איינשפּאַנען די פערד און...

— ניין, איך אַליין...

— ווי פּאַסט זיך אַנדערש פּאַר חתן כלה,

— אַזוי ווי דאָ... ווייזט לייבל מיט זיין אומרו אויף די אָפענע פענצטער, ווי אין דער היים — אונטערן בוים.

דער טאַטע זעט אַז לייבל קוקט אויף אים ווי ער וואָלט אָפּגעשלאָגן זיינע בליקן אויף דעם שיין פון אַ גלאָז. ווייסט ער נישט וואָס זאָל ער טאָן: זאָל ער אויפשוימען די פרייד וואָס ער האָט געפירט צו לייבלען, אָדער פאַרשווייגן, און וואַרטן ביז לייבל וועט אַליין דערמאָנען, אַליין ריידן. אים איז אָבער קלאָר, אַז ער טאָר דאָ נישט זיצן קיין איבעריקע מינוט. קען ער זיך נישט דערוואַרטן אויף לייבלס אַ וואָרט און מאַכט דעם אָנ־שטעל, אַז ער הייבט ערשט אָן ריידן צום זון. ער מישט אַריין די מאַמע, לייבל זאָל זען, אַז די מאַמע פרייט זיך אויך:

— פאַר טאַטע מאַמע איז דאָס אַ גרויסע שמחה, זי וואַרט, קען זיך נישט דערוואַרטן, קוקט אויס...

— און פאַר שיינדלען?

— אַוודאי, קום מיין זון, זיי וואַרטן, אַלע וואַרטן, זי וואַרט...

— אָטאָ איז זי... ציט אויס לייבל די הענט צום טאַטן.

— ווי לאַנג דאַרף עס נעמען, איין טראָט, אָט איז שוין די באַן... און מיר פאָרן.

— און אָטאָ איז דער בוים, די פעלדער, גייט נאָך לייבל נאָכן טאַטן, גלייכט זיך אויס מיט אים און קוקט אים גלייך אין די אויגן. ער ווייסט נישט צי ער ווייזט דעם טאַטן, דעם וועג צום בוים, אָדער ער באַגלייט אים אַרויס צום באַן, ער זאָל נישט דאַרפן איינער אַליין פאָרן אַהיים.

יז

נאָר ווי און ווינד, ווינד און ווי, לייבל קוקט אויף שיינדלען און דערקענט נישט זיין כלה. ער שפּאַרט אריין זיינע בליקן אין דער כלה, נאָר ער זעט ווי שיינדל וואַרט אויף אים אין די מרחקים — אַ הויכע, אויסגעוואַקסן אַזוי הויך ווי ער, די האָר פאַנאַנדערגעלאָזן איבער די אַקסלען, די הענט אויסגעצויגן צו אים...

פאַרשטייט שוין לייבל, אַז מען האָט אים אָפּגענאַרט. מען האָט אים אונטערגעשטעלט אַ כלה אַ נידעריקע, מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, און אַ הויכן פאַרצויגענעם האַלדז.

ער לאָזט זיך אָבער נישט פאַרפירן, און ער וועט נישט איבער־לאָזן שיינדלען אַליין אין די מרחקים, ברומט ער אַרויס: „ניין"...

ער ווייסט אַז ער זאָגט עס דאָ, ביי פּיניע דעם שוסטער אין שטוב, פאַר דעם טאַטן אין די אויגן, נאָר שיינדל וועט עס דערהערן און זי וועט זען אַז ער וועט זיך נישט לאָזן אָפּנאַרן.

ענטפערן, ענטפערט אים ראָכטשע, זי ציט אַרויף אויף זיך אַ שמייכל ווי זי וואָלט פאַרהערט זיין ברומען:

— וואָס, לייבל דו דערקענסט גאָרנישט? אָט איז דער סאָד...

גייט צו לייבל צום אָפענעם פענצטער: די קאַרשן האָט מען שוין אַראָפּגענומען פון דיביימער... די בלעטער קנייטשן זיך ווי אָפּגעבונדענע פאָדעסטקעס פון זאָקן...

טוט לייבל אַ זיפץ:

— דאָס וואַסער איז אויסגעגאָסן... דעם קרוג האָט מען באַהאַלטן...

און שטעלט אַוועק אַ טראָט צו שיינדלען: ווו איז דער קרוג? איך וועל אָנשעפּן דאָס וואַסער!

לייבלס בליקן וואַרפן אָן אַ שרעק אויף שיינדלען ווי די אַרויס־געסטאַרטשעטע צווייגן, וואָס די קרענעצע שפּאַרט אַרויס ביינאַכט פון די ביימער. ציטערט זי אַ קוק טאָן אויף אים. זי בייגט זיך צו צו דער מאַמען, זי וויל זיך איינגנורען אין איר קלייד, זיך באַהאַלטן הינטער איר פּלייצע...

זי וויל אָבער נאָך אַ מאָל אַ קוק טאָן אויף לייבלען: ניין, אויף דעם חתן וואָס קרינסקי האָט אונטערגעשטעלט...

ציטערן אירע בליקן, ווי זי וואָלט געקוקט פון אַ באַהעלטעניש אויף לייבלס פּנים, וואָס שלאָגט זיך אָפּ אין פענצטער; נאָר זען, זעט שיינדל דער מאַמען.

— מאַמע, שלעכטע מענטשן נאַרן אָפּ...

— וואָס איז מיין קינד? פאַרריכט ראָכטשע עפּעס אויף שיינדלס אָנטועכץ. נאָר איר דוכט זיך, אַז די הענט זענען ביי איר אַראָפּגעלאָזן און זי ציטערט זיך צורירן צו איר טאָכטער.

— איך וועל אַליין גיין צו דער קרענעצע נאָך וואַסער.

די מאַמע וויל נישט דערמאָנען אַז לייבל איז געקומען: הלוואי קומט ער נישט און באַווייזט זיך נישט. זי ווייסט אָבער נישט ווי אַזוי איינצושטילן

דעם אומרו פון קינד, רעדט זי זיך איין: אפשר איז בעסער וואָס זי וויל אים נישט דערקענען.

שיינדל טראַכט אָבער אַנדערש:

— אַז לייבל וועט זיך דערוויסן, וועט ער זיך אַראָפּלאָזן ווי אַ פויגל צו דער קרענעצע, און אפשר איז ער שוין געקומען? איידער ס'האָט אָנגעהויבן רעגענען האָט זי דערהערט אַ קול לעבן סאַד, געמיינט אַז איר דוכט זיך... איר האָט זיך נישט געגלויבט, האָט זי זיך נישט אומגעקוקט, איז אַוועק, נישט געוואַרט... איצטער וועט זי בלייבן שטיין און וואַרטן, וואַרטן, וואַרטן... קען זיך שיינדל נישט דערוואַרטן אויפן פאַרנאַכט. זי טוט אָן דאָס שבתדיקע קלייד אין מיטן העלן טאָג און קלייבט זיך גיין מיטן קרוג צו דער קרענעצע נאָך וואַסער.

די מאַמע נעמט נישט אַראָפּ די אויגן פון שיינדלען: אַזוי פרי מיין קינד?...

— לייבל וואַרט.

ווייסט נישט ראָכטשע, זאָל זי דערמאָנען שיינדלען, אַז ער קען דאָך קומען אין הויז אַריין, אָדער זי זאָל גאָרנישט זאָגן. זי זעט אָבער ווי דאָס פּנים ליכטיקט ביי שיינדלען מיטן יום־טוב פון קלייד. טראַכט זי: אפשר דוכט זיך איר... ער קען נישט פאַרגעסן ווי זיינע טאַטע־מאַמע, די גבירים, האָבן זי געטריבן פון הויז... שעמט ער זיך... וויל אָפּטאָן דער מאַמען. שמועסט זיך איין ראָכטשע מיט דער טאָכטערס פרייד: אַז איר וועט ברענגען דאָס וואַסער, בעט אים אַריינגיין אין שטוב...

לייבל וואַרט נישט ביז וואַנען שיינדל וועט אים פאַרבעטן אין הויז אַריין, ער קומט אַליין. ער גייט אַריין מיט אַ אימפּעט, ווי ער וואָלט נאָר וואָס אָנגעקומען פון די מרחקים. זיינע רייד טראָגן זיך אַפּריער פון אים, און הערן, הערט ער בלויז איין וואָרט, ווי עמעצער וואָלט זיך אָנגענומען פאַר אים און געשריגן: ניין!... ווערט אים קלאָר וואָס ס'קומט דאָ פאָר: דער טאַטע האָט אונטערגעקויפט מיט זיינע סיגנאַציעס פּיניע דעם שוס־טער... ער קען בלויז נישט פאַרשטיין פאַרוואָס איז שיינדל געבליבן אין די מרחקים און קומט נישט אַהיים.

— און אפשר איז זי שוין געקומען, נאָר מען באַהאַלט זי אויס, פאָרשט לייבל יעדן ריר און קער ביי פּיניע דעם שוסטער אין הויז.

ער הערט זיך נישט צו צו די רייד וואָס ראָכטשע טוט ריידן צו אים. ער ווייסט טאַקע אַז נישט די מאַמע, נישט ראָכטשע און אַפילו נישט

די מומע, זיי אַלע וועלן נישט קענען אָפּנאַרן אים. ער דאַרף זיך אָבער אויסהיטן פון זיי, נאָר „דער רבי״... קומט פּלוצלונג אויף ר׳ הירשס קול: וואָס איז, לייבל? מיט דער זעלבער גוטסקייט ווי ער האָט גערעדט צו פּיניע דעם שוסטערביים דאַוונען: אים וועט ער ענטפערן. קוקט לייבל ווי פּיניע זיצט ביים וואַרשטאַט, אַריבערגעבויגן איבער אַ שוך, און זעט דעם רחמנות וואָס האָט זיך געקנייטשט אין דעם רביס אויגן. גייט ער צו אויף די שפּיץ טריט צום וואַרשטאַט. ער טאַפּט די אָפּצוואַנגע, קלייבט איבער די שטיפטן, די פּלעקלעך, רירט אָן מיטן שפּיץ פינגער די סמאָלע, און קוקט זיך אַרום צי קיינער איז אין שטוב נישטאָ.

— וואָס איז לייבל? הייבט אויף פּיניע דעם קאָפּ.

— איך וויל זיך אַוועקזעצן ביים וואַרשטאַט און זיך לערנען אַ מלאכה.

בייגט זיך אַראָפּ פּיניע אויפן וואַרשטאַט און וויל באַהאַלטענער־הייט עפּעס דערגיין אין לייבלס רייד. טוט ער אַ שמייכל: אָטאָ איז אַ בענקל.

— ניין, איך וויל אַריינקלאַפּן אַ פּלעקל, ציען אַ דראַטווע, איר זאָלט ריידן צו מיר, ווי דער רבי האָט גערעדט צו אייך. וויל לייבל דערגיין ביי פּיניע דעם שוסטער דאָס, וואָס מען באַהאַלט פון אים דאָ אין שטוב, און וואָס טאַטע־מאַמע זאָגן אים נישט אויס אין דער היים.

— גוט, דער רבי וועט נאָכגעבן, און וואָס וועט די מאַמע זאָגן?, וויל פּיניע אַריינציען לייבלען טיפער אין שמועס.

— און איר, ר׳ פּיניע, פאָלגט אויך אייער ווייב?

— מיין ווייב, דו מיינסט ראַכטשען, אַ מאַמע, אַוודאי... קוקט פּיניע אויף לייבלען און וויל אַרויסרופן ביי אים רחמנות צו דער מאַמען.

לייבל זעט שוין: אונטערגעקויפּט... וויל אים איינרעדן, הייבט ער זיך אָן אָפּגנבענען פון וואַרשטאַט און זיפצט אַרויס:

— איך וויל געפינען דעם רבי, ער וועט מיר זאָגן...

פּיניע קוקט זיך איין אויף זיין שטוב: לייבל האָט זיך שוין אַרויס־געגליטשט פון הויז, שיינדל האָט זיך שוין לאַנג אָפּגעגנבעט פון זיינע אויגן... זי וויל נישט קוקן אויפן חתן, די מאַמע שלאָפט נישט קיין נעכט... קען ער מער נישט איינזיצן ביים וואַרשטאַט.

ער טוט אָן אין אַ מיטן וואָכעדיקן טאָג דעם שבתדיקן קאַפּטן און

גייט צו קרינסקין. אויפן וועג גליטשט זיך ביי אים אַרויס דער „פּאַניע קרינסקי“ און ער זיפצט אַרויס: ר׳ בעריש וואָס וועט זיין? מיר איז נישט געפעלן, ס׳איז נישט גוט.

קרינסקי טראַכט, אַז ער ווייסט בעסער פון פיניען, און רעדט צו אים, ווי זיי ביידע וואָלטן געגאַנגען אין איין שליחות, וואָס דאַרפן ח״ו ברענגען אַ שווערע בשורה.

— מיר זענען אויך נישט געפעלן די גאַנגען...

אַז ער וועט געראַטעוועט ווערן, וועט זי זיך אויפהערן שרעקן פאַר אים, ווייסט נישט פיניע צי ער גיט אַן עצה קרינסקין, אָדער וויל באַווייזן, אַז זיין טאָכטער איז אַ קינד ווי אַלע קינדער, נאָר אַ מיידל, שרעקט זי זיך נעבעך.

— וואָס זאָל מען טאָן? פאַלט אַראָפּ ביי זיך קרינסקי און טראַכט זיך אַריין טיפער אין דעם ענין: אַזאַ חולה איז נישט קיין קראַנקער און מען קען דאָך נישט זאָגן, אַז ער איז ח״ו נישט ביים זינען. נאָר... ציטערט ער אַרויפלאָזן אויפן רעיון: — אפשר אָפּלאָזן דעם שידוך?

ער פרעגט בלויז:

— ווען איז ער געווען ביי אייך?

היינט אויך. קוקט, קוקט אין פענצטער, אָט אַזוי ווי איר זעט...

טוט קרינסקי אַ זיפץ: קען נישט איינרוען אין שטוב...

— נעבעך... זוכט פיניע אַן עצה: — אַ דאָקטאָר, אַ גוטער ייד, אפשר ברענגען צוריק דעם רבי; ער דערמאָנט דעם רבי, ר׳ הירשן...

קרינסקי זעט נישט קיין אונטערשייד פון דאָקטאָר ביז דעם גוטן ייד. ער איז שוין געגאַנגען צו דאָקטוירים און געפאָרן צו גוטע יידן. פון דעם דאָקטאָר בלייבן איבער די קלוגע רייד, און פון דעם גוטן ייד גייט ער אַוועק מיט די פרומע ברכות.

— אָבער דער רבי ר׳ הירש... אין אָט די רייד, לייבלס, טוט זיך קרינסקי אַריין, זיי לאָזן אים נישט רוען ווי אַ רפואה, וואָס ציטערט אויף די שפּיץ פינגער. אין דעם ענין וויל זיך דער טאַטע אַריינלאָזן מיט לייבלען. ער וואַרט אָבער, לייבל אַליין זאָל עס אים געבן אָנצוהערן, ער זאָל נישט מיינען אַז פיניע האָט אָנגערעדט אויף אים.

נאָר לייבל שטייט שעהן נאָכאַנאַנד אין פענצטער אָן אַ תנועה און

אָן אַ וואָרט. זיינע בליקן זענען פאַרגליווערט אויפן שויב, ווי די אויגן פון אַ רינד אונטערן חלף פון שוחט.

— זעט גאָרנישט, קען שוין דער טאַטע מער נישט פאַרשטעלן זיין שרעק, גייט איין מיט יעדער שעה; און אפשר האָט ער יאָ דערזען... זוכט ר׳ הירשן, קוקט אים אויס... קוקט זיך איין... דאַרף ער, דער טאַטע אַרויפ־פירן אים אויף די רייד, ווערט פּלוצלונג ביי קרינסקי אַזוי קלאָר דער שכל, גלייך ווי עמעצער, ער ווייסט נישט ווער, ר׳ הירש, צי דער טאַטע, וואָלט אים געפירט איבער די רייד, וואָס ער האָט אויסגעלייגט פאַר זיין קינד:

— לייבל, דו וואַקסט, קיין ע״ה נישט, אַ הויכער, באַלד אַזוי ווי דער טאַטע, איך וואָלט אָבער געוואָלט דו זאָלסט קענען מערער ווי דיין טאַטע, דו ווייסט דאָך...

— וואָס דאַרף איך קענען? לאָזט לייבל אַראָפּ די אויגן און וויל אָפּטרעטן אַ טראָט.

— אייל זיך נישט מיין קינד, רייד אַ ביסל מיטן טאַטן; איך מיין אָפּלערנען אַ בלאַט גמרא, און טאַקע גויאישן וויסן, חשבונען, זייער לשון, וואָס נאָך? וואָס לערנט מען אין די שקאָלעס, גימנאַזיעס: אַז דו ווילסט וועל איך דיך שיקן אין גימנאַזיע.

— איך וויל נישט קיין גימנאַזיע.

— וועל איך נעמען אַ מלמד, צוויי מלמדים פאַר לערנען, און להבדיל, טאַקע גויאיש וויסן.

— איך וויל נישט קיין מלמדים, נאָר דעם רבי!

— דו מיינסט ר׳ הירשן

— מיט אים קען איך ריידן, ער הערט זיך איין וואָס איך זאָג...

— איך וויל זיך אויך, מיין קינד, איינהערן צו זיינע רייד... דער רבי איז אָבער נישטאָ.

שפּאַרט זיך לייבל איין: ער איז אַוועק, וועל איך אויך אַוועקגיין. איך וויל נישט זיין דאָ אין הויז.

— און אַז ר׳ הירש וועט קומען צוריק, וועסטו לערנען ביי אים?

— ער זאָגט אין לערנען וואָס ס׳טוט זיך אין האַרצן.

— און אַז איך וועל זאָגן?

— דער רבי רעדט אַנדערש.

הערט קרינסקי ר׳ הירשס קול: ס׳איז גאָר אַן אַנדערער עניך, און בייגט זיך צו צו לייבלען: אַוודאי אַנדערש...

לייבל ציטערט, דעם טאַטנס גוטסקייט זאָל נישט אַרויסנאַרן ביי אים זיינע טראַכטונגען. פאַרבייסט ער די ליפּן, שפּאַנט איין שיינדלס אויסזען אין זיינע בליקן אויפן פענצטער און רופט און בעט זיך: רבי, רבי...

טראַכט דער טאַטע:

— בעסער ווי אַ דאָקטאָר, גאָטספאָרכטיקער ווי אַ גוטער ייד... אָטאָ איז ער געווען אין הויז... און אָטאָ... אָטאָ איז לייבל געזונט און קלאָר ווי אַלע קינדער, און אָטאָ... אַזוי איז עס, דו זעסט זיך נישט אַרום, און אָט... דערזעט קרינסקי בערטשען מיטן פערד און וואָגן, וואָס פאָרט אַרום איבער די דערפער זוכן זיין חיונה.

יח

קרינסקי וויל זיך אָבער ראַטעווען; ער וויל געפינען אַ רפואה פאַר זיין קינד און אויפהייבן בערטשען פון זיין אָרעמקייט. איז ער אַוועקגעפאָרן קיין סלאָנים און זיך אָנגעהויבן נאָכפרעגן אין די בתי מדרשים אויף ר׳ הירש דעם מלמד.

ווער קען נישט אין סלאָנים ר׳ הירשן: ר׳ הירש זיצט אָבער נישט אויף איין אָרט און ער זוכט נישט קיין קנעלונג.

— ווען איז ער אַוועקגעגאַנגען?

— ר׳ הירש?... ער ווייסט נישט פון קיין צייט, ער האָט זיין אייגענעם סדר, ער קען אָפּזיצן אַ גאַנצע נאַכט און לערנען, און אַ גאַנצן טאָג זיין אויפן מאַרק, אַרום די בעלי־עגלות, לעבן די מאַרק־זיצערקעס, אָפּהיטן אַ יתום.

לאָזט זיךריידן דער שמש פון דעם שוסטערשן בית המדרש:

— און אַז ער איז געזעסן ביי אים אין הויז און געלערנט, האָט ער געמיינט אַז דאָס קומט אים, אַזוי דאַרף זיין, בייסט קרינסקי דאָס בערדל און פרעגט איבער נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל, שטיל, הכנעהדיק:

— אפשר האָט איר געזען, ווּהין... ווען?

ווּהין קען גיין אַזאַ ייד ווי ר׳ הירש? מסתמא וויל אַ פריץ אַרויסוואַרפן אַ ייד... אַ חזקה צונעמען... ער זעט... ער וויל אָבער נישט פּראַווען קיין גוטן ייד, לאָזט ער נישט קומען צו זיך, נאָר גייט אַליין.

זעט שוין קרינסקי, ווי ר׳ הירש ציט זיך פון קרעטשמע צו קרעטשמע; פון אָרעמקייט צו דלות, און ביי אים אין הויז קען לייבל נישט איינרוען אין דער עשירות. הייסט ער שפּאַנען די פערד און לאָזט זיך אַרויס זוכן ר׳ הירשן. ער פאָרט איבער די וועגן, און אַ פריער פון אים פאָרט זיין עשירות. אַז ער עפנט די טיר פון אַ קרעטשמע, טרעט אַריבער זיין גבירישקייט די שוועל, איידער ס׳באַווייזט זיך דער צער פון אַ טאַטן.

מען נעמט אים אויף מיט כבוד; דער קרעטשמער מיטן ווייב טראָגן אים אַנטקעגן מיט הכנעה זייער גוטסקייט, נאָר זיין גרויסער שטאַט זונדערט אים אָפּ פון זייער אָרעמקייט. זיינע רייד זיפּן זיך אויס אין דעם גבירישן מלבוש, און דעם קרעטשמערס ווערטער היפּן זיך איבער אין די רייד.

הייבט אָן דער מאַן, מישט זיך אַריין דאָס ווייב; זאָגט עפּעס דאָס ווייב, פאַרריכט עס דער מאַן:

— יאָ, איבערגענכטיקט.

— מער ווי דעם טלית און תפילין טראָגט ער נישט.

— ניין, איך האָב געזען אַ ספר...

— ער האָט ביינאַכט אַריינגעקוקט אין ספר; איז געוואָרן ליכטיק אין שטוב ווי שבת צו קידוש...

— וווּהין איז ער אַוועק?

— איך זע נאָך איצטער ווי ער גייט אַריין אין שטוב מיטן גוט מאָרגן.

— ווען איז ער דאָ געווען?

— אַזאַ צדיק זיצט נישט אויף איין אָרט.

— ווי׳נציק צרות זענען פאַראַן ביי יידן.

— מסתמא צו יאַנקל דעם שמיד, אָט דאָ נישט ווייט, אַ וויאָרסט זיבן,

— אַ שמיד?

— יאָ, ביי אים האָט פאַר קיין ייד געדאַכט געטראָפן אַן אומגליק, אַ יונג ייִנגל, בלוט און מילך...

— שוין אַ בחורל; געוואָרן בר־מצווה...

— האָט ער זיך איינגעשמועסט, אַז מען וויל אים בינדן ביינאַכט, כאַפּט ער די פערד, וואָס מען ברענגט צו דער קוזשניע און רייט אַוועק מיילן ווייט.

— ס׳איז, ח״ו, נישט קיין חלאת, נאָר אַן איינרעדעניש.

— וועט אים אפשר ר׳ הירש איבעררײדן...

— אַי, אַי זײנס אַ וואָרט...

— זײנס אַ וואָרט... טוט אַ זיפץ קרינסקי מיטן אומעט פון דעם קרעטשמערס אָרעמקײט. אים גײט נישט אַרויס פון זינען, אַז פּיניעס טאַטע איז אויך געווען אַ שמיד. רעדט ער זיך אײן: אפשר דאַרף אַזוי זײן, ווער ווײסט ווי אַזוי ס׳ציט זיך דער וועג צום זיווג...

צו יאַנקל דעם שמיד גײט קרינסקי אַרײן אין שטוב ווי אַן אײגענער מענטש. נאָר דאָס ווײב ענטפערט אים קאַלט און פרעמד: איך ווײס נישט, מײן מאַן איז אין קוזשניע.

— און וואָס מאַכט אײער ײנגל?

— מײן ײנגל? טראַכט דאָס ווײב, ערשט אַ פּאָר טעג, אַז ער איז געהאָלפן געוואָרן, האָט זי מורא פאַר אַן עין הרע:

— דאַנקען גאָט...

— און ווו איז דער מאַן?

— אָט דאָ אין קוזשניע, ער וועט אײך זאָגן...

נאָר דער מאַן איז אין קוזשניע קאַרגער אין די רײד פון דעם ווײב אין שטוב:

— קוים זיך אײנגעבעטן, ער זאָל שטײן נאָך אַ טאָג.

— און אײער ײנגל?

— איר זעט דאָך, דער טאַטע איז אַ שמיד, שטײט מיטן האַמער בײ דער קאָוואַדלע, לערנט דאָס ײנגל בײ אַ מלמד.

— און וווּהין איז אַוועק ר׳ הירש?

— איר ווײסט נישט, איך ווײס אויך נישט, און ווער קען ווײסן?...

— גײט אַרום איבער דער וועלט.

— ווער ס׳גײט מיטן זאַק אויף דער פּלײצע און בײט אויס טעפּ ײדישע צרות אויף הויפּנס פרײד; און ווער ס׳יאָגט זיך אַ פריער, אים זאָל אָנקומען אַ גרעסערער חלק פון טאָפּ.

קרינסקין דוכט זיך, אַז דער שמיד ווײזט אָן אויף זײן פּאַיעטאָן מיט די פּאָר פערד, לאָזט ער אַראָפּ דעם קאָפּ: ווער קען עס איבערצײלן די טריט און אויסרעכענען די וועגן... ער באַנעמט אָבער ר׳ הירשס רײד, אַז מען דאַרף זיך געבן אַנגײן „ביז דער כעס וועט אָפּגײן בײ דעם שמיד״

און לייבל זאָל געהאָלפן ווערן ווי זיין יינגל. שטייט ער נישט איין אויף איין אָרט און יאָגט זיך פון קרעטשמע צו קרעטשמע.

וואָס ווייטער קרינסקי פאָרט אַוועק פון דער היים, אַלץ פרעמדער ווערט ער די מענטשן און אים ווערט שווערער עפּעס צו דערגיין וועגן ר׳ הירשן.

— ווען, ווו, ווער? הייבט אָן אַ ישובניק טראַכטן: פאַרוואָס יאָגט זיך אַן עושר, ווי אַ פּריץ מיט אַ פּאָר פערד, נאָך אַ יידן, וואָס מער ווי טלית און תפילין מיט אַ גוט וואָרט טראָגט ער נישט... ער קוקט אַריין טיפער דעם גרויסן שררה אין פּנים אַריין — פאַר וועמען פאַרשטעלט ער זיך? און זיין חשד ווערט שטאַרקער:

— יאָ, ער הייסט טאַקע ר׳ הירש; אַזאַ ייד האָט נישט וואָס צו באַהאַלטן זיין נאָמען. ער גייט דאָך צופוס, איז אַ קונץ אָנצויאָגן אים מיט אַזאַ פּאָר פערד.

זעט שוין קרינסקי אַז גבירישקייט שיינט ווייטער פון דעם נאָמען און פאַרבלענדט מענטשן די אויגן. ער פאַרשטייט אַז אין דעם רייכן שטעל פון פאַיעטאָן מיט די פּאָר פערד און קוטשער קען מען זיך קיין סך נישט אָנגיין... און אַוודאי ווייט נישט דערגיין...

## יט

האָט זיך קרינסקי אומגעקערט אַהיים; און אויפן וועג, אין גבירישן פאַיעטאָן מיט די פּאָר פערד און קוטשער, האָט ער געזען דעם טאַטנס פערד און וואָגן, וואָס האָט זיך געצויגן נאָך אים איבער די דערפער. אים וועט נישט אַרן, אַז ער וועט דאַרפן אויסטאָן זיין רייכקייט און זוכן זיין חיונה ביים גוי...

און אין דער אָרעמקייט, האָט זיך קרינסקין געדוכט, אַז ער האָט אַראָפּגענומען פון זיך אַ יאָך: ער דאַרף נישט פאָרשטעלן פאַר די גראַפן, פּריצים, בערטשען, איטשע דעם קרעטשמערס זון פאַר „פאַן קרינסקי“, און פאַררייסן פאַר דער וועלט דעם קאָפּ אונטערן קאַפּעליוש. אויפן וועג, איבער די יידישע הייזער, וועט זיך דער קרעטשמער, דער שמיד, דער שוסטער, נישט אויסהיטן פון שררה, ווי פון אַקציזניק, אוריאַדניק...

אין זיינע טיפע טראַכטונגען, ווי אין אַ דרעמל, האָט ער אויסגע־לייגט די רייד פאַרן ווייב, איר זאָל נישט פאַלן שווער די אָרעמקייט: דו

האָסט דאָך אַליין געזאָגט, אַז גאָט גיט און נעמט צו. האָבן מיר געהאַט עשירות מיט אַזאַ אומגליק, ווען מיר אפשר איצטער געהאָלפן ווערן אין אונדזער אָרעמקייט מיט דער גאָטספאָרכטיקייט, וואָס רוט אין די יידישע הייזער אויף די ווענט, און דער אומגליק וועט זיך אָפּטאָן פון אונדזער הויז.

פאַן קרינסקי איז אָבער אָרעמער נישט געוואָרן. פאַר דער צייט, וואָס ער איז געווען אין וועג, האָבן זיינע מענטשן אַכטונג געגעבן אויף זיינע געשעפטן, אָט אַזוי ווי זיי האָבן אָפּגעהיט זיינע עסקים, ווען ער איז אַרויסגעפאָרן אויף זיינע לאַנגע נסיעות פון מסחר. און ווי אַלעמאָל האָבן זיי זיך איצטער איבערגענומען מיט זייער אַרבעט, און געוואַרט אויף אַ לויב־וואָרט פון דעם גרויסן אויפטוער — דעם באַלעבאָס.

פאַן קרינסקי האָט זיך איינגעהערט צו זייערע רייד, געקוקט אויף דער עשירות וואָס וואַקסט אַרויס פון די רעכענונגען, נאָר ער האָט פאַר־מיטן אַ וואָרט פון זיינע מענטשן

האָבן די מענטשן געוואָלט באַפּעסטיקן זייערע רייד:

— די תבואה האָט מען שוין אַריינגענומען, די פּריצים שרייבן אונטער די קאָנטראַקטן, לאָזן זיך האַנדלען.

— יאָ... הייבט אויף קרינסקי די אויגן: דער אויבערשטער האַנדלט אויך מיט מיר. איך ווייס אָבער נישט ווער ס׳פאַרדינט פון דעם געשעפט...

ווער קען עס אויסרעכענען זיינע רעכענונגען... שמייכלט קרינסקי אין זיין אונטערגעשוירענער באָרד: זיי ווייסן נישט, אַז אַ גרויסער היזק וואָלט פאַר אים געווען נאָך אַ גרעסערער ריווח.

בערטשע פאַרענטפערט אָבער זיינע מענטשן: אַז ר׳ הירש האָט צו אים גערעדט אָט טאַקע וועגן דעם היזק, האָט ער פאַרשטאַנען וואָס ער האָט אים געזאָגט. און איצטער קען עס זיין ווייב באַנעמען? זי פאָרט נאָך אַלץ צו זנאַכערס, ברענגט סגולות, עצות און זעט נישט איין אַז דער ענין איז גאָר אַן אַנדערער...

דער „ענין" טוט זיך אָבער נישט אָפּ פון בערטשעס אויגן; ער קוקט זיך איין אויף לייבלען און טראַכט: וואָס איז דער חילוק; דעם שמידס יינגל האָט געריטן אויף פערד, און לייבל טרעט אויס אַ פּאָר שיך אַ טאָג... טאַקע, דאָ אַ פּאָר שיך, דאָרטן אַ פּאָר פערד, אָבער אומעטום פירט מען אים אַנטקעגן דעם שמיד...

דער טאַטע קען נישט צוזען ווי דאָס יינגל בייסט זיך איין אין די

פענצטער און לאָזט גליווערן די אויגן אין דער לופטן, מיט דער שטראָף, וואָס קומט אים, דעם טאַטן. פאַרהאַלט ער נישט לייבלען אין הויז און לאָזט אים אַוועקגיין: וווהין האָט ער, נעבעך, צו גיין; ער קומט צוריק...

בערטשע דערהיט אָבער אַ מינוט, ווען אים דוכט זיך אַז לייבל טראַכט אַליין, צי זאָל ער אַוועקגיין, אָדער בלייבן אין שטוב, און ער פּרוּווט זיך פאַנאַנדערריידן מיט לייבלען: יאָ, ביים שכל, רעדט ווי אַ בר־דעת, נאָר אַן איינרעדעניש...

דער טאַטע ווייסט שוין נישט, וואָס האָט זיך לייבל איינגערעדט, צי ער וויל אַרומגיין איבער דער וועלט ווי ר׳ הירש, אָדער ער וויל ווערן אַ בעל־מלאכה ביי פּיניע דעם שוסטער.

— און אפשר איז דאָס איין זאַך, טראַכט זיך אַריין בערטשע: אַז ער וועט געפינען ר׳ הירשן וועט לייבל ווערן אויס בעל־מלאכה און וועט דערקענען שיינדלען.

ער קען אָבער נישט פאַרשטיין פאַרוואָס איז חנהטשע אַזוי אַריינגעטאָן אין די געשעפטן. לייגט ער אַוועק די רעכענונגען:

— איך וויל נישט דעם בייט; איך וויל נישט אויסבייטן די דאַרע, אויסגעטריקנטע הענט פון גראַף אויף מיין קינד.

— און איטשע דער קרעטשמער האָט בעסער אויסגעפּירט?

דערשרעקט זיך חנהטשע: זי דאַרף שוין היטן אויף דעם טאַטן...

— איטשע דער קרעטשמער האָט נישט געוואָלט פּירן די וועלט, איז ער נישט אַראָפּ פון וועג.

— פאַרוואָס זאָלסטו נישט גיין אין זיינע וועגן? ווייסט נישט חנהטשע צי זי גיט נאָך דעם מאַן, אָדער וואַרפט אים עפּעס אויף.

— אויף דעם טאַטנס וועגן וועל איך אפשר אָניאָגן ר׳ הירשן.

— אַרויסגעלאָזן פון הויז, טוט אַ זיפץ חנהטשע: אפשר קען פון אים קומען די רפואה;... זאָל ער זיך מיען אויף יענער וועלט... אַ טאַטע... ס׳איז דאָך אַן אייגן קינד, וואָס איז לייבל, נעבעך, שולדיק?

— זאָג, חנהטשע, האָסטו אַמאָל דערמאָנט דעם טאַטן, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל ער האָבן?

חנהטשען איז שווער צו געבן גערעכט דעם מאַן, זי זוכט אָבער אויס־צוקויפן זיך פון אַן עבירה:

— אפשר וואָלסטו צוגעגאַנגען אויף קבר־אבות?

— אָבער נישט אין מיין עשירות, נאָר אַזוי ווי דער טאַטע ע״ה איז אַרומגעפאָרן איבער די דערפער.

— איך האָב נאָך נישט אַוועקגעגעבן דיינע אַלטע בגדים, זיי באַ־ווייזן זיך עפּעס נישט איצטער, זאָל ער זען, אַז מען איז נישט פאַר־פרעמדט געוואָרן.

כ

האָט בערטשע אָנגעטאָן זיינע אַלטע בגדים און איז אַוועקגעגאַנגען אויף די וועגן פון זיין טאַטן, איטשע דעם קרעטשמער, ער זאָל געהאָלפן ווערן, און קומען אויף די טריט פון ר׳ הירש דעם מלמד.

— פון וואַנען איז אַ ייד?

בערטשע זעט, אַז ער איז שוין וייט פון דער היים:

— פון דער וועלט...

— געלויבט דער אויבערשטער וואָס אַ ייד באַווייזט זיך.

— אַ ייד ציט צו אַ ייד...

— אפשר וועט איר שטיין איבער נאַכט?

— ניין, דער טאָג שטייט נאָך הויך, וועל איך ביז מעריב ציען צו נאָך אַ יידיש הויז.

טראַכט דער קרעטשמער; ר׳ הירשס רייד... און שטייט צו שטאַר־קער, דער אורח זאָל איבערנעכטיקן ביי אים.

בערטשע דערמאָנט אָבער נישט ר׳ הירשן. ער האָט געזען אַז מיט זיין פרעגן דערפרעגט ער זיך נישט. וואַרט ער ביז אַ ישובניק וועט אַליין אָנהייבן דערציילן וועגן דעם גוטן ייד, וואָס גייט אַרום ווי אַן אָרעמאַן איבער די הייזער, אפשר וועט דער זכות פון די רייד מגין זיין ער זאָל אים דעריאָגן.

און די רייד קומען אַליין אין די צעשפרייטע יידישע שטיבער. אין זייער בענקעניש נאָך גאָטס וואָרט, אין דעם אומעט פון זייער עלנטקייט, טרייסטן זיך די יידן מיט ר׳ הירשס זאָגונגען, וואָס טוען זיך נישט אָפּ פון זייערע הייזער. זיי מישן צונויף דעם גוטן יידס אַ וואָרט מיט די מעשות וואָס זיי געדענקען פון די באָבעס און זיידעס, פלעכטן צונויף מיט די וונדער, וואָס די אורחים ברענגען פון די וועגן, און ריידן איבער

ר׳ הירשס רייד, ווי זיי לייענען אַ תחינה, ווי זיי בלענדן די אויגן איבערן עברי־טייטש פון אַ תפילה.

— ווער קען נישט ר׳ הירשן?

— אַז איר זעט אים איינמאָל, שטייט ער אַ גאַנץ לעבן פאַר די אויגן.

— ווער ווייסט... פאַרשטעלן זיך, מען זאָל זיי נישט דערקענען, האָבן מורא פאַרן כבוד...

— אַז עשוקע בושעוועט, באַהאַלט זיך יאַנקעלע...

— אָי, אָי... אַז מען זיצט אַליין...

— ווי גוט איז אַז מען דערזעט אַ יידן...

— אפשר איז שוין געקומען די צייט, מען זאָל אָנזאָגן...

— ערשט אַוועק... איר האָט אים אַוודאי געטראָפן

— איר וועט אים נאָך אָניאָגן, אָבער וואַשט זיך, נעמט פריער עפּעס אין מויל אַריין.

בערטשע איז נישט הונגעריק, ער ווערט זאַט פון די רייד וואָס ער הערט וועגן דעם גוטן ייד. אים קלעקן אָבער נישט קיין טריט אָנצויאָגן ר׳ הירשן. שפּאַרט ער אונטער דעם וועג מיט דער האָפענונג וואָס לייכט אַרויס פון די יידישע שטיבער. אים דוכט זיך, אַז ער וועט באַלד דערזען דעם רבין, און קענען זאָגן צו אים: ר׳ הירש איר זייט גערעכט: איך דאַרף טאַקע בעטן מחילה, דער ווינט שפּאַרט אָבער דעם מהלך ווייטער, אַ לײדיקן, אַ פּוסטן, און טראָגט בערטשעס רייד אַפריער פון אים: איך האָב גאָרנישט געוווסט ווער ס׳איז געווען ביי מיר אין הויז...

כא

און ווי דער טאַטע גייט אַרום איבער די וועגן און זוכט ר׳ הירשן, אַזוי שפּאַנט לייבל איבער די פעלדער און קוקט אויס שיינדלען.

אים ציט צו דער קרענעצע. ער קומט אַהין פאַרנאַכט, איידער די זון פאַרגייט און וואַרט אויפן באַרג אין וועלדל, די טונקלקייט זאָל זיך אָפּזעצן אויף די פעלדער. ער ציילט די צווייגן פון די ביימער און רעכנט וויפל טריט ס׳דאַרף נעמען שיינדלען ביז זי וועט קומען צו אים.

און אַז ער דערזעט פון ווייטן ווי דער קרוג שפּאַרט זיך אַרויס העכער פון קאָפּ, לאַכט ער זיך פאַנאַנדער מיט אַ געשריי, וואָס שטיקט זיך

אין האַלדז: ניין, מען וועט אים נישט אָפּנאַרן! ער וועט זיך באַהאַלטן; זיך נישט באַווייזן, זאָל זי אים זוכן...

נאָר לייבל באַהאַלט זיך נישט, און לויפט אַנטקעגן דעם קרוג וואָס שווינדלט אים פאַר די אויגן:

— אָטאָ!...

שיינדל לאָזט אַראָפּ דעם קרוג אויף דער ערד, הייבט אויף ציטע־ריק דעם קאָפּ, ווי זי וואָלט באַטראַכט לייבלען פון וויטן:

— ווי אַזוי ביסטו געקומען אַהער?...

— ניין, ניין איך וויל נישט אַזאַ כלה!... שפּרינגט אָפּ לייבל אַ טראָט, נאָר ער גייט נישט אַוועק. ער בלייבט שטיין פאַרגליווערט אין זיין געשריי, הייבט אויף איין פוס, שפּאַרט אים אָן אויפן קני און וויל אויס־פּרובירן צי ער קען שטיין אויף איין פוס.

— און איך וויל נישט אַזאַ חתן! ציטערט שיינדל אין פּחד פון איר אייגן קול.

לייבל נעמט נישט אַראָפּ די אויגן פון שיינדלען און שמייכלט מיט נצחון איבער טאַטע־מאַמע, וואָס קענען אים נישט אָפּנאַרן מיט דער אונ־טערגעשטעלטער כלה. ער וויל זיך אָפּרעכענען מיט דער כלה און באַווייזן איר ווי שיינדל קומט צו אים אונטערן בוים;

— אָט אַזוי אָ... נעמט ער פאַנאַנדער די הענט און קוקט ווי שיינדלס נאַקעטקייט גנבעט זיך דורכן פענצטער צו אים אין קאַמער אַריין.

שיינדל ציטערט, דער אונטערגעשטעלטער חתן זאָל זי נישט אַרומ־נעמען און זי קאָרטשעט זיך איין אין איר לייב; זי קוקט זיך אַרום ווו שטייט די מאַמע און וואַרט לייבל זאָל קומען זי אַרויסראַטעווען. דער פאַרנאַכט לייגט אָפּ געדיכטער די טונקלקייט. שיינדל זעט שוין נישט דעם חתן, און לייבל באַוויזט זיך נישט. וויינט זי זיך פאַנאַנדער: ניין, ניין... לייבל, לייבל, ווו וואַרטסטו? און קלאָגט אויס חנהטשעס רייד, ווי אַ קללה: אַוועקגעפאָרן,... אַוועקגעשיקט... פאַריאָגט...

די מאַמע זעט שוין דעם אומגליק: ער האָט זיך ווידער באַוויזן... פירט זי שיינדלען אַהיים מיטן ליידיקן קרוג.

שיינדלען שרעקט אָבער די שטוב, ווי דאָס פעלד אין די שאָטנס פון פאַרנאַכט. טוליעט זי זיך צו דער מאַמען: קיינער איז אין הויז נישטאָ...

— אָטאָ איז דער טאַטע, אָטאָ... פאַרריכט עפּעס די מאַמע אויף שיינדלס אָנטועכץ: וואָס איז מיין קינד?...

— איך וויל אַוועקפאָרן, אַוועקגיין...

— די מאַמע וועט מיט דיר גיין...

— און דער חתן?

— אַז דער קאָפּ וועט זיך אויסלייטערן ביי אים...

— ניין, ניין, איך וויל נישט, איך דאַרף נישט די רייכקייט...

קען שוין ראַכטשע נישט איינהאַלטן די טרערן:

— וואָס בלייבט דעם מענטש פון זיין עשירות? זעסט דאָך... און זי האָט מורא צו דערמאָנען קרינסקיס נאָמען.

ראַכטשע וויל ברענגען איר אָרעמקייט — אַן עדות פאַרן רבונו של עולם. זאָל ער זען, אַז זי איז נישט מקנא קיין פערל, בריליאַנטן, טאָ פאַרוואָס קומט איר אַזאַ שטראָף? זי שפּאַרט זיך אָן אויפן מאַנס וואָרשטאַט:

— וואָס זאָגסטו פיניע?

— דער מענטש ווייסט נעבעך נישט, ווען ער זינדיקט.

— ער מיינט, אַז די עשירות מאַכט אים פאַר אַ יחסן ביי דעם אויבערשטן.

— דער אומגליק גלייכט אַלעמען אויס; ביי דעם פאַהאַרער האָט די אָרעמקייט געקלאָגט אין דער פּוסטער קרעטשמע און ביי קרינסקין קאָרטשעט זיך די עשירות אין אַ ליידיק הויז.

— קיינער האָט עס, נעבעך, נישט געזען, מאָנט ראַכטשע ביי זיך אַליין.

— עשירות רייט אויף אַ פאַרריסענעם קאָפּ, באַהאַלט זיך די אָרעמקייט אין די טאָרבעס, דוכט זיך פיניען אַז ער האָט אַליין פאַרענטפערט דעם ווייב: אַזוי איז איינגעשטעלט די וועלט.

ער קען אָבער זיך נישט שענקען: ער אַליין האָט זיך נישט אַרומגעקוקט ווי דער פאַהאַרער האָט אויפגעהערט קומען דאַוונען צו קרינסקין שבתים פריער, איידער ער איז געשטאָרבן. זיין זינד איז האַרבער; ער אַליין מאַטערט זיך אויפן שטיקל ברויט, דאַרף ער וויסן ווי טייער איז די תורה אין אָרעמקייט.

קען ער נישט איינזיצן ביים וואַרשטאַט, אַט אַזוי ווי בערטשע קען נישט איינרוען אין דער עשירות פון זיין הויז:

ער האָט נישט געטאָרט שווייגן, געדאַרפט אַ קלאַפּ טאָן מיטן האַמער אין טיש, דער מנין מוז בלייבן ביים פּאַהאַרער, גנבענן זיך אונטער די רייד אונטערן וואַרשטאַט, ווי די שאַרף פון זיין מעסערל נאַרט אַרויס דעם זוים פון רימען אונטערן נאט, און זיי יאָגן אים אַוועק צו קרינסקין:

— מען דאַרף תשובה טאָן, צדקה געבן...

בערטשע איז נאָר וואָס געקומען פון וועג. ער האָט נאָך נישט אויסגעטאָן די אַלטע בגדים און וויגט זיך אין די מעשיות וואָס ער האָט געבראַכט פון די יידישע הייזער. טראַכט ער: דאָס לעבן קנוילט זיך ווי אַ קנויל אָן דיין וויסן, אָן דיין ווילן, די געשעפטן גייען... די גראַפן סילוקן די וועקסלען... די פעלדער גיבן זייער גערעטעניש... אַז ס'פאַרפּלאָנטערט זיך ח״ו אַ פאָדעם, העלפט נישט קיין שכל, קיין וויסן, נאָר... נאָר... אפשר... אים אַליין איז דאָס שווער צו באַנעמען און ער ווייסט נישט ווי צו געבן פאַרשטיין דעם ענין פּיניען, פאַרענטפערט ער זיך:

— איך גיב, גיב, צייל נישט, נאָר ס'ווערט מערער, ס'גייט אויף אַליין, אָן הייוון...

טראַכט פּיניע דער שוסטער, אַז מען האָט עס אין האַנט, ווייסט מען נישט דעם ווערט פון דעם, מען מיינט, אַז ס'קומט. שאַרפט זיך אַרויס ביי אים: וואָס וועט זיין?... און דערשלינגט קרינסקיס נאָמען.

— דו מעגסט זאָגן בערטשע און טאַקע אויפהערן אירצן, הלוואַי וואָלט פאַן קרינסקי געפאָלגט דעם טאַטן און געבליבן ביי בערטשע.

— וואָס וואָלט געווען? רעדט זיך אַרויס ביי פּיניען אַ צו להכעיס.

— וואָלט איצטער פאַן קרינסקי נישט געדאַרפט אַרומגיין זוכן בערטשען און לייבל וואָלט געזעסן ביים טיש און געלערנט...

טראַכט פּיניע, אַז חנהטשע איז טאַקע גערעכט; זי דאַרףביידע היטן — דעם טאַטן מיטן זון. מיט איר קען ער נאָך ריידן, מען זאָל זען נאָך אַ דאָקטאָר, אַ גרויסן דאָקטאָר, אַ פּראָפעסאָר, אַוועקפאָרן איבער דער וועלט. מיט אַזאַ פאַרמעגן קען מען גאָר קיין רפואה נישט געפינען?...

## כב

חנהטשע זיצט אויפן שווערן פאָטעל, ווי זי וואָלט אַרויסגעפאַלן פון איר רחבות, און קוקט אויפן מאַן: דער טאַטע מיטן זון ווי צוויי גופים פון איין נשמה; דאָס ייִנגל דערקענט נישט דאָס הויז און דער טאַטע האָט פאַרגעסן אַז מיידלעך שטייען אין שטוב, אין שידוכים...

זי וויל פרעגן ביי בערטשע: ווער עמעצער שיקן אַהער אַ שדכן?...

זי ווייסט שוין וואָס ער וועט ענטפערן. דערמאָנט זי אים נישט, אַז בערטשע האָט כאָטש איצטער געדאַרפט פאָלגן דאָס ווייב, און רעדט אריין אירע רייד צו פיניע דעם שוסטער.

זי נעמט אים אויף אין איר רייך הויז, ווי זי וואָלט געזעסן מיט אים אין זיין אָרעמקייט: און מיר איז בעסער?

— אָבער, אָבער... דאָס מיידל גייט איין, און לייבל קומט אום, גיט ער צו, מען זאָל נישט מיינען, אַז ער זאָרגט בלויז וועגן זיין טאָכטער.

— אפשר וועט איר אים איבעררייד, ער זאָל נישט פּראַווען קיין משוגעת און נישט אַוועקגיין פון דער היים?

— וועט זיך לייבל פאַרקוקן אויף אים, וועקט זיך אויף אַ האָפע־נונג ביי פיניען.

— ער לאָזט זיך נישט ריידן, ווי דער טאַטע.

— אַז ער זעצט זיך אַמאָל אַוועק ביי מיר, ביי מיין וואַרשטאַט, דוכט זיך מיר אַז אָט, אָט...

— מיך אַרט נישט, זאָל ער זיך לערנען אַ מלאכה, טוט אַ קוק חנהטשע אויף איר הויז און איר דוכט זיך אַז די ליידיקייט האָט איינגע־קרעמפּעוועט יעדעס קינד באַזונדער, די פוסטקייט זאָל זיך אָנזען אין אירע אויגן: וואָס האָב איך פון די געשעפטן? ליגן אין פרעמדע הענט, און מיר וואַרפט מען צו די ליידיקע שעלעכלעך פון די ניס.

חנהטשע גיט זיך אונטער: אפשר וועט איר טאַקע ריידן צו אים; צו אייך דאַרף ער דאָך נישט האָבן קיין שנאה און צו ראכטשען אַוודאי נישט.

זי קוקט אויף פיניען, אָט אַזוי ווי זי נעמט צו די סגולות ביי די זנאַכערס, און פיניע ציטערט ווי ער וואָלט געטראָגן אין די הענט די ישועה פאַר די קינדער.

אַמאָל דוכט זיך אים אַז ביי שיינדלען האָט זיך עפּעס איינגע־שטילט. אַז ער טוט אָבער אַ קוק ווי זי באַהאַלט דעם קרוג ביי זיך אין חדר און הייבט זיך אָן אין מיטן העלן טאָג פּוצן אין זון פון פענצטער, ווי אין אַ שפּיגל, זעט ער אַז בערטשע איז גערעכט: דער ענין איז אַן אַנדערער, קיין רייד וועלן נישט העלפן. קען ער קיין איין מינוט נישט איינזיצן ביים וואַרשטאַט: צו אַ דאָקטאָר, צו אַ גוטן ייד דאַרף ער אַליין אויך פאָרן, און אים טאָר ער אין שטוב נישט אַריינלאָזן.

כג

לייבל מיידט אָבער נישט אויס פּיניע דעם שוסטערס הויז. ער קומט, שטעלט זיך אַוועק ביי דער טיר, קוקט, קוקט און פרעגט נישט. ער ווייסט אַליין: מען האָט זי באַהאַלטן און אונטערגעשטעלט אַ כלה...

יאָגט ער זיך אַוועק צו דער קרענעצע און וואַרט אָפּ דעם פאַרנאַכט:

— אָטאָ בין איך!

שיינדל לאָזט אַראָפּ דעם קרוג, וויל צוגיין צו לייבלען, נאָר זי בעט זיך: איך האָב מורא...

— ניין, נישט מיין כלה?, שפּאַרט אַריין לייבל די אויגן אין שיינדלס פּנים און לאַכט זיך פאַנאַנדער: מיך וועט מען נישט אָפּנאַרן...

— און איך וועל נישט פאַרבייטן, לייכט זיך דורך אַ שטאָלץ אין אירע אויגן.

ווערט לייבל רויקער: און אָטאָ איז לייבל.

— און אָטאָ איז שיינדל, טוט אַ ציטער דער קרוג, נאָר זי זעט ווי דער חתן שטעלט ברייטע טריט, שפּרינגט פון איין פוס אויף דעם אַנדערן. בעט זי זיך אָפּ ביי דער מאַמען: לייבל איז קיינמאָל אַזוי נישט געגאַנגען...

— אפשר דוכט זיך דיר מיין קינד, וויל די מאַמע נאָכגעבן שיינד־לען און איינריידן איר, זי זאָל פאַרגעסן אין לייבלען און דעם חתן.

און לייבלען גיט מען אויך נאָך אין דער היים, ער זאָל צוריק פאָרן אין די מרחקים. נאָר לייבל פאָרט נישט אַוועק אין די מרחקים. ער קומט צו פּיניע דעם שוסטער אין הויז און ער וואַרט ביי דער קרע־נעצע. שיינדל פּוצט זיך אין מיטן העלן טאָג אין זון פון פענצטער און היט דעם ליידיקן קרוג ביי זיך אין חדר.

באַגעגענען זיך לייבל און שיינדל, ווי די קינדער, וואָס באַהאַלטן זייער ליבשאַפט אין פאַרנאַכט פון קרענעצע. ס׳דוכט זיך אַז שיינדל וועט שעפּן און שעפּן דאָס וואַסער אין קרוג און לייבל וועט איינבייגן און אַראָפּבייגן דעם קאָפּ אין שפּיגל פון דעם קוואַל.

נאָר ווי און ווינד: איין וואָרט, אַ תנועה, דערזעט לייבל די אונ־טערגעשטעלטע כלה, און שיינדל דערשרעקט זיך פאַרן פאַרשטעלטן חתן. זיי דערווייטערן זיך און פרעמדן זיך אָפּ אין דעם פּחד פון דער נאַכט, מיט דער בענקעניש וואָס לאָזט נישט רוען די גלוסטונג פון חתן צו דער כלה.

*

אַז מיין באָבע, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל זי האָבן, איז געזעסן אויף דער קאַנאַפּע לעבן קיילעכדיקן טיש און דערציילט די מעשיות אין זשירעווע, האָט זי אַוודאי נישט געטראַכט, אַז אין יאָרן אַרום וועט משה יודל זיצן אין ניו־יאָרק, ביי זיך אין שטוב, און איבערדערציילן די געשיכטעס. זי האָט זיך נישט געהאַלטן ביי די כללים פון דעם בליי, וואָס מעסט אויס און שטעלט די שורות אין פאָרם פון דעם בלאַט. זי האָט דערציילט די מעשיות נאָך דעם שטייגער ווי מען האָט גערעדט אין זשירעווע. ביים סוף האָט זי נישט פאַרגעסן נאָך אַמאָל דערמאָנען די מענטשן, וועגן וועמען ס׳האָט זיך גערעדט אין דער געשיכטע, זיי זאָלן נישט פאַרשעמט ווערן.

וויל דער מחבר נאָכטאָן דער באָבע און נאָך אַמאָל אויפרופן די יידן, מיט וועמען ער האָט חדשים נאָכאַנאַנד געטרונקען צוזאמען פון זייער צער און האָט געוואַרט צוזאַמען מיט זיי אויף אַ טרייסט.

ער דערמאָנט זיך, ווי מען האָט גערעדט אין זשירעווע, אַז פון קרינסקיס גבירישקייט און פיניעס אָרעמקייט איז געוואָרן איין הויז, ווי אַ שטוב מיט אַ קאַמער, און מען האָט זיך נישט פאַרגעסן דערמאָנען: „וואָס איז עשירות״...

פיניע דער שוסטער האָט נישט געקענט איינזיצן ביים וואַרשטאַט, ווי שיינדל האָט נישט איינגערוט ביי זיך אין קאַמער. ער איז געגאַנגען צו פּאַן קרינסקי דעם גביר, דעם אויפטוער, און געטראָגן די האָפענונג אויפן שפּיץ נאָז, נאָר געקומען איז ער צוריק פון בערטשע, איטשע דעם

קרעטשמערס זון, און געקלאַפּט די פּלעקלעך אין די פּאָדעשוועס: וואָס האָט ער אויסגעפּירט; דער טאַטע איז אַרומגעפּאָרן איבער די דערפער זוכן חיונה און ער גייט אַרום איבער די וועגן זוכן ר׳ הירשן.

ראַכטשע האָט זיך נישט אויסגעגלייכט מיט חנהטשען. חנהטשע האָט געזיפצט, אַז איר איז ענגער אין איר עשירות, ווי ראַכטשען אין דער אָרעמקייט, נאָר פיניע דעם שוסטערס שוועל האָט זי קיינמאָל נישט איבערגעטראָטן. און ראַכטשע האָט זיך געבעטן ביים רבונו של עולם, אַז איר אַרט נישט די אָרעמקייט, ווען זי האָט אָבער קרינסקיס געלט, וואָלט זי געקענט ראַטעווען איר טאָכטער.

און דעמאָלט, ווען ס׳האָט זיך געדוכט, אַז אַ מענטש קען נישט געלייטערט ווערן פון זיינע זינד, און קריג און קנאה וועט נישט אָפּגעטאָן ווערן פון פנים פון דער ערד, האָבן אויפגעלויכטן די מעשיות וועגן ר׳ הירשן, וועגן די גוטע יידן, וואָס מען האָט דערציילט שבת בין מנחה למעריב ביים זיידן אין שטוב, און די רייד האָבן געשטאַרקט דעם בטחון, אַז דאָס פאָלק ישראל וועט אויסגעלייזט ווערן פון גלות און זיך אומקערן צוריק קיין ארץ־ישראל — אין לאַנד ישראל.

# העכער פון דער ערד

(אַ געשיכטע וואָס איז פּאַרלאָפן אין יאָרן אַרום)

א

אַמאָל, אַמאָל, אין אַ צייט אַרום, מיט דורות שפּעטער, איידער דער ווינטער האָט זיך דערוואַרט אויפן זומער און דער זומער איז נאָך נישט פאַרגאַנגען אין ווינטער, אין דעם יאָר תרפ״ט אלפים, האָבן זיך די לייט פון וויסן פון זשירעווע פאַרמאָסטן מיט דעם בורא עולם, ווי דער דור הפלגה אין די אַמאָליקע צייטן. זיי האָבן זיך אויפגעהויבן אויף זייערע לופט־שיפן אין די הימלען אַריין און האָבן זיך אויסגעשפּרייט אין דער ברייט און אין דער לענג אויף יענער וועלט, העכער פון די וואָלקנס. זיי האָבן נישט געלאָזט רוען די מתים פון זשירעווע אין זייער רו, האָבן זיך די טויטע אַראָפּגעלאָזן אויף דער וועלט און זיך אומגעקערט צוריק צו זייערע נחלות און הייזער.

זיי זענען געגאַנגען אָנגעטאָן אין תכריכים און האָבן געקוקט אויף די תפוצות ישראל דורך די שערבלעך, וואָס האָבן געלויכטן אין זייערע אויגן מיט דעם ליכט פון יענער וועלט.

אויף דער וועלט האָבן זיך די מתים פון זשירעווע אויפגעפירט נאָכן שטייגער פון יענער וועלט. זיי האָבן נישט געוווּסט פון קיין קנאה־שנאה, ווייל דער יצר הרע האָט אויף זיי קיין שליטה נישט געהאַט. זיי האָבן נישט געהאַט קיין דאגות פרנסה, ווייל דער הונגער האָט זיך אָפּגעטאָן פון זיי. בלויז שבת און יום־טוב האָבן זיי געגרייט דעם טיש, מקיים צו זיין די מצווה פון שלוש סעודות. אַ גאַנצע וואָך האָבן זיי זיך מתעסק געווען אין די פרומע טואונגען, וואָס זיי האָבן נישט פאַרפעלט אַמאָל, ביים לעבן.

חיים לייב האָט נישט פאַרגעסן זיינע פירונגען, וואָס משה יודל האָט באַשריבן אין „אַן אורח צום סדר״. ער האָט געזוכט אַן אורח אויף שבת, ווי אין די אַמאָליקע צייטן, ווען ער איז אַרומגעגאַנגען איבער די

דערפער מיט אַ זעקל אויף דער פּלייצע, די קעלניע צוגעבונדן צו דעם שטריק פון די לענדן, און פאַריכט די אויוונס ביי די גויים.

ער האָט זיך איינגעקוקט ווי די לויטערקייט פון הימל וויגט איין די שטילקייט פון די בערג, און געטראַכט: פון וואַנען זאָל קומען אַהער אַן אורח, אַז די קלוגע לייט פון זשירעווע האָבן זיך אויפגעהויבן אויף יענער וועלט און צו שופר של משיח וועט מען גאָר דאַרפן וועקן די לעבעדיקע און נישט די טויטע.

ר׳ ישראל פירט זיך אויף די עלטערע יאָרן אָט אַזוי ווי זיין זון האָט אַמאָל באַשריבן זיינע יונגע יאָרן אין „ר׳ חיים און זיין איידעם ישראל״. ער טוט פאַמעלעך אַרומגיין ביי אים אין סאָד, אַרום די ביימער, קוקט זיך איין ווי די באַרן שפּאַרן אַרויס זייערע שפּיצן פון די צווייגן, רייסן זיך אינדערהויך, העכער פון זייער שטאַם, און שלאָגן אָפּ אויף די בלעטער די לויטערקייט פון דער זון. ער דערמאָנט זיך אין לערנען, ציט אויס אַ ניגון, און טוט זיך אַזוי אַריין אין ספר, אַז ער פאַרגעסט אַ קוק צו טאָן וואָס ס׳הערט זיך ביי די קינדער אויף דער וועלט.

די מאַמע פירט אָבער אַ רעכענונג פון די קינדס־קינדער און זי לאָזט קיינעם נישט אַרויס פון זינען. זי זיצט אין שטוב ביי דעם שטיפט פון פענצטער, לייענט דעם טייטש־חומש און נעמט נישט אַראָפּ די אויגן פון דער וועלט. אַז זי דערזעט אַ שמחה ביי אַ קינד, דערפרייט זי זיך און רופט אויס: זע, זע!... אַז ס׳קומט ח״ו אַ סכנה, הייבט זי אָן שרייען: ישראל, ראַטעווע. זי האָט אָבער נישט קיין תרעומות צום טאַטן ווען ער ענטפערט נישט. זי געדענקט נאָך פון די אַמאָליקע צייטן ווי זי איז געשטאַנען מיטן קינד אויפן האַנט לעבן פאַרקאַן פון סאָד און געדאַרפט דערמאָנען: ישראל, דו האָסט נאָך נישט געדאַוונט! — טראַכט זי: מה דאָך דעמאָלט האָט ער זיך אַזוי אַריינגעטאָן אין לערנען, אַז איר קול האָט זיך אַראָפּגעבויגן צו אים פון די ביימער ווי אַ ווינט פון די צווייגן, אַ פּשיטאָ שוין איצטער, אַז ער הערט זיך איין ווי ר׳ עקיבא זאָגט זיין שיעור. זי פאַרגיט אים אַזוי ווי זי האָט אַמאָל אויף זיין קבר אָנגע־זאָגט אים פרום, ערלעך, מיט אַ ריינעם האַרץ, אַז זי איז אים מוחל במחילה גמורה פאַרוואָס ער האָט זיך אַזוי אַריינגעטאָן אין לערנען און נישט געזען ווי זי מאַטערט זיך נעבעך אויפן אָרעם שטיקל ברויט פאַר די קינדער.

ר׳ חיים האָט פאַרגעסן זיינע תרעומות אויפן איידעם, פאַרוואָס ער האָט זיך אַמאָל דערווייטערט פון זיין הויז. ער האָט איבערגעלאָזן די ספרים ביי אים אין שראַנק און זיך אַוועקגעזעצט לערנען אין סאָד אונטער אַ בוים. קוקט ער זיך איצטער איין פון ווייטן ווי ישראל שפּאַרט זיך אין סאָד מיט ר׳ עקיבאס תלמידים אין אַ סוגיא. ער איז אים נישט מקנא מיט זיין לומדות; ער ווייסט אַז אויף יענער וועלט קען אַ מענטש נישט מחדש זיין מערער ווי ער האָט אויפגעטאָן אויף דער וועלט, און ער אַליין האָט דאָך נישט געלערנט קיין סך, קוים אָפּגעזאָגט אַ פּרק משניות. פאַרגייט ער זיך אין אַ קאַפּיטל תהילים מיטן ניגון, וואָס דוד המלך זינגט פאַרן כסא הכבוד.

דער באָבען איז אָבער שווער זיך צוגעוווינען צו דעם שטייגער וואָס די מתים האַלטן אָן אויף דער וועלט. זי קען נישט פאַרגעסן ווי אַזוי זי איז געלעגן אין קבר און געזען ווי מען האָט די יידן פון זשירעווע געבונדן ווי קעלבער, געפירט אין וועגענער צו דער שחיטה אין וואַלד פון באַשין. האַלט זי אין איין אויסריידן איר האַרץ פאַר דער מוטער רחל;

זי, די מוטער רחל, ווייסט דעם צער; זי אַליין איז געלעגן אין קבר און געזען ווי נבוזראדן האָט געטריבן אירע קינדער אין גלות; איר „מבכה על בניה״ איז נאָך ביז היינט נישט איינגעשטילט געוואָרן;

— איר בראָך איז אָבער שווערער ווי דער מוטער רחלס, טראַכט די באָבע: — יעקב אבינו האָט זי נישט געבראַכט צו קבורה קיין בית־לחם, ווייל ער האָט געהאַנדלט על פי הדיבור. אַז די מוטער רחל איז אַרויס פון קבר וויינען און בעטן רחמים ביי דעם רבונו של עולם אויף אירע קינדער, האָט זי דערהערט אַ טרייסט:

„פאַרמייד דיין קול פון געוויין
און דיינע אויגן פון טרערן
וואָרום פאַראַן אַ לוין פאַר דיין מי, זאָגט גאָט
און אונדזערע קינדער וועלן זיך אומקערן פון לאַנד פון דעם פיינט
און זיי וועלן זיך אומקערן צו זייער געמאַרק״.

— אָבער זי, די באָבע, האָט אַפילו נישט פאַרדינט ביי דעם אויבערשטן אַז מען זאָל דערהערן איר געוויין. און ווער ווייסט צי אַ ייד פאַרנעמט נאָך היינט איר קלאָג. טאָ ווי אַזוי קען זי דערציילן די מעשיות

וואָס משה יודל האָט פאַרשריבן אין זיינע כתבים וועגן די צייטן, ווען פורים האָבן געבליט די קאַרשן ביימער און שבועות איז מען געפאָרן אין שליטנס נאָך גרינס אין די וועלדער? זיצט די באָבע אין שטוב אויף דער אַלטער קאַנאַפּע און קוקט זיך איין אין פענצטער אויף דער ברייטער וועלט. זי וויל זען וואָס ס'טוען אירע קינדער און צי זיי געדענקען נאָך די צייט ווען ימח שמו וזכרו פון דעם לאַנד עמלק האָט געוואָלט אָפּמעקן דאָס פאָלק ישראל פון דעם פּנים פון דער וועלט.

ב

אומעטום זענען, געלויבט דעם אויבערשטן, פאַראַן יידן; אין איין לאַנד מערער, אין אַן אַנדערן ווינציקער, און אין דעם לאַנד חפשי מערער ווי אומעטום, כן ירבו.

די וועלט איז אַזוי ווי אַמאָל, די מענטשן זענען אויך נישט אַנדערש, נאָר די פירונגען זענען אַנדערע. מען גייט נישט צופוס, מען פאָרט נישט מיט קיין פערד־און־וואָגן, נייערט מען שוועבט אין דער לופטן אין לופט־שיפן. דאָס עסן איז אויך אַן אַנדערס ווי אין די אַמאָליקע צייטן. מען פאַרזייט עס נישט אויפן פעלד און מען נעמט עס נישט פון דער בהמה, נייערט מען גרייט עס צו אין פּראָשקעס פון דער לופט און דער זון. מען שיקט נישט אַרויס קיין חיילות אויפן שלאַכט־פעלד מיט ביקסן און האַרמאַטן, נייערט לייט פון וויסן באַשיצן מיט זייער קענטשאַפט דאָס אייגן לאַנד און נעמען איין נייע לענדער.

די לייט פון וויסן קלייבט מען אויס פון גרויס יחוס, ווען זיי זענען נאָך יונגע קינדער. מען נעמט בלויז זכרים, נישט מער ווי איינעם פון אַ משפחה, און אויסגעציילטע פון אַ שטאָט. מען שיידט זיי אָפּ פון טאַטע־מאַמע און מען ענטפערט זיי איבער אין רשות פון דער ממשלה.

די ממשלה הייליקט זיי צום דינסט פון לאַנד, ווי מען האָט אַמאָל געהייליקט צו גאָט די פּריסטער אין די טעמפּלען.

מען שיקט זיי אַוועק ווייט פון דער היים, אין אַ גאָרטן, וואָס איז פאַרפלאַנצט טיף אין לאַנד, אָפּגעזונדערט פון דער וועלט, צווישן הויכע בערג, אין שאָטן פון אַ וואַלד, לעבן אַ גרויסן טייך.

אין דעם גאָרטן לערנט מען די חכמה פון וויסן אַנדערש ווי אין די לערן־הייזער פון לאַנד. מען פאָרשט די גלגלים, די מזלות, כדי מען זאָל

קענען איינשפּאַנען אין די נייע כלי־זיין דעם כוח וואָס האַלט די וועלט אין דער לופטן.

אין גאָרטן איז איינגעשטעלט אַן אייגענער סדר, אַנדערש ווי דער שטייגער פון גאַנצן לאַנד, כדי די יונגע זאָלן זיך אָפּגעוווינען פון דער טבע, וואָס איז איינגעפלאַנצט אין דעם מענטשן פון זיין געבוירן־אָן. די צייט איז איינגעטיילט נישט נאָך די שעהן פון טאָג און נאַכט, נייערט נאָך די עובֿדות וואָס די יונגען טראָגן אויף זיך און נאָך די באַפעלן פון די עלטסטע. די יום־טובֿים זענען נישט געהייליקט צו גאָט, אָדער צו די גרויסע לייט פון אַמאָליקע צייטן, נייערט צו די יונגען וואָס האָבן באַוויזן זייער חריפות אין גאָרטן, די נצחונות פון די נייע כלי־זיין און דער טרייקייט צו דער ממשלה.

די קרוין פון אַלע יום־טובֿים איז די פייערונג, וואָס מען מאַכט ביים סיום פון לערנען אין גאָרטן און עס הייסט טאַקע „דער יום־טובֿ פון קרוינונג״.

אַז די יונגען דערגרייכן אין גאָרטן דעם עלטער פון בחור, זיי פאַרגעסן טאַטע־מאַמע, און דער מאַן פון וויסן — דער מדריך פון גאָרטן — ווערט דער פאָטער מיט וועמען זיי גרויסן זיך, דעמאָלט פאַרהערט מען זיי נאָך אַמאָל אין די סודות און רמזים פון די נייע תכסיסי־מלחמה און מען פאָרשט ווידער אויס די נייגונגען פון דער נאַטור וואָס דער גאָרטן האָט איינגעפלאַנצט אין זיי. די בחורים וואָס האַלטן אויס אַלע פּרוּוונגען ווערן געקרוינט פאַר „די אויסדערוויילטע פון פאָלק״. אין זייערע הענט גיט איבער די ממשלה די גרונדפעסטונג פון לאַנד און אין זייער כבוד ווערט געפייערט „דער יום־טובֿ פון קרוינונג״.

דער נוסח פון דעם יום־טובֿ ווערט אָפּגעהיט פון מאָל־צו־מאָל און ער בלייבט אַ סוד ביי די אויסדערוויילטע פון פאָלק, ווי אַלע אַנדערע חכמות וואָס זיי האָבן געלערנט אין גאָרטן. ער ווערט געפייערט מיט אַ גרויסער סעודה אין אַ טעמפּל, וואָס שטייט פאַרשלאָסן פון יום־טובֿ צו יום־טובֿ.

אויף דער פייערונג זיצן די נייע אויסדערוויילטע פון פאָלק ביי אַ באַזונדערן טיש, אויף הויכע שטולן, באַלויכטן מיט שטראַלן פון דער זון, זיי זאָלן שיינען מיטן ליכט פון דעם נייעם דור וואָס גייט אויף איבערן לאַנד. העכער פון זיי, אויבנאָן, זיצן די שליחים פון עיר הבירה, וואָס די

ממשלה שיקט צו דער פייערונג אָפּצוגעבן כבוד די אויסדערוויילטע פון פאָלק.

אַנטקעגן די אויסדערוויילטע פון פאָלק זיצן, אין דער טונקלקייט, ביי אַ באַזונדערן טיש, די מדריכים פון גאָרטן.

נאָך דעם ווי מען עסט אָפּ די טייערע עסנס פון דער סעודה און מען פאַרזוכט בלויז צו די ליפּן די געטראַנקען, מען זאָל געדענקען, אַז אַ מענטש דאַרף שטענדיק זיין ניכטער, ווערט פינצטער אין טעמפּל.

פון דער פינצטערניש דערהערט זיך אַ שטיל קול, אַן אָפּקלאַנג פון רייד. ביסלעכווייז ווערט ליכטיקער אין טעמפּל און אַזוי טוט זיך דאָס קול שטאַרקן און שטאַרקן... מען דערהערט די רייד, וואָס דער עלטסטער פון די מדריכים אין גאָרטן טוט אַזוי צו זאָגן:

„היינט איז דער יום־טוב פון קרוינונג, דער טאָג ווען די יונגע לייט פון וויסן ווערן דערהויבן פאַר די אויסדערוויילטע פון פאָלק, זיי זאָלן דינען דער ממשלה. מיט אונדזער וויסן האָבן מיר זיך אויפגעהויבן אויף די לופט־שיפן העכער פון די הימלען און אויסגעצויגן אַ וועג צו דער לבנה. מיר האָבן אויפגעשטעלט געצעלטן אין די וואָלקנס פאַר אונדזערע פליער, אָט אַזוי ווי די קרעטשמעס זענען אַמאָל געשטאַנען אויף די וועגן
פאַר די בעלי־עגלות. מיר האָבן איינגעצאַמט די שטראַלן פון דער
זון און געמאַכט ליכטיק די אָפּגרונטן פון דער ערד, אָט אַזוי
ווי מיר באַשיינען מיט דער ליכטיקייט פון טאָג די פינצטערניש
פון דער נאַכט. דעריבער האָט די ממשלה אָפּגעשאַפט דאָס חייל מיט
די האַרמאַטן, ביקסן, שווערדן, און איבערגעענטפערט אין אונדזערע
הענט, אייערע הענט — איר יונגע לייט פון וויסן — די גרונדפעסטונג פון לאַנד.

מיר זענען אַזוי שטאַרק, ווי טיף מיר פאָרשן די חכמה פון וויסן און ווי הייליק מיר האַלטן די סודות, וואָס מיר האָבן

זיך דערוווּסט אין גאָרטן, און וועלן דערגיין אין גלעזערנעם פּאַלאַץ. דעריבער דאַרפן מיר אָפּהיטן די דריי געבאָט וואָס די ממשלה האָט איינגעקריצט אויפן וואַנט דאָ, אין טעמפּל, ווו מיר פייערן היינט דעם יום־טוב פון קרוינונג:

חכמה

וויסן

סוד

מיר גיבן איבער יעדן אויסדערוויילטן פון פאָלק אַ פּאַרמעט מיט די דריי געבאָט, און זיין סוד, וואָס בלויז ער אַליין מעג וויסן. ער טאָר אים קיינעם נישט איבערגעבן, נישט דורך רייד, טראַכטונגען און תנועות. מיט דעם ווערט ער געפּרוּווט צי ער היט אָפּ דעם דריטן געבאָט פון דער ממשלה".

נאָך דעם, ווי דער עלטסטער מדריך פון גאָרטן ענדיקט ריידן זיינע רייד, הייבן זיך אויף די עלטסטע לייט פון וויסן פון זייערע ערטער און הייבן זיך אָן דערנענטערן איינציקווייז, מיט געמאָסטענע טריט, אַראָפּ־געלאָזענע קעפּ, צו די אויסדערוויילטע פון פאָלק. יעדער גייט צו דעם, וואָס ער האָט מדריך געווען אין גאָרטן. ער גיט אים איבער דעם פּאַרמעט מיטן סוד, זיין סוד — דעם זיגל פון דער ממשלה, וואָס ער דאַרף טראָגן פאַרבאָרגן אין זיך זיין גאַנץ לעבן. דער אויסדערוויילטער הייבט אויף דעם קאָפּ, טוט אַ קוק אויף זיין מדריך און רעדט אויס מיט ערפורכט: „פאָטער".

באַלד באַווייזן זיך די דינער. זיי טוען אָן אויף יעדערן פון די אויסדערוויילטע אַ סאַמעטענעם ראָק מיט רויטע לאַצן און גילדענע קנעפּ, וואָס בלויז די לייט פון וויסן מעגן טראָגן.

דערנאָך גייט צו מיט געמאָסטענע טריט, מיט אַ פאַררייסענעם קאָפּ, דער שליח פון עיר הבירה. ער פאַרשטיינערט דאָס פּנים מיט דער מאַכט פון דער ממשלה, און זאָגט נישט קיין וואָרט. ער דריקט בלויז די האַנט פון דעם יונגן אויסדערוויילטן און פירט אים אַריין אין דעם גלעזערנעם פּאַלאַץ — אין דער פעסטונג פון באַשיצונג.

ג

דער גלעזערנער פּאַלאַץ איז איינגעגראָבן טיף אין דער ערד און איז באַלויכטן מיט זון־שטראַלן, וואָס זענען איינגעזאַמלט אין די ווינקלען פון דער סטעליע. די זון־שטראַלן קילן זומער און וואַרעמען ווינטער די לופט. די גלעזערנע ווענט שפּיגלען אָפּ ווייט און ברייט די וועלט, וואָס שפּרייט זיך אויס אין דער הייך איבער דעם פּאַלאַץ. שפּאָקטיווון זענען איינגעפּאַסט אין אַלע ווינקלען פון פּאַלאַץ און צייכענען אָפּ יעדן ריר און קער פון די כלי־זיין וואָס אַ שונא קען אַרויסשיקן אין דער הייך, מיט דער לופט. אויף די ימים און מיטן וואַסער. אין די ווענט איז איינגעעקבערט דאָס געווערק פון די נייע כלי־זיין, וואָס קענען אַרויס־שיסן די קוילן אין אַלע עקן וועלט. דאָס געווערק איז באַצייכנט בלויז מיט סימנים, און אַזוי ריידן די לייט פון וויסן אין פּאַלאַץ — אויפן ווונק, מיט רמזים און פאַרשטעלטע ווערטער.

די אויסדערוויילטע פון גלעזערנעם פּאַלאַץ זענען איינגעטיילט אין כיתות, יעדע כיתה האָט אירע אייגענע רמזים, צייכנס, די אַנדערע זאָלן נישט פאַרשטיין זייער לשון. יעדער קלאַנג פון אַ מענטשנס קול איז איינגעקריצט געוואָרן אין פּאַלאַץ אויף טאַצן, וואָס מען האָט געקענט איבערהערן אין עיר הבירה, כדי די פירונגען פון די לייט פון וויסן — די באַשיצער פון לאַנד — זאָלן נישט זיין פאַרבאָרגן פון דער ממשלה.

אין פּאַלאַץ איז שטענדיק שטיל און רויק, נאָר די וואַכקייט פון די בליקן ציטערט מיטן גורל פון די מענטשן וואָס זיי באַוואַכן אין דער הייך, אויף דער ערד, איבערן פּאַלאַץ.

די לייט פון וויסן, די אויסדערוויילטע פון פאָלק, האָבן זיך נישט געטאָרט טרעפן מיט די מענטשן פון פאָלק, זייער כבוד זאָל נישט גע־מינערט ווערן און אין זייער טראַכטן זאָל מען נישט דערקענען די סודות פון די נייע כלי־זיין.

אַז אַ מאַן פון וויסן האָט אויסגעדינט זיין צייט אין גלעזערנעם פּאַלאַץ האָט מען אים איינגעגעבן אַ פראָשעק שיכחה, ער זאָל פאַרגעסן וואָס ער האָט געלערנט וועגן די נייע כלי־זיין, און מען האָט אים געהאַלטן אין גרויס וווילטאָג ביזן סוף פון זיין לעבן.

ד

איינצושטעלן אַ גלעזערנעם פּאַלאַץ מיט די נייע כּלי־זיין, האָט אין יענע צייטן געקאָסט אַ מטמון מיט גאָלד — מילע־מיליאָסן רענדלעך.

בלויז צוויי גרויסע מלוכות, מלכות יוון און דאָס לאַנד חפשי האָבן געהאַט די גלעזערנע פּאַלאַצן און זיי האָבן געקריגט צווישן זיך מיט וואָר־נונגען, מיטן פּחד פון זייער גבורה, ווער פון זיי זאָל באַשיצן די קליינע מלוכות וואָס האָבן נישט די נייע כּלי־זיין.

דאָס לאַנד חפשי איז געלעגן ווייט און ברייט אויסגעשפּרייט צווישן צוויי אָקעאַנוסן און די טיפע וואַסערן האָבן באַשיצט זיינע ברעגן. אַמאָל, ווען די נייע כּלי־זיין זענען נאָך נישט געווען, האָט די ממשלה נישט געהאַלטן קיין גרויס חייל. זי האָט נישט אַרויפגעצווונגען קיין דינסט אויף די זין פון לאַנד און דאָס פאָלק איז נישט געווען אַריינגעטאָן אין תּכסיסי־מלחמה. זיי האָבן געבויט גרויסע שטעט, אויפגעהויבן די הייזער ווי טורעמס, הויך, אין דער הויך צו די וואָלקנס, און געזוכט מיט אַלערליי אויסטראַכטונגען אַרויסצוציען מער שפע פון דער ערד פאַר דעם מענטש. אין לאַנד איז געווען פון אַל־דאָס־גוטס פאַר דעם רייכן און אָרעמען, פאַר יעדן נאָך זיין שטאַנד, און די ממשלה האָט נישט באַצווונגען דאָס פאָלק מיט אירע שטרענגע געזעצן און הויכע צינזן.

אין לאַנד חפשי האָט מען נישט גערודפט די יידן. האָבן זיי זיך אויסגעמישט מיטן פאָלק פון לאַנד. זיי האָבן אָנגענומען זיינע מנהגים און פירונגען. אַ סך קינדער פון פאָלק ישראל האָבן גאָר נישט געדענקט, אַז זיי זענען מזרע אברהם. זיי האָבן פאַרגעסן זייער יידיש לשון און איבערגעביטן זייערע נעמען. זיי האָבן אָבער נישט מורא געהאַט צו באַווייזן דעם צלם פון אַ ייד, און אַ ייד האָט זיך נישט געשראָקן צו דערקענען זיך צו אַ יידן מיט אַ תּנועה, מיט אַ וואָרט.

מלכות יוון האָט זיך אויסגעשפּרייט מעבר לים און איז געווען אַזוי גרויס, אַז די זון איז קיינמאָל נישט אונטערגעגאַנגען אין זיינע גרענעצן; אַז אין איין עק האָט זיך אַראָפּגעלאָזט די נאַכט איז אויף דעם אַנדערן ברעג אויפגעגאַנגען דער טאָג. די ממשלה האָט אָבער נישט גערוט אין אירע גרענעצן, און האָט זיך געשפּאַרט איבער די ברעגן. אמת, די הערשער פון מלכות יוון האָבן טאַקע קיין תּורה נישט געלערנט

און זיי האָבן אַוודאי נישט געוווּסט פון דעם זאָג אַז „ישראל אף על פי שחטא, ישראל הוא“, אָבער פון די לאַנגע דורות, וואָס די קינדער פון ישראל זענען געזעסן אויף זייער ערד, האָבן די הערשער קענען גע־לערנט די נאַטור פון אַ יידן. זיי האָבן געוווּסט אַז אַ ייד וועט נישט דינען צו אַ מענטשן. ער וועט נישט אַכפּערן אַ הערשער, אַפילו דעמאָלט ווען ער פאַרגעסט אינעם בורא עולם, דעם איינציקן גאָט וואָס האָט באַ־שאַפן הימל און ערד. דעריבער האָבן זיי אונטערדריקט די יידן שווערער ווי אַלע איינוווינער פון לאַנד און זיך פאַרמאָסטן מיט אַלערליי נגישות אויף דער יידישער אמונה, זי זאָל אָפּגעמעקט ווערן פון דעם פּנים פון דער ערד.

אַז די באָבע האָט פון זשירעווע אַ קוק געטאָן אויף אַ ייד פון מלכות יוון, האָט ער אַ ציטער געטאָן מיט אַ יידישער תנועה, ווי ער וואָלט דערהערט אַ קלאַנג פון אַ פאַרגעסענעם ניגון. אים איז אָבער באַ־פאַלן אַ פּחד מען זאָל נישט דערקענען אַז ער איז אַ ייד. האָט ער זיך אויסגעגלייכט אין זיין גאַנצער הויך און אָנגעהויבן קוקן אויף די געטשעס פון די הערשער, וואָס זענען אויסגעשטעלט איבער דער שטאָט.

די באָבע האָט נישט געהאַט קיין תרעומות צו די קינדער פון איר שטאָם פאַרוואָס זיי פאַרגעסן אין מלכות יוון זייערע אבות. זי האָט געזען אַז מען באַצווינגט די יידן אין יענעם לאַנד פאַר זייער יידישקייט, אָט אַזוי ווי דער צורר פון לאַנד עמלק האָט זיי אַמאָל געפּייניקט ווייל זיי זענען יידן. האָט זי זיך געטרייסט, אַז דער צורר פון יוון וועט האָבן דעם זעלבן סוף ווי אַלע שונאים פון פאָלק ישראל און די יידן וועלן זיך אויפוועקן פון שיכחה, ווי די עשרת השבטים וועלן זיך אָפּזוכן, ווען די גאולה וועט קומען. האָט זי אָפּגעווענדט אירע בליקן פון לאַנד יוון, אַ ייד זאָל זיך נישט דערשרעקן, און האָט זיי אויסגעצויגן אויפן לאַנד חפשי.

ה

כידוע בייטן זיך די טויטע מיט די לעבעדיקע אין דער בחינה, ווען זיי לאָזן זיך אַראָפּ אויף דער וועלט. זיי, די מתים, זענען וואַך און זעען אין דער פינצטערניש. ביי די לעבעדיקע פאַרבלענדט זיך דער בליק אַפילו אין דער ליכטיקייט; זיי פאַלן אַריין אין אַ דרעמל, ווען אַ

מת דערנענטערט זיך צו זיי. די באָבע קוקט זיך איין ווי אירער אַן אור־אור אייניקל, אַוודאי דער פינפטער דור משה יודלס, שוין אַליין אַ זיידע, מאַטערט זיך צו דערמאָנען עפּעס פון זיין עלטער־זיידן, נאָר ער געדענקט שוין, נעבעך, גאָרנישט. דער צלם פון אַ ייד האָט זיך אָבער נישט אָפּגעטאָן פון זיין פּנים. ער טראָגט זיין וווקס הויך און שטאָלץ און היט אָפּ דעם שפּיץ פון זיין באָרד וואָס ער גאָלט נישט אָפּ.

דער זיידע איז איצטער פּאַראומערט; ער דאַרף אַרויסבאַגלייטן זיין אייניקל זשערעמאיא אין גאָרטן פון די אויסדערוויילטע, ער זאָל געהייליקט ווערן צום דינסט פון דער ממשלה.

אין הויז זיפּט זיך די פרייד מיטן טרויער; טאַטע־מאַמע זענען שטאָלץ, וואָס מען האָט זייער זון — איינעם פון דער גאַנצער שטאָט — אויסגעוויילט צו אַזאַ גרויסן כבוד.

— ווי לאָזט מען אָבער אַוועק אַ קינד פון שטוב, פרעמדע מענטשן זאָלן ווערן פאָטער און מוטער? — טרייסט מען זיך מיט אַלערליי אויסריידן און מען שפּאַרט זיך אָן אויף דער האָפענונג, אַז מען וועט דערלעבן צו זען ווי ער וועט קומען צוריק פון דינסט, באַרימט און געאַכטעט פאַר זיינע אויפטואונגען.

דער זיידע קען אָבער אַזוי ווייט נישט קוקן אין זיינע יאָרן. ער וועט זיך שוין נישט דערוואַרטן אויף זשערעמאיאס קומען צוריק. ווייסט ער אַליין נישט וואָס איז טיפער ביי אים, די שרעק פון זיין סוף, וואָס ער זעט אין זשערעמאיאס אָנהייב, אָדער די בענקעניש נאָכן אייניקל, וואָס איז אויסגעוואַקסן אויף זיינע הענט.

ו

דער זיידע האָט זיך אַריינגעקליבן צו זיין זון און שנור — צו זשערעמאיאס טאַטע־מאַמע — נאָך דעם ווי זיין ווייב איז געשטאָרבן, ווען זשערעמאיא איז נאָר וואָס געבוירן געוואָרן.

פריער, אַז דער זיידע האָט געפירט זיין ברייטע באַלעבאַטישקייט, ביי זיך אין הויז, און דאָס ווייב האָט אָפּגעהיט זיינע טריט מיט דער טרייקייט פון אירע בליקן, האָט זיך אים געדוכט אַז קיין זאַך פעלט אים נישט. דאָס לעבן האָט זיך געצייטיקט אין דער עלטער פון זיינע יאָרן, ווי אַ שפּע זאַמלט זיך אין די שפּייכלערס, און זיין פרייד האָט זיך גע־

וואָרצלט אין זיינע קינדער. ער האָט פאַרגעסן אַז ער שטאַמט אָפּ פון די יידן, וואָס זענען געקומען מעבר לים און ער האָט זיך צוגעוויינט צו די פירונגען פון לאַנד חפשי.

אַז די באָבע איז אָבער געשטאָרבן און דער זיידע האָט זיך אַריינ־געקליבן צו די קינדער, האָט די בענקעניש נאָכן ווייב אויסגעליידיקט זיינע טעג. ס׳האָט אויסגעוועלגערט דעם אומעט בייטאָג, ווי די וואַכקייט האָט אויסגעצויגן די פינצטערניש ביי דער נאַכט.

די קינדער האָבן אָפּגעגעבן כבוד דעם זיידן, און געטראָגן אים אַנטקעגן זייער גוטסקייט. דעם זיידן האָט זיך אָבער געדוכט אַז ער שטייט איינער אַליין, ביי זיינע קינדער אין הויז, איינגעצאַמט אין זיינע טריט און זייערע בליקן קעלטערן אים ווי׳ גוטע ווונטשן פון אַ וויטער פרעמד.

צופּט דער זיידע זיין אַרומגעשוירן בערדל, וואָס ער לאָזט נישט אָפּוואַקסן העכער פון די שפּיץ האָר און טראַכט: ווי אַזוי זאָל ער ריידן צו זיינע קינדער, ער זאָל זיך אַרויסשיילן פון זיין אָפּגעזונדערטקייט?

זיין געשטאַלט וואַקסט אויס אין זיין גאַנצער הויך אין שפּיגל. טוט ער אַ ציטער און טרעט אָפּ אַ טראָט. זיין שמייכל קרימט זיך אויף די ליפּן: — טראַכט נישט וועגן די קינדער, נאָר קוקט אויף זיך אַליין אין שפּיגל; וואָס? ער דערקענט נישט דעם גרויען קאָפּ פון זיינע אַכט צענדליק יאָר? און די באָרד? זינט ווען האָט ער אָנגעהויבן איבערלאָזן דעם שפּיץ באָרד? פאַרגעסן: דאָס ווייב האָט דאָך אים געלערנט, אַ ייד דאַרף איבערלאָזן אויף זיך אַ סימן פון אַ באָרד. זי האָט נאָך עפּעס געזאָגט...

איצטער זעט ער בלויז ווי איר פּנים האָט געלויכטן אין שפּיטאָל אויפן קראַנקן בעט: — ער האָט נישט געוווסט, אַז דאָס איז איר לעצטער בליק און ער וועט שוין מער קיין מאָל נישט האַלטן איר האַנט. גראָד יענעם בייטאָג איז ער געווען רויק, רויקער ווי די גאַנצע צייט פון איר קרענק. און פּלוצלונג; ס׳קומט פּלוצלונג... דער סוף? און אפשר איז גאָר קיין סוף נישטאָ? ס׳הייבט זיך נאָר אָן אַן אָנהויב. אָט זאָגט זי: דו ווייסט... זי גייט צו קינד... ער ציטערט נעמען דאָס קינד אויף דער האַנט, און ביי איר אויפן פּנים ווערט ער אַליין אַ קינד. זי מאָנט: דיין עלטער־זיידע האָט געשריבן ביכער, איך קען נאָך פאַרשטיין אַ וואָרט, אָבער דו...

דער זיידע פּרוּווט נאָך עפּעס דערגיין פון דעם ווייבס רייד, נאָר די ווערטער וועפּן זיך אויס פון איר קול.

— זי האָט אַריינגעמישט יידיש לשון אין אירע רייד, דערפאַר קען ער זיך נישט דערמאָנען אירע זאָגונגען. זי האָט נאָך געדענקט איר זיידן מעבר לים און נישט פאַרגעסן אַז זיין עלטער־זיידע האָט געשריבן יידישע ווערק. אָבער ער? אַז ער וועט אַפילו אַ קוק טאָן אויף די שריפטן, וועט ער זיי קענען לייענען? — מאָנט דער זיידע ביי זיך, פאַרוואָס ער האָט זיך נישט אַריינגעטאָן אין דעם ווייבס רייד.

דאָס ווייב באַווייזט זיך פאַר אים נאָענט און אייגן, און ווערט פלוצלונג פרעמד און ווייט: האָט זי געקענט לייענען זיין עלטער־זיידנס שריפטן? איז זי געווען פרום? יאָ? ניין? האָט נישט דערמאָנט. אפשר האָט ער פאַרהערט, זיך נישט אַרומגעקוקט... נאָר איצטער... דוכט זיך דעם זיידן אַז עמעצער פאַרשעמט אים און ער האַלט זיך אין איין פאַר־ענטפערן. דאָס ווייב נעמט זיך אָן פאַר אים און פּיעשטשעט זיין נאָמען: — זי משפט נישט, דערמאָנט בלויז; אַ מענטש פירט זיך נאָך זיינע רעיונות... ער דאַרף זיך אָבער נישט איינשפּאַרן, מען מעג נאָכגעבן... אַזוי איז זי געזעסן, איבערגעקוקט... פאַנאַדערגענומען... צונויפ־געלייגט... און אָפּגעהיט ווי אַ חלום צוקאָפּנס... ער געדענקט נישט צי ער האָט אַ קוק געטאָן... ער דערמאָנט זיך אָבער אַז ער האָט געזען, אָט אַזוי ווי ס'ליגט איצטער פאַר זיינע אויגן: — אַ שוואַרצער אויסגעקרימטער האָרן, אַ גרויסער זילבערנער בעכער, מסתמא האָבן עס יידן אַמאָל געגונצט ביים טיש צום עסן. און אָט אָ, אַ פּאָר קעסטעלעך, שוואַרצע, יאָ, באַדעקט מיט לעדער, צוגעבונדן מיט לאַנגע רימענס; צי וואָס האָט מען דאָס געדאַרפט האָבן? יידן האָבן עס געמוזט טראָגן, פּרוּווט ער זיך אַרומגאַרטלען מיט די רימענס: — ס'איז צו קורץ, האַלטן זיך נישט. מסתמא האָבן זיי עס אָנגעטאָן אויפן קאָפּ, אַרומגעבונדן אַ האַנט. און דער זיידע האָט נישט געוווּסט, אַז אויך ער האָט אָנגעטאָן אַ פּאָר תפילין — דעם של ראש אויפן קאָפּ און מיט דער רעכטער האַנט אַרומגעבונדן דעם של יד אויף דער לינקער האַנט.

אַז ער האָט אַ קוק געטאָן אין שפּיגל האָט ער אַ ציטער געטאָן: — אָט דאָס איז אַ ייד? אַ באָרד אויפן פּנים, אַ קעסטעלע אויפן קאָפּ און אַ רימען אויף דער האַנט. — דאַרף אַזוי אויסזען אַ ייד? דערקענט זיך

נישט דער זיידע. אים איז שווער צו קוקן אויף זיך אין שפּיגל און נאָך שווערער איז אים אַראָפּנעמען פון זיך די רימענס מיט די קעסטעלעך.

— שווער, שווער, זיפצט דער ייד אין שפּיגל און פאַרנעמט דאָס קול פון ווייב ווי אַ געבעט: — דאָס זענען יידישע ביכער; די ביכער דאַרף מען אַנדערש לייענען, פאַרקערט, נישט פון לינקס, נאָר פון רעכטס.

די בלעטער פון די ביכער ליגן פאַרגעלט, צעקנייטשט און ריידן אַריין זייערע רייד דעם יידן אין שפּיגל.

דוכט זיך דעם זיידן, אַז ער וועט איצטער איבערמישן אַ בלאַט, אַריינקוקן טיפער אין די ביכער, וועט ער קענען דורכלייענען אַ שורה, פאַרשטיין אַ וואָרט.

די אותיות שפּאַרן זיך אָבער אַרויס האַרט, פאַרשטיינערט און האָבן נישט קיין רחמנות אויפן זיידן. זיי גרויסן זיך מיט די סודות, וואָס זיי פאַרבאָרגן פון אים.

פירט דער זיידע די פינגער איבער די שורות מיטן ציטער פון אַן אָטעם, און בעט זיך: — בלויז איין וואָרט, דערקענען אַן אות, אָט אַזוי ווי זיין ווייב האָט זיך געכאַפּט, אַז זי האָט פאַרגעסן, און זי האָט זיך דערמאָנט. זי האָט אַ זיפץ געטאָן: אַרויס פון זינען... און די טעג האָבן זיך איבערגעקייקלט צוריק צו די זיידעס, די באָבעס: ער?... ער שטייט דאָ ביי זיך אין הויז אַן אָפּגעפרעמדטער פון זיין אייגן הויז־געזינד, ווייט, דערווייטערט פון די זיידעס און באָבעס, און קוקט...

ער פאַרשטייט אַז דאָס זענען הייליקע זאַכן: — אַנדערש וואָלטן עס די זיידעס נישט אָפּגעהיט און דאָס ווייב וואָלט עס נישט באַהאַלטן. מסתמא האָבן יידן געבעטן אין דעם צו גאָט.

דער זיידע וואָלט געוואָלט נאָכאַמאָל אָנטאָן די רימענס מיט די קעסטעלעך און אַ קוק טאָן אין שפּיגל. די ווענט שטייען אָבער האַרטע, נאַקעטע, ווי זיי וואָלטן אויסגעליידיקט די גאַנצע באַלעבאַטישקייט. אַ וועלט מיט אויגן רייצט זיך מיט דער פוסטקייט. מען מאַכט חוזק פון אים... די קינדער קוקן מיט רחמנות און אָט, אָט פרעגן זיי... לייגט אַריין דער זיידע די קעסטעלעך אין קעשענע און שאַרט זיך אַרויס פון שטוב.

אין דרויסן — יאָגט ער זיך נישט; ער איילט זיך נישט. ער שטעלט די טריט שווער און פּאַמעלעך, אַזוי שווער זינקען אַראָפּ זיינע רעיונות אין אַ טעמפּקייט. אים דוכט זיך אַז ער טראַכט גאָרנישט, נאָר זיינע פיס הייבן

אָן אַליין איבערבייטן די טריט שנעלער, גרינגער. זיי פירן אים אַרויס אויף דעם וועג וואָס ער האָט נעכטן, אייערנעכטן געטראָטן.

— אָט אָ איז דער וואַלד, טוט ער אַ שמייכל: — די מענטשן זענען קליגער געוואָרן, דאַרפן זיי נישט האָבן קיין האָלץ, האָבן זיי איבער־געלאָזן דעם וואַלד פאַר אים מיט די חיות.

דער זיידע פאַרקוקט זיך אויף די ביימער און אים דוכט זיך אַז זיי באַוויזן זיך איצטער אַנדערש ווי מיט אַ טאָג, אַ וואָך פריער:

— אַ בוים איז אפשר אַ משל אויף אַ מענטשנס לעבן: ער גראָבט אין דער טיף ער זאָל וואַקסן אין דער הויך, איז אַרומגענומען מיט צווייגן, ער זאָל נישט שטיין נאַקעט; וואָס איז אַ נאַקעטער בוים? אַ פלאָקן, אַ פאַרדאַרטער שטאָם; און וואָס איז דער מענטש? — ווילט זיך דעם זיידן אויסציען זיין אַרומגעשוירן בערדל, נאָר די האָר זענען איינגעוואַקסן אין דער מאָרדע און די פינגער פאַרשעמען זיך נאַקעטע. נעמט ער אַרויס די רימענס מיט די קעסטעלעך פון קעשענע און טוט זיי אָן אויף זיך.

ער קען נישט איינרוען, ווי די צווייגן וויגן זיך: — איין יום־טוב האָט זי אָפּגעהיט: זי האָט קיין מאָל נישט פאַרגעסן דעם טאָג. דער יום־טוב איז אויסגעפאַלן אַ סך פריער פון ניי־יאָר. ס'זענען נאָך געשטאַנען וואַרעמע טעג.

ער קען זיך נישט דערמאָנען דעם נאָמען פון יום־טוב, נאָר די סימנים קומען אים אויפן זינען: סוף זומער, די בלעטער זענען שוין געפאַלן, געלע, פון די ביימער. אין אַזאַ טאָג דערמאָנט זיך דער מענטש אויף זיין סוף, ער דערשרעקט זיך פאַר זיינע זינד. האָט נישט פאַרגעסן... געפאַסט... וועלכער מענטש זינדיקט דאָס נישט?! ווען ער ווייסט ווי אָפּצוהיטן אַזאַ יום־טוב? אַ מענטש דאַרף אַליין נעמען אויף זיך אַזאַ טאָג, עמעצער זאָל פאַרנעמען זיינע רייד... גאָט זאָל אים פאַרגעבן זיינע זינד. ווינציק עוולות איז ער באַגאַנגען? זי וועט אים מוחל זיין... אָבער ער, אָט דאָ אין וואַלד אונטער ביימער, וואָס וועט ער ענטפערן זיך אַליין?

דער זיידע ווייסט, נעבעך, נישט, אַז ער שטייט איצטער אין וואַלד אין אַ פּאָר תפילין, טוט תפילה צו דעם אייביקן גאָט, אָט אַזוי ווי מיט אַ סך, אַ סך יאָרן צוריק איז דער ייד, וואָס זיין עלטער־זיידע האָט

באַשריבן אין „אַן אורח צום סדר״ געגאַנגען שבת און יום־טוב דאַווענען אין וואַלד, ווייל ער איז געזעסן אויפן דאָרף און נישט געהאַט קיין מנין. און דאָ אין וואַלד, אין שאָטן פון די צווייגן, דוכט זיך דעם זיידן אַז ער וועט איצטער עפענען די יידישע ביכער וועט ער פאַרשטיין אַ וואָרט, וועט דערקענען זיין עלטער־זיידנס כתבים.

נאָר ווי און ווינד, אַז דער זיידע קומט אַהיים פאַרשליסן זיך די שורות, די אותיות באַהאַלטן דאָס פנים און שפּאַרן אַרויס זיין נאַקעטקייט.

דער זיידע טרעט אָבער נישט אָפּ פון טיש. ער צופּט זיין אַרומגעשוירן בערדל און מישט בלאַט נאָך בלאַט אין די ביכער. ער קוקט נישט אויף די שורות, פּרוּווט נישט דערגיין קיין וואָרט און וויל וואָס שנעלער איבערמישן די ביכער, גלייך ווי ער וואָלט געדאַרפט עפּעס איבערקומען. די בלעטער לייגן זיך אָפּ ווייך צעקנייטשט און שטילן אין טיפער זייערע סודות. פאַרשעמט זיך דער זיידע: מיט וועמען פירט ער אַ צו־להכעיס? מיטן ווייב?... זיינע הענט לאָזן זיך אַראָפּ, ער טרעט אָפּ פון טיש און וויל זיך אַוועקזעצן אין ווינקל. ער קען אָבער נישט איבערלאָזן די ביכער. גייט ער צו צום טיש, טוט אַ קוק אויף אַן אָפענעם בלאַט, גלעט אים אויס מיט די שפּיץ פינגער און פאַרמאַכט די ביכער. ער לייגט זיי צוריק אין שופלאָד, צוזאַמען מיט די חפצים און אַזוי, ווילט זיך אים אויך זיך באַהאַלטן ערגעץ, קיינער זאָל אים נישט זען.

ז

די קינדער נעמען נישט אַראָפּ די אויגן פון זיידן. זיי ווילן דערגיין וואָס טוט ער ביי זיך אין חדר, פאַרוואָס גייט ער אַוועק פון הויז באַהאַלטענערהייט און קומט צוריק אַהיים, ווי ער וואָלט זיך אַריינגעגנבעט דורך אַ הינטער־טיר. זיי פּרוּוון אַריינציען דעם זיידן אין זייערע רייד, זיך פאַנאַנדערפרעגן וועגן אַמאָליקע צייטן און אויף אַ זייטיקן אופן פרעגן וועגן זיינע אויפפירונגען.

דער זיידע איז אָבער קאַרג אין זיינע רייד. קוקט וווייטער, היפּט איבער די קינדער און ענטפערט בלויז מיט אַ תנועה. אַמאָל דערמאָנט ער מיט אַ זיפץ: — אַז די באָבע האָט געלעבט — און גראָבט זיך איין אין זיין שווייגן: — אַז ער וועט זיי ברענגען אַ משל פון די משלים,

וואָס פאַלן אים איין אין וואַלד, וועלן זיי עס פאַרשטיין? זעט דער שפּיץ בוים די וואָרצלען וואָס נערן אים?

און די קינדער האָבן נישט געזוכט ווייטער ווי זייערע אויגן האָבן געקוקט. אמת, זיי האָבן געפּרווט עפּעס פרעגןביים זיידן; אַז זיי האָבן זיך נישט דערוואַרט אויף קיין ענטפער, האָבן זיי געמאַכט זייערע אייגענע השערות: — עלטער... בענקט נאָך דער באָבען... עלטער קען נישט הויזן מיט יונגוואַרג. זיי האָבן זיך אַליין נישט אַרומגעזען ווי זיי האָט אויפגעהערט אַרן, וואָס דער זיידע גייט אַוועק פון הויז, פירט זיך אויף זיין אייגענעם שטייגער נישט נאָכן איינשטעל פון הויז.

אַנדערש איז געווען זשערעמאיא; אים האָט געצויגן צום זיידן.

וואָס מערער דער זיידע האָט זיך דערווייטערט פון הויז־געזינד, אַלץ שטאַרקער איז געוואַקסן ביי זשערעמיאַן די תשוקה זיך דערנענטערן צום זיידן.

פון קליינוויז אויף האָט זשערעמאיא געקוקט מיט זיינע בליקן ווייטער ווי די אויגן קענען דערזען; ער האָט שטענדיק עפּעס געזוכט אין די באַהעלטענישן, און אַלעמאָל איז ביי אים געווען אָנגעגרייט דאָס הענטל: אָט־אָ, ער זאָל קענען באַווייזן, אַז ער האָט עפּעס געפונען וואָס אַן אַנדערער האָט נישט דערזען.

טאַטע־מאַמע זענען נישט געווען געפעלן זיינע אויפפירונגען. זיי האָבן געפרעגט ביי דאָקטוירים, גערעדט מיט די לערער פון לערן־הויז און אַלע האָבן געענטפערט, אַז ער איז ביים פולן פאַרשטאַנד, קליגער און פעיקער ווי זיין עלטער און לערנט מיט התמדה.

— ער איז אָבער אַנדערש ווי די איבעריקע קינדער, נישט אַזוי ווי זיינע שוועסטער און ברידער — זיינען די עלטערן נישט געווען רויק.

האָט מען זיי געגעבן אַן עצה: מען זאָל אים נישט פאַרווערן זיינע טואונגען, פאַרקערט, נאָכגעבן זיינע נטיות און מען זאָל אַכטונג געבן, ער זאָל זיך אויך שפּילן מיט חברים פון זיין עלטער.

ס'איז אָבער שווער געווען אויסצוהיטן זשערעמיאַן פון זיין אַליינקייט. ער פלעגט זיך אָפּגנבענען פון הויז, זיך אַוועקזעצן הינטער אַ בוים און קוקן אויף די פייגל: — ווען ער קען זיך וויגן אויף אַ בלאַט ווי אַ פויגל, וואָלט ער געקענט פליען אין דער לופטן אָן אַ לופט־שיף. ער האָט געוואָלט וויסן צי אַ בוים קרעכצט פון ווייטאָג, ווען דער ווינט

בייגט זיינע צווייגן, צי אַ הונט טראַכט, ווען ער יאָגט זיך אַ ביס טאָן אַ מענטשן. נאָך און נאָך זאַכן האָט ער אַליין געוואָלט דערגיין, איידער מען וועט דאָס אים ווייזן אין די גראָבע ביכער פון שול־הויז. און אַז ער איז געקומען צווישן מענטשן; צו דערוואַקסענע, אָדער צו זיינע חברים, האָט ער זיך נישט אַריינגעמישט אין זייערע טאָוונגען, פאַרהערט די רייד, נאָר זיך איינגעקוקט אויף יעדן ריר און קער, וואָס עמעצער האָט געמאַכט. אים האָט זיך אַלעמאָל געדוכט, אַז די מענטשן באַהאַלטן עפּעס הינטער זייערע רייד, אָט אַזוי ווי טאַטע־מאַמע היטן זיך אויס פון אים מיט זייערע סודות.

— זיי קענען זיך אָבער נישט אויסבאַהאַלטן פון זיידן, האָט זשעַ־רעמאיא געטראַכט: — ער באַהאַלט זיך פון הויז, ער זאָל קענען אַריינקוקן אין די פאַרבאָרגענישן, וואָס אַנדערע זעען נישט.

זשערעמאיאן האָט געצויגן צום זיידן אָט אַזוי ווי ער האָט געזוכט אַ שפּאַרונע אין די סודות, וואָס די וויטקייטן האָבן געטונקלט אין זיינע אויגן.

ער האָט זיך אַריינגענאַרט צום זיידן אין קאַמער, ווען ער איז נישט געווען אין הויז, באַקוקט די מאָדנע חפצים, וואָס דער זיידע האָט געהאַלטן אין שופלאָד און געמישט די בלעטער פון די ביכער, וואָס זענען געבליבן ליגן אויפן טיש.

אים איז שווער געווען צו לאָזן דעם זיידן אַוועקגיין אויף זיינע וועגן, און נאָך שווערער זיך דערוואַרטן ביז ער וועט קומען אַהיים. האָט ער געטאָן אָפּהיטן ווען דער זיידע פלעגט אַרויסגיין פון הויז און אַליין זיך אַרויסגנבענען דורך אַ הינטער־טיר. ער איז נישט צוגעגאַנגען גלייך צום זיידן, נאָר זיך פאַרנומען מיט אַ זייטיקן שטעג און ערשט דערנאָך זיך באַוויזן פאַר אים, ווי ער וואָלט אים פלוצלונג באַגעגנט.

דער זיידע האָט זיך געלאָזט אָפּנאַרן; ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, און אַ שמייכל געטאָן: — פון וואַנען קומסטו גרויסער בחור? געפלויגן ביי די פייגעלעך אויף די פליגל? געלערנט די הינט ריידן?

זשערעמאיא האָט זיך געוואָלט איבערנעמען מיט זיין ענטפער, דער זיידע זאָל זען אַז ער איז שוין אַ גרויסער און פאַרשטייט אַ שפּאַס. ער האָט אָבער געוואָלט דערגיין פאַרוואָס גייט אַוועק דער זיידע פון הויז און וואָס שטייט געשריבן אין דעם בוך וואָס ער טראָגט אין האַנט.

האָט ער געמאַכט דעם אָנשטעל אַז ער פאַרשעמט זיך, אַראָפּגעלאָזט די אויגן און געפירט מיט די פינגער איבערן בוך, וואָס דער זיידע האָט געהאַלטן אין האַנט:

טוט דער זיידע אַ ציטער: — גראָבט טיף; וואָס זאָל ער אים זאָגן?

ער רעדט איבער: „דאָס בוך״? און זוכט אַן ענטפער: — און אַז ער וועט אים שוין זאָגן אַז עס איז דעם עלטער־עלטער זיידנס, וואָס וועט ער זיך דערוויסן, ער וועט בלויז ווייטער פרעגן. שטרענגט זיך אָן דער זיידע און טוט אַ שמייכל: — אַז איך וועל אליין דערגיין וועל איך דיר זאָגן — און זיינע הענט לייגן אַריין דאָס בוך אין קעשענע ווי זיי וואָלטן עפּעס אָפּגעגנבעט ביי זיך אַליין.

זשערעמיאַן דוכט זיך אַז ער האָט זיך מיט עפּעס באַנאַרישט פאַר דעם זיידן און ער קען נישט געפינען קיין וואָרט אויפצוהייבן זיין אַראָפּגע־פאַלנקייט. טרעט ער אָפּ אַ טראָט און וואַרט דער זיידע זאָל אַוועקגיין. דער זיידע וויל אָבער עפּעס פאַרריכטן, ציט ער אויס צו אים אַ האַנט: — אַז דו וועסט ווערן עלטער, וועסטו פאַרשטיין מערער פון מיר. פאַרגעס נאָר נישט...

— איך וועל אַליין לייענען די ביכער, — ווייסט נישט זשערעמיא צי ער נעמט זיך איבער פאַרן זיידן, אָדער ער זאָגט אים עפּעס צו — און טאַנצט אַוועק אַהיים.

ח

אַז מען האָט אויסגעקליבן זשערעמיאַן אין דעם גאָרטן פון די אויסדערוויילטע, האָט דער זיידע דערזען, אַז זיינע באַגעגענישן מיטן אייניקל ליידיקן זיך אויס אויפן ווינט און זיין לעצטער טראָט וועט נישט איבערלאָזן קיין סימן פון דעם זיידן פאַר זיין אייניקל, האָט ער נישט געוואַרט ביז זשערעמיא וועט אים אָפּוואַרטן אויפן וועג. ער איז צו־געגאַנגען צו אים, אַרויפגעלייגט די האַנט אויף זיין אַקסל: — היינט וועל איך דיך באַגעגענען — און אַ שמייכל געטאָן: — דו ביסט שוין אַ גרויסער, אַזוי הויך ווי איך.

זשערעמיא האָט אויפגעהויבן די אויגן, אַ קוק געטאָן אויפן זיידן, ווי ער וואָלט עפּעס איבערגעפרעגט און זיך פאַרטראַכט וואָס ער זאָל זאָגן, זיינע רייד זאָלן אויסנעמען ביים זיידן.

דער זיידע האָט דערזען זיינע אַן אייגענע תנועה ביים אייניקל אויפן פּנים: — זוכט, ווילל דערגיין, אַ סך טיפער ווי ער ווייסט אַליין... און האָט זיך פאַרטראַכט ווי אַזוי ער זאָל אָנהייבן ריידן צו זיין אייניקל.

יעדעס וואָרט וואָס איז אים געקומען אויפן זינען, האָט זיך אַראָפּ־געקייקלט אַ לײַדיקס: נישט דאָס דאַרף ער זאָגן. האָט זיך דער זיידע איינגעביסן אין זיך און געזוכט די ווערטער וואָס זענען אים איינגעפאַלן, ווען ער איז אַליין געווען אין וואַלד, וואָס ער האָט געהערט, ווען דאָס ווייב איז אים געקומען צו־חלום, און אין זיין גרויסן צער האָט ער זיך אַראָפּגעבויגן אויף זיין שאָטן, ווי אַ דרעמל פאַרציט זיך אויף אַ חלשות.

און די באָבע זיצט אין זשירעווע, ביי זיך אין שטוב, אויף דער קאַנאַפּע, און זעט ווי אירער אַן אור־אור־אייניקל, זיצט אונטערן בוים און זאָרגט וועגן זיין אייניקל אַזוי ווי זי פאַרגעסט נישט אויף אירע קינדער. שטעלט זי זיך איין פאַר אירע קינדער: — זיי ווייסן, נעבעך, נישט ווי מקיים צו זיין אַ מצווה. פון זיי איז פאַרמיטן די פרייד פון שבת און יום־טוב. זיי וווינען צווישן גויים און זעען נישט קיין ייד פאַר די אויגן; זיי ווילן אָבער נישט פאַרגעסן אַז זיי זענען יידן, — בעט זי רשות מען זאָל זי לאָזן זיך דערנענטערן צום זיידן און אַריינגעבן אים די רייד, וואָס ער וויל זאָגן זיין אייניקל, ער זאָל געדענקען אַז ער איז אַ ייד.

זעט דער זיידע ווי זשערעמאַיא באַווייזט זיך צו אים מיט דער ליכטיקייט וואָס שיינט אַראָפּ פון בוים:

— גוט וואָס דו ביסט געקומען.

— אָטאָ בין איך זיידע.

— איך וויל דער זיידע זאָל צו מיר ריידן.

— איך רייד דאָך צו דיר, מיין קינד; פאַרנעם מיין זון, די רייד, דו זאָלסט זיי געדענקען ווען דו וועסט זיין אין גאָרטן פון די אויסדער־ווילטע. דו וועסט דאָרטן לערנען אַ סך חכמות; דו וועסט זיך דערוויסן אַ סך זאַכן, וואָס נישט איך ווייס און נישט מיינע זיידעס און באָבעס האָבן געוווסט. מען וועט אָבער דיר נישט דערציילן וואָס אונדזערע זיידעס און באָבעס האָבן קיינמאָל נישט פאַרגעסן און וואָס איך טו זיך איצטער דער־מאָנען: מיר זענען יידן, מיט אונדזערע אייגענע יום־טובים, אַנדערע ווי אין לאַנד חפשי. אַז דו וועסט לערנען וועגן דעם פחד פון די נייע כלי־זיין, וועלן זיי נישט פאַרגעסן, אַז דער גרויסער חכם, וואָס האָט אויסגעטראַכט

די כלי־זיין פון גלעזערנעם פּאַלאַץ, איז געווען אַ ייד. אמת, ער איז געווען אַ ייד, ווי איך, און דו, ווי אונדזערע זיידעס און באָבעס, זיי ווע‏לן אָבער נישט וועלן וויסן און גערעדענקען, אַז ער האָט גאָרנישט געוואָלט אויסטראַכטן די נייע כלי־זיין. ער איז זיין גאַנץ לעבן געווען אָפּגעזונדערט פון דער וועלט און איז געווען אַריינגעטאָן אין זיינע חכמות פון וויסן. ער האָט געוואָלט נאָר גוטס טאָן מענטשן און נישט אומברענגען די מענטשן. ער האָט נישט געזוכט קיין כבוד און מען האָט גאָרנישט געוווּסט אַז ער איז אַ ייד, אַזוי ווי איך, דו, און אונדזערע זיידעס און באָבעס.

אַז ס׳איז אָבער אויפגעשטאַנען דער צורר פון לאַנד עמלק און האָט זיך פאַרמאָסטן אָפּצומעקן די קינדער פון פאָלק ישראל פון דעם פּנים פון דער ערד, האָט דער גרויסער חכם דערהערט דאָס געוויין פון די קליינע קינדער, און פאַרנומען דעם פּיין און צער פון דעם יידישן פאָלק מעבר לים. ער האָט אויפגעהערט פאָרשן די סודות פון דער וועלט, נאָר געטאָן זוכן מיט זיין חכמה אַ כוח וואָס זאָל גובר זיין די גבורה פון עמלק. האָט ער אויסגעטראַכט די נייע כלי־זיין, וואָס האָט געבראַכט דעם נצחון איבער דעם לאַנד עמלק און אָפּגעראַטעוועט די שארית־ישראל.

אַז די גאַנצע וועלט האָט זיך אָבער געפרייט מיט דער פרייד פון דעם נצחון, איז דעם גרויסן חכם באַפאַלן אַ פּחד פאַר דעם שטן־המשחית, וואָס ער האָט אַרויסגעבראַכט אויף דער וועלט; ער האָט זיך דערשראָקן אַז זיין ברכה, וואָס האָט געראַטעוועט די וועלט, זאָל נישט ווערן קיין קללה וואָס קען אומברענגען די וועלט.

האָט דער גרויסער חכם, דער ייד, אויפגעהערט פאָרשן די סודות פון וועלט־באַשאַף און גענומען אויף זיך אַליין אַ שטראָף פאַר זיינע טואונגען. ער האָט זיך אָנגעטאָן ווי אַ בעטלער, גענומען אַ זאַק אויף דער פּלייצע און מיט אַ שטעקן אין האַנט אַוועקגעוואַנדערט איבער דער וועלט, דער כבוד זאָל אים נישט דערקענען. ער באַווייזט זיך אומעטום אין אַלערליי געשטאַלטן. ער קומט דערמאָנען אויפן גרויסן אומגליק וואָס דער צורר האָט געבראַכט אויפן יידישן פאָלק, מיר זאָלן נישט פאַרגעסן אַז איך, און דו, און אונדזערע קינדער זענען יידן. ער טראָגט אויף זיין שטערן די טרערן פון די קליינע קינדער, וואָס דער צורר האָט פאַרטיליקט, זיי זאָלן זיין עדות אַז ער האָט מיט זיינע אויסטראַכטונגען געוואָלט אָפּראַטעווען דאָס פאָלק ישראל און נישט אומברענגען די וועלט. אַז דו וועסט

ווערט זיין, וועט ער דיר ביישטיין אין צייט פון אַ סכנה, — האָט דער זיידע אויסגעצויגן די האַנט און געוואָלט באַווייזן זשערעמאיאַן ווי דער גרויסער חכם מיטן שטעקן אין האַנט דערנענטערט זיך צו אים, נאָך די לויטערקייט פון די טרערן וואָס האָבן געלויכטן ביי אים אויפן פּנים, מיט דער הייליקייט פון של ראש, האָט פאַרבלענדט דעם זיידנס אויגן און ער האָט נישט געזען ווי זיין אייניקל דערווייטערט זיך פון אים ווייט, ווייט...

ט

אַז דאָס אייניקל זשערעמאיא שעלו איז אָנגעקומען אין גאָרטן פון די אויסדערוויילטע, האָט ער זיך אַזוי טיף אַריינגעטאָן אין די חכמות פון די נייע כלי־זיין, אַז זייער וויסן האָט אַרויסגעשטראַלט פון זיינע בליקן.

ביי אים זענען אַרויס פון זינען די רייד, וואָס דער זיידע האָט אַמאָל צו אים גערעדט און ער האָט פאַרגעסן אין טאַטע־מאַמע. ער האָט בלויז פאַרנומען די ווערטער, וואָס ער האָט געהערט פון זיין פאָטער, דעם וועג־וויזער פון גאָרטן, און האָט זיך געפרייט מיט דער פרייד, וואָס די חכמה האָט אַנטפּלעקט אין די סודות פון די נייע כלי־זיין.

אויף יענער וועלט אָבער פאַרגעסט נישט דער זיידע זיין אייניקל. מיט דער זעלבער ווייטקייט וואָס ער האָט אַמאָל פאַרבאָרגן זיין נאָענטקייט צו זשערעמאיאַן, וואַכט ער איצט איבער אים. ער היט אָפּ די רגע, ווען אין פּאַלאַץ גיט זיך אַ שאָקל דער סדר, און ער וואַכט אויף אַ קלאַנג ביי זשערעמאיאַן. די רגע פאַרלויפט איידער דער ניגון באַרירט אַ וואָרט און די צייט שטעלט זיך צוריק איין אין פּאַלאַץ.

האָט דער זיידע געטאָן מאָנען ביי דעם אויבערשטן מיט די רייד פון די מתים, וואָס ווערן פאַרשניטן פון דער וועלט פאַר דער צייט:

— ער האָט אויסגעהויכט זיין אָטעם און אָפּגעגעבן די יאָרן וואָס זענען אים אָנגעצייכנט געוואָרן, ווען מען האָט אויפן הימל אויסגערופן זיין זיווג, כדי זיין שטאָם זאָל נישט פאַרשניטן ווערן פון פּנים פון דער ערד. ער האָט פאַרנומען די רייד פון דער באָבען און איבערגעענטפערט צו זיין אייניקל, ער זאָל זיי איבערגעבן צו זיינע קינדער. זשערעמאיאַ קערט זיך אָבער אָפּ פון אים און פאַרבייט אים אויפן פאָטער פון גאָרטן.

פּאַרוואָס גיט מען אים נישט קיין רשות צו דערמאָנען זיין אייניקל די רייד, וואָס האָבן אויסגעהויכט זיין לעבן?

ערשט ער זעט: ביי זשערעמאיאן האָט זיך אָפּגעטאָן דאָס ליכט פון חכמה און וויסן, נייערט פּחד שרעקט זיינע אויגן.

ציטערט דער זיידע, זיינע רייד זאָלן נישט ניזוקן זיין אייניקל, און ער בעט רחמים, די רו זאָל זיך נישט אָפּטאָן פון פּאַלאַץ.

אין די שפּאָקטיוון פון גלעזערנעם פּאַלאַץ האָט מען פּלוצלונג דער־זען, אַז אונטערוואַסער־שיפן מיט כלי־זיין פון מלכות יוון דערנענטערן זיך צו די ברעגן פון לאַנד חפשי.

אָפּגעטאָן האָט זיך די רויקייט פון גלעזערנעם פּאַלאַץ; דער פּחד האָט אַראָפּגענידערט די אויסדערוויילטקייט פון די לייט פון וויסן, אין געפּאַלנקייט.

יעדער באַזונדער האָט געטראָגן פאַרבאָרגן זיין מורא און אַלע צוזאַמען האָבן זיי געוואַרט אויף די באַפעלן פון עיר הבירה.

מען האָט נישט גערעדט, נישט געפרעגט, מען האָט בלויז געפּאָרשט די תנועות פון דעם עלטסטן פון די לייט פון וויסן. אַז מען האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין פּנים האָט מען געזען ווי די קנייטשן קאַרבן איין די ידיעות: מלכות יוון ענטפערט נישט. דער עלטסטער האָט זיך אָבער געשטאַרקט און אָנגעהאַלטן זיין רויקייט.

נאָר אָט האָט זיך אין דער לופטן באַוויזן אַ סימן, וואָס בלויז דער עלטסטער האָט פאַרשטאַנען, האָט ער אויסגעציילט די איבערגע־בראָכענע ווערטער:

— גרייט, זיין גרייט, אויפן אָרט, די פינגער אויף דעם געוועדק!

יעדערער האָט גלייך פאַרנומען זיין מעמד, נאָר אַז ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויף זיין אָרט, האָט ער געוואָלט דערגיין צי ער וועט קענען רירן די פינגער.

דער סימן אין דער לופטן האָט זיך אויסגעצויגן לענגער, ברייטער, זיך געביטן אין אַלערליי פאַרבן, און יעדערער האָט שוין געזען אַז די סכנה איז גרויס, און ווערט גרעסער.

שטרענגען זיך אָן די בליקן אויף דעם געוועדק, מען רעכנט אויס, מען גרייט זיך, מען וויל נישט פאַרשפּעטיקן; ס'דוכט זיך אַז מען טראַכט נישט וועגן קיין אַנדערער זאַך, ווי וועגן דער קויל, וואָס מען וועט אין

דער רגע אַרויסשיקן. דער רעיון טוט זיך אָבער אויס פון דער חכמה, וואָס מען האָט געלערנט וועגן די נייע כלי־זיין און גראָבט זיך אין דעם אייגענעם זכרון. מען זוכט אַ פאַרענטפערונג פאַר זיך אַליין, פאַרוואָס מען איז אָנגעקומען אין גלעזערנעם פּאַלאַץ, און מען יאָגט זיך נאָך נאָך דער שולד פון עמעצן אַנדערש, וואָס האָט געבראַכט צו די נייע כלי־זיין: אַמאָל האָט דאָס חייל געפירט מלחמות אויפן שלאַכט־פעלד און דער מאַן פון וויסן איז געזעסן אין לערן־הויז, און איצטער...

און ביי דעם עלטסטן שפּאַרט זיך אַרויס שאַרפער ווי ביי אַלעמען: ווען נישט ער, דער ייד, ער!

זיין קול פּלאַצט אַרויס אַזוי פּלוצלונג ווי ס׳באַווייזט זיך אין דער לופטן קלאָר אָן רמזים:

— מלכות יוון נעמט צו די אונטערוואַסער שיפן!

מען זעט אין די שפּאַקטיוון ווי די שיפן דערווייטערן זיך פון די ברעגן און אין פּאַלאַץ פליצט די פרייד טיפער פון דעם וואַסער אין ים.

דער אויסגעשריי: „ער דער ייד" טראָגט אָבער זשערעמאיאן אין פּנים אַריין דעם אומרו העכער פון די כוואַליעס אין ים.

— ער איז דאָך אויך אַ ייד, — בייסט די פרייד זשערעמאיאן מיט דער בייזקייט פון אַ פינגער וואָס טייטלט אויף אים.

— שוין לאַנג נישט געטראַכט וועגן דעם און נאָך לענגער נישט געהערט עס, — וויל זשערעמאַיאַ זיין רויק, געלאַסן, ווי מען דאַרף זיך פירן אין גלעזערנעם פּאַלאַץ. ער לאָזט זיך אַריין אין אויסרעכענונגען, וויפל רגעס עס דאַרף נעמען ביז אַ קויל פון די נייע כלי־זיין וועט פאַלן אויף אַ שטאָט פון שונא, ווי ווייט קען מען זען אין די שפּאַקטיוון. ער קען אָבער נישט פאַרטרייבן דעם אומרו, אים קומען אויפן זינען אַנדערע חשבונות: — ער איז שוין אין פּאַלאַץ דאָס צוועלפטע יאָר, נאָך איין יאָר, איז דרייצן, און ער ווערט דערהויבן צו דער העכסטער כיתה; און וויפל יאָר איז ער שוין פון דער היים? — פרעגט ביי אים דער זיידע.

דער טומל וואַקסט אין פּאַלאַץ. די שרעק זעצט זיך אָפּ פון דער פרייד און דער נצחון פלאַטערט אין די רייד:

— זיך פאַרמאָסטן און פאַרלוירן.

— אויף דער סעודה וועלן מיר נאָך אַמאָל געקרוינט ווערן.

— דאָס מאָל מיט נצחון!

זשערעמאיאן דאַכט זיך, אַז דער טומל טראָגט זיך אַוועק ווייט פון אים. די סעודה גרייט מען צו ערגעץ אַנדערש, פאַר אַנדערע מענטשן. ער גייט אַרום איבער די וועגן און זוכט צו באַגעגענען דעם זיידן. ער וויל זיך אָבער נישט אַריינטראַכטן אין די רעיונות. ער שרעקט זיך, אַז זיינע מחשבות זאָלן זיך נישט אָפּשלאָגן ערגעץ אויף אַ שפּיגל, וואָס שניידט אַריין זיינע שטראַלן אין די פאַרבאָרגענישן פון מענטשן.

קוקט ער אָנגעשטרענגט אויף דעם געוועדק און ס׳דוכט זיך, אַז אים פאַרדריסט וואָס די שרעק איז אַריבער. ער זעט: אָנשטאָט דעם פּחד פון דער שיף, שפּאַרט זיך גאָר דער שאָטן פון זיין פּנים יעדערן אין די אויגן.

ד

— און דער מאַן פון וויסן, זשערעמאיא שעלו, שטייט הינטער זיין שאָטן און באַהאַלט זיך פון דער סעודה; מסתמא שרעקט ער זיך פאַר נאָך אַן אָנפאַל, באַוויזט זיך פאַר זשערעמאיאן דער שמייכל פון דעם עלטסטן חכם אין פּאַלאַץ.

דער עלטסטער חכם איז שוין אַן עלטערער מענטש אין די זעכציקער יאָרן. מען האָט אים אָבער געלאָזט דינען אין פּאַלאַץ לענגער ווי די אָנגענומענע צייט צוליב זיין טיפער פאַרשטענדעניש, גרויסער קענטעניש אין די נייע כלי־זיין, און דערהויפּט צוליב זיין טבע, וואָס די יאָרן דינסט אין פּאַלאַץ האָבן אויסגעהאַמערט אין אים.

ער איז אַ הויכער, אַ גלייכער. די גרויקייט טוט זיך נישט אָן אויף זיינע שוואַרצע האָר, נאָר די עלטער טרינקט זיך אויף זיין פּנים אונטער די טיפע שוואַרצע אויגן. ביים ריידן פאַרציט ער זיינע תנועות מיט אַ שמייכל, מען זאָל נישט דערקענען זיין קאַלטע איינגעשלאָסנקייט.

זשערעמאיא זעט אָבער אַז דאָס מאָל ציטערט ביי דעם עלטסטן אין זיין שמייכל דאָס אַרומגעשוירן בערדל, אויסגעשוירן מיט אַ שפּיץ, אַ האָר נישט לענגער פון דער מאָרדע, איינגעגראָבן אונטער דער ליפּ, און אים ווילט זיך פאַרגלייכן: ווי... נאָר ער ציט נישט ווייטער דעם רעיון. ער וויל זיך בלויז דערמאָנען, צי דער עלטסטער האָט שטענדיק אַזוי אויסגעשוירן זיין בערדל. — אפשר יאָ און אפשר נישט. פאַרוואָס האָט ער זיך פריִער נישט צוגעקוקט צו דעם, און איצטער שפּאַרט עס זיך אַרויס

פון זיין איינגעשלאָסענעם פּנים מיטן אומרו: ער דער ייד; דער זיידע איז אויך געווען אַ ייד, — שוועבט דאָס אַרומגעשוירן בערדל פון דעם עלטסטן אויפן זיידן און פון דעם זיידן אויפן עלטסטן מיטן סימן פון אַ ייד.

זשערעמאיא טוט אַ ציטער: — ער האָט זיך פאַרטראַכט וועגן דעם אַרומגעשוירן בערדל און מיט קיין וואָרט נישט געענטפערט אויף דעם עלטסטנס רייד. וויל ער זאָגן עפּעס אין געלעכטער, וואָס זאָל אָפּמעקן זיינע בליקן פון בערדל, ס׳שפּאַרט זיך אָבער אַרויס ביי אים: — ניין, איך טראַכט נישט וועגן קיין אָנפאַל, נאָר וועגן דעם ייד וואָס האָט אַמאָל געראַטעוועט די וועלט פון אַן אָנפאַל.

דער עלטסטער האָט זיך נישט געריכט אויף אַזעלכע רייד פון אַ מאַן פון וויסן, וואָס דאַרף דערהויבן ווערן צו דער העכסטער כיתה פון פּאַלאַץ. חידושט ער זיך:

— וועלכער ייד? אונטערשיידן מיר דאָ אין פּאַלאַץ די לייט פון וויסן נאָך זייערע אַמאָליקע גלויבנס?

זשערעמאיא קוקט אויף דעם עלטסטנס פּנים העכער פון זיין בערדל און פּרוווט זאָגן רויק: „אָט בין איך אַ ייד", נאָר זיינע בליקן לאָזן זיך אַראָפּ נידעריקער אונטער דעם עלטסטנס שטערן און דער ענטפער שאַרפט זיך אויס:

— אָט דער ייד, וואָס דער עלטסטער פון די לייט פון וויסן האָט אין פּאַלאַץ דערמאָנט אין דער שעה פון פּחד.

— ווי ס׳ווייזט אויס גראָבט פּחד טיפער פון דער חכמה פון וויסן — האָט זיך דער עלטסטער פאַרטראַכט און נישט געפונען קיין וואָרט פאַר דעם יונגן מאַן פון וויסן. ער האָט צוגעטראָגן אַ פינגער צום בערדל, געוואָלט אויסציען אַ האָר, און אַ שמייכל געטאָן:

— ווי ס׳וואַקסט אונטער, שער איך אַרום — און האָט זיך אָנגעהויבן דערווייטערן פון זשערעמאיאן.

זיין שאָטן האָט זיך אָבער אָפּגעלייגט אויף זשערעמאיאן גלייך ווי דער עלטסטער וואָלט נישט אָפּגעטראָטן פון אים, נאָר זיך געוויגט אויף איין אָרט.

זשערעמאיא האָט אַ ציטער געטאָן:

— אַזוי טוען זיי פאָרשן די אויפפירונגען ביי די לייט פון וויסן.

וויל זשערעמאיא דערגיין ווי אַזוי דער עלטסטער האָט אויפגענומען זיינע רייד. נאָר טראַכטן, טראַכט ער: — האָט דער עלטסטער אַלע מאָל אַזוי אַרומגעשוירן זיין באָרד? יאָ... ניין... פאַלט ער אַריין אין אַ ספק.

ער געדענקט נישט, צי ער האָט זיך ווען ס׳איז צוגעקוקט צו זיין בערדל. אָבער איצטער, דאָ, אין שאָטן, דערווייטערט פון דער פרייד וואָס גייט אויף פון דער סעודה, ציטערט פאַר אים דאָס בערדל, אויסגעשניטן אונטערן ליפּ, אַ האָר זאָל נישט אָפּוואַקסן העכער פון דער שער — דעם זיידנס בערדל.

דערנענטערט זיך זשערעמאיא צו די טישן פון דער סעודה. ער פלאָנטערט זיך אַריין אין דער פרייד פון נצחון און נעמט נישט אַראָפּ דעם בליק פון דעם עלטסטנס בערדל. ער וואַרט, דער עלטסטער זאָל אַ קוק טאָן אויף אים מיט די בליקן, וואָס האָבן באַוויזן דעם ייד, אפשר וועט ער זיך דערמאָנען דעם זיידנס רייד.

דער עלטסטער קוקט אָבער אויפן יונגן מאַן פון וויסן מיטן שמייכל, וואָס ציט זיך אַראָפּ אויפן בערדל, און רעדט ווייך און גוט צו אים, ער זאָל נישט מיינען אַז דער עלטסטער וויל אים דערמאָנען די פריערדיקע שאַרפע רייד.

דער שמייכל פון בערדל גראָבט אָבער זשערעמאיאס זכרון, צי דער זיידע האָט אויך אַזוי געשמייכלט ביים ריידן. טריפט ער אַריין אייניקע ווערטער אין דער פרייד פון נצחון, זיינע טראַכטונגען זאָלן זיך נישט אָנזען. ער ווייסט נישט, אַז דאָ אויף דער גרויסער סעודה איז ער אַ פרעמדער, און שוויגט ווי דער זיידע איז אַמאָל אַרומגעגאַנגען אין הויז ביי זיינע קינדער.

דער עלטסטער מאַן פון וויסן קוקט נאָך זשערעמאיאס פירונגען און טראַכט: — זשערעמאיא שעלו האַלט שוין ביי דער מדרגה פון דער העכסטער כיתה אין פּאַלאַץ. ער ווייסט שוין אַלע סודות פון דעם געווערק, בלויז איין רמז איז פון אים פאַרהוילן — דער צייכן וואָס ווערט געגעבן אַ מאַן פון וויסן ווען ער ווערט געקרוינט פאַרן עלטסטן פון פּאַלאַץ. און ער, דער עלטסטער מאַן פון וויסן אין פּאַלאַץ, וועמען די ממשלה האָט איבערגעענטפערט די גרונדפעסטונג פון לאַנד, ווייסט נישט אין וואָס פאַר אַ טראַכטונגען דער יונגער מאַן פון וויסן איז אַריינגעטאָן. ער קען נישט דערגיין צי ס׳איז פאַראַן אַ סכנה אין זיינע מחשבות.

האָט זיך דער עלטסטער נישט פאַרלאָזן אויף זיינע פאַרטרויוּונגס־מענטשן און האָט אַליין אַראָפּגענומען פון די שפּיגלען די צייכנס פון זשערעמאיאס טראַכטונגען.

דאָס פּאַפּיר ליגט ביי אים אויפן טיש אין זיין חדר מיוחד. זשערע־מאיאס געדאַנקען זענען קלאָר אָפּגעצייכנט; דער עלטסטער קען צוזאַ־מענשטעלן די ווערטער און איבערלייענען, נאָר אים איז שווער אויס־צוריידן זיי און ער ווייסט נישט זייער טייטש. ער פּרוּווט נאָכזאָגן קלאַנג נאָך קלאַנג, פון וואָרט און וואָרט, און זיין אייגן קול שרעקט אים מיט די פאַרבאָרגענישן וואָס די אָפּצייכענונגען באַהאַלטן אין זיך.

ער הייבט אויף דעם קאָפּ, טוט אַ שווערן אָטעם און קלאַפּט אויס אויפן פּאַפּיר: — ניין נישט קיין סימנים פון דעם געוועוערק. נאָר זיינע אייגענע רמזים, בלויז ער אַליין זאָל זיי קענען פאַרשטיין, זיין אייגענער סוד.

דער עלטסטער איז פאָרט נישט רויק; אמת, ער ווייסט אַז מיט זיינע חכמות פון וויסן האָט דער מענטש נאָך נישט דערגרונטעוועט די סודות פון דער וועלט, און ער וועט זיי אפשר קיין מאָל נישט דערגיין. די חכמות פון וויסן האָבן אָבער געגעבן אַ מעגלעכקייט דעם מענטשן צו פאָרשן, לערנען, זיך דערטראַכטן צו עפּעס. און דאָ שטייט פאַר אים אַ מענטש, וועמען ער האָט מיט די חכמות פון וויסן געלערנט אַריינצו־דרינגען אין די סודות פון דער וועלט און פאַרשרייבן די רמזים. נאָר ער, דער עלטסטער מאַן פון וויסן, וואָס האָט אים געלערנט, קען זיך נישט דערטראַכטן מיט דער זעלבער חכמה צו דעם, וואָס דער מענטש האָט פאַרצייכנט מיט „דער חכמה פון רמזים" וועגן זיין אייגן לעבן.

פאַלט אַראָפּ ביי זיך דער עלטסטער; — ער האָט גאָרנישט געטראַכט, אַז דער סוד פון מענטשן איז אפשר טיפער פון די סודות פון וועלט־באַשאַף וואָס דער מענטש וויל דערגיין, — ער פאַרגעסט, אַז ער טוט פאָרשן זשערעמאיא שעלוס אויפפירונגען און אים דאַכט זיך אַז זיי ביידע זענען פאַרטיפט אין אַן ענין וואָס זיי דאַרפן דערגיין איינער ביי דעם אַנדערן. ער טייטלט מיט די פינגער אויפן פּאַפּיר, בעט זיך, און מאָנט: — וואָס זענען דאָס פאַר אַ ווערטער, רמזים אָדער אַזאַ לשון? זענען דאָס די סודות פון דעם געוועוערק, אָדער די פאַרבאָרגענישן פון אַ מענטשנס לעבן; זיין אייגן לעבן, זשערעמאיאס לעבן.

און זשערעמאיא האַלט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ און פאַרענטפערט זיך — מען זאָל אים פריער לאָזן אַליין זיך דערטראַכטן...

## יא

אַז זשערעמאיא וויל איבערריידן אויף דער וואַך די רייד, וואָס וועקן אים אויף פון שלאָף, וואָס פאַלן אים איין ווען ער איז פאַרטראַכט ווי אין אַ דרעמל, צעפאַלן זיך די ווערטער, ווי איבערגעצייטיקט בליעכץ שיט זיך אַראָפּ פון די צווייגן. קלייבט ער די קלאַנגען, ניזשעט זיי אַרויף אויף די אַמאָליקע טעג און וויל דערגיין ביים עלטסטן אין זיין אַרומגעשוירן בערדל צי דאָס זענען די רייד, וואָס דער זיידע האָט אַמאָל געטאָן ריידן צו אים.

דער עלטסטער קרימט אָבער איבער דעם זיידנס קול: „ער דער ייד"...

שטעלט זיך איין זשערעמאיא פאַרן זיידן, נעמט זיך אָן פאַר דעם גרויסן חכם — דעם ייד און ענטפערט דעם עלטסטן מיט דעם זיידנס רייד: — ער האָט געוואָלט ברענגען אויף דער וועלט אַ ברכה און נישט קיין קללה.

— און וואָס טראָגט דער יונגער מאַן פון וויסן פאַר דער וועלט? נאַקעט אָפּ דער עלטסטער זיין שמייכל און שפּאַרט אַריין זיין בליק אין זשערעמאיאן, ווי ער וואָלט זיך געגראָבן אין אַן אָפּגרונט.

טוט זשערעמאַיא אַ ציטער: — ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען דעם עלטסטן אַזוי אויסזען. דער עלטסטער שטייט פאַר אים שאַרף אויסגעהאַמערט, ווי די הויט וואָלט זיך אַראָפּגעצויגן פון זיין לייב און די ביינער ברעכן זיך איבער אין דעם פּחד, וואָס די אונטער־וואַסער שיפן האָבן אָנגעוואָרפן אויפן פּאַלאַץ. גיט זיך אונטער זשערעמאיא: — וואָס קען איך ברענגען דער וועלט?

וויל דער עלטסטער דערמאָנען: — די סודות, רמזים, וואָס ליגן אויף די פּאַפּירן ביי אים אין חדר מיוחד. ער וועט אָבער נישט אַרויס־געבן זיין חשד, ציט ער אַרויף אויף זיך דעם שמייכל:

— די ברכה פון וויסן וואָס דער יונגער מאַן פון וויסן האָט גע־לערנט אין אונדזערע לערן־הייזער און געבראַכט אין פּאַלאַץ פון דער גרונדפעסטונג.

— יאָ!, שאַרפט זיך אַרויס ביי זשערעמאַיאַן, — די ברכה פון וויסן?, ניין! די קללה פון דעם עלטסטנס ליפּן.

— ווען? דערשטיקט דער עלטסטער דאָס וואָרט איידער ער שרייט עס אויס און בייגט אַראָפּ דעם קאָפּ: — איז זיך שעלטן אין אונדזער טבע?

— ווער ווייסט?...

ער קוקט אויף דעם עלטסטנס אַרומגעשוירן בערדל: — וויפל יאָר איז ער שוין דאָ אין פּאַלאַץ און ער האָט אַפילו נישט געזען צי דער עלטסטער שערט אַרום אָדער גאָלט אָפּ דאָס בערדל. רופט ער זיך אָפּ: — ווי אַזוי קענען מיר דערגיין, וואָס דער מענטש טראָגט איינגעגראָבן, פאַרבאָרגן, אין זיין נאַטור, אַז ער אַליין, דער מענטש גופא, ווייסט נישט ביז, ביז... ער דערזעט...

דער עלטסטער זעט אָבער, אַז דער יונגער מאַן פון וויסן דרינגט אַריין אין דער נאַטור פון מענטשן טיפער, ווי ער ווייזט עס אַרויס, מאַכט ער אָפּ ביי זיך, אַז ער פאַרשטעלט זיך מיט זיינע רייד; חזרט ער איבער: באַהאַלטן, פאַרבאָרגן אַ סוד, ער זאָל אויפרייצן זשערעמאיאן, אַריינברענגען אים אין כעס, אפשר וועט ער דערהערן נאָך אַ וואָרט וואָס זאָל אָנווינקען אויף זיינעם אַ סוד.

זשערעמאיא שטעלט זיך אָבער נישט אַנטקעגן דעם עלטסטן. ער גיט אים נאָך.

— אַוודאי, באַהאַלטן... פאַרבאָרגן... קוקסט זיך איין און זעסט נישט... אָט... הייבט ער אויף אַ פינגער און וויל אָנווייזן אויפן עלטסטנס בערדל. די האַנט לאָזט זיך אַראָפּ: — טאַקע דעם זיידנס בערדל, אָבער נישט זיין בליק; דער זיידע האָט אַזוי נישט געקוקט.

ער שטאַרקט זיך אָבער; ער שטייט רויק, געלאַסן... ער וואַרט ער זאָל דערהערן נאָך אַ קלאַנג, ער זאָל זיך דערמאָנען און אָנטאָן דעם חלום אויפן וואָר.

דער עלטסטער פירט אָבער נישט דעם שמועס. ער טראַכט: — רויק, שטיל, ווי אַ שלאָס... איצטער וועט ער גאָרנישט דערגיין, בלויז אַרויסווייזן זיין חשד.

פאַרציט ער זיינע בליקן מיט אַ שמייכל: — אָט, אָט... דאָס וויסן אַנטפּלעקט דעם סוד, און דער סוד פאַרהילט דאָס וואָס מיר ווייסן, ביז,

ביז... שטעלט דער עלטסטער אַוועק אַ טראַט, ווי ער וואָלט געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ער וועט זיך באַלד אומקערן צוריק צו דעם זעלבן שמועס.

דער עלטסטער באַווייזט זיך אָבער נישט צו זשערעמאַיאַן. ער וואַכט איבער די שפיגלען און פאָרשט די צייכנס וואָס זשערעמאיאס מחשבות זעצן אָפּ אויף די טאָוולען.

יב

פאַר דער צייט, וואָס דער מאַן פון וויסן איז דערהויבן געוואָרן פאַר דעם עלטסטן פון פּאַלאַץ, האָט ער קענען געלערנט די נאַטור פון די לייט פון וויסן, וואָס דינען דער ממשלה אונטער זיין השגחה. ער האָט זיי איינגעטיילט אין פאַרשידענע גראַדן. ער האָט געזען יונגעלייט, וואָס האָבן אויסגעשמידט זייער טבע מיט דער רעגלמעסיקייט פון דעם געוועדק אין פּאַלאַץ. ער האָט אויך געקענט יונגעלייט וואָס פאַרציען זייערע מחשבות מיט שטילע, רויקע רייד, נאָר אינעווייניק אין זיי, ציטערט דער קנייטש פון בענקעניש. דער עלטסטער האָט אָפּגעשאַצט יעדערן נאָך זיין גראַד. ער האָט אויסגעהאַמערט זיין דעה, איידער ער האָט נאָכגעקוקט די צייכנס אין די שפיגלען און די טאָוולען, און ער האָט קיין מאָל קיין טעות נישט געמאַכט. זיין זיכערקייט טוט אָבער אַ ציטער ווען ער טוט טראַכטן וועגן זשערעמאיאן, ווען ער פאַרטיפט זיך אין די סימנים וואָס מען האָט פאַרצייכנט אין פּאַלאַץ אויף די טאוולען: — זשערעמאיא שעלו האָט זיך אָפּגעפרעמדט... רעדט געציילטע ווערטער מען זאָל נישט דערקענען זיינע רעיונות... ער טוט אָן אויף זיך אַן אומעט, וואָס פאַר־באָרגט עפּעס אין זיינע בליקן... היט נישט אָפּ די רעגלמעסיקייט פון דעם געוועדק...

דער עלטסטער זעט קלאָר, אַז אַזוי טאָר זיך נישט אויפפירן קיין מאַן פון וויסן, וואָס קען דערהויבן ווערן פאַרן עלטסטן אין פּאַלאַץ. די ראיות בייסן זיך איין אין אים: אַזוי באַהאַלט אַ בוגד זיינע טאוונגען, און דער חשד ווערט ביי אים שאַרפער.

אַז דער עלטסטער בלייבט אָבער זיצן איינער אַליין ביי זיך אין זיין חדר מיוחד, אין דער שטילקייט פון דער נאַכט, דערוווייטערט פון פּאַלאַץ מיט די רמזים און סודות, און לייענט איבער איין מאָל און נאָך אַמאָל די צייכנס, וואָס די לייט פון וויסן האָבן אין פּאַלאַץ איינגעקריצט

אויף די טאָוולען וועגן זשערעמאַיאַן, שרייט ער פּלוצלונג אויס: און איך אַליין, בין אַנדערש!

דאָס קול ציטערט אין דער לופטן, ווי עס וואָלט זיך געבלעזלט איבער דער שטילקייט. דער חדר מיוחד שפּרייט זיך אויס ווייט און ברייט און ליידיקט זיך אויס פון דעם מעבל. דאָס ליכט ווערט טונקעלער, נאָר זיין געשטאַלט שפּאַרט זיך אַרויס אין דעם שאָטן שאַרפער ווי אין ליכטיקייט.

— אַזוי פאָרשט מען זיינע פּירונגען; אומעטיק... פאַרטראַכט... קוקט זיך נישט אַרום אויף די לייט פון וויסן... ניין, ער וויל זיי נישט זען!... קען נישט פאַרטראָגן זייער באַרימערייי. זיי האַלטן זיך גרויס, וויסן נישט אַז דאָס געוועק איז קליגער פון זיי — איז דער עלטסטער מבטל די יונגעלייט פון וויסן אין פּאַלאַץ און פאַלט אַראָפּ ביי זיך אַליין.

ער וויל זיך אָבער נישט אונטערגעבן. ער הייבט זיך אויף פון זיין שטול. ער שטעלט זיך אַוועק זיכער, פעסט, ווי ער וואָלט באַדאַרפט איבערגעבן אין פּאַלאַץ אַ וויכטיקן באַפעל פון עיר הבירה. דאָס מעבל, די חפצים, וואָס גרויסע מייסטערס האָבן אויסגעאַרבעט, טיילן זיך אויס אין חדר מיוחד מיט דער גאווה פון זיינע בליקן. בייסט זיך איין דער עלטסטער אין זיין אַרומגעשוירן בערדל: — ער מוז אויספאָרשן די סימנים, אינגאַנצן אַנדערש ריידן מיט אים, און אָפּמאַכן זיין דעה. זיינע מחשבות נידערן אים אַראָפּ אויפן שטול און פירן די פינגער איבער די פּאַפּירן, נאָר טראַכטן וועגן דער אויספאָרשונג קען ער נישט. זיין קאָפּ בייגט זיך אַראָפּ אין דער עלטער: „וויפל יאָר איז ער שוין אין פּאַלאַץ זינט ווען?... ער וויל אָנצייכענען אַ יאָר, דערמאָנען אַ טאָג, נאָר זי, פּערל, שטייט פאַר די אויגן. זי וויזט אָן די צייט, די מינוט, די רגע... און דערמאָנט, אַז זי האָט נישט געוואָלט ער זאָל געקרוינט ווערן פאַר אַן „אויסדערוויילטן".

— דעמאָלט איז זי ביי אים נישט אַרויס פון זינען. ער איז געזעסן ביי דער סעודה ווי זשערעמאיא האָט זיך באַהאַלטן אין זיין שאָטן פון דעם נצחון. און איצטער? — איצטער קען ער אין איין רגע זען ווי די זון גייט אויף און פאַרגייט אונטער דעם זעלבן הימל. נאָר זיך אַליין זעט ער נישט. פאָרשט ער פאַר דער ממשלה זשערעמאיאס פּאַפּירן, ער זאָל קענען באַווייזן די בגידה.

ער קומט אָבער צו אַנדערע אויספירונגען; ער טייטשט אויס די סימנים אין זיינע אייגענע טראַכטונגען: — דער יונגער מאַן פון וויסן האַלט ביי דעם לעצטן שטאַפּל וואָס דאַרף אים אין אַ טאָג, אַ יאָר, אַ חודש, שפּעטער, פריער, דערהייבן צו דער העכסטער מדרגה אין פּאַלאַץ, שפּאַרט ער זיך איין און פירט אַ מלחמה; מיט וועמען? ניין! נישט מיטן שונא; נישט מיט מלכות יוון; נישט אין פּאַלאַץ, נאָר דאָ אין היכל פון פּאַלאַץ, מיט דעם אויסגעטאָקטן, אויסגעהאַמערטן מעבל, מיט די רמזים, סימנים, סודות, וואָס טריקענען אויס די רייד. און אַז ס'קומען רייד, פּשוטע ווערטער, ווי אַ טאַטע רעדט צו אַ קינד, ווי אַ מאַן צו אַ ווייב, ווער וועט עס דערהערן? פּרוּווט דער עלטסטער אַרויסרופן עמעצן פון זיין משפּחה. ביים זיידנס לוויה זענען זיי אַלע געווען; זיי זענען נאָך געווען יונג. טאַטע־מאַמע האָט ער שוין נישט געקענט אין זייערע עלטערע יאָרן. שטייען זיי פּאַר אים אין די ערשטע טריט פון משפּחה, יונגע, יונגער פון די לייט פון וויסן אין פּאַלאַץ. און ער? — ער שפּאַרט זיך אָן אויפן טיש אַ ווייטער, אַ פרעמדער, אַלט, אַן עלטערער מענטש, אַזוי אַלט ווי דער זיידע. קוקט דער עלטסטער אין שפּיגל און וויל זיך לאָזן דערקענען צו טאַטע־מאַמע.

ער זעט אָבער אויף זיך דאָס בערדל: דעם זיידנס בערדל, אַרומגעשוירן, ס'זאָל נישט אָפּוואַקסן, מיטן שמייכל פון זיינע מעשיות:

„אַמאָל, אַמאָל,
פּאַרצייטנס, מיט יאָרן צוריק,
ווען מען האָט געריטן אויף פערד
און נישט געפלויגן אויף לופט־שיפן,
הינטער דער ליכטיקייט פון די שטערן,
אונטער די וואַרעמע אויוונס פון די זונען,
אַמאָל, אַמאָל, פּאַרצייטנס, מיט יאָרן צוריק,
אין דעם זיידנס מעשיות,
אָן אַ סוף און אָן אַן עק".

טייטשט דער עלטסטער אַריין: פריער פון דעם זיידן, פּאַר דעם עלטער־עלטער זיידן... אַמאָל, אַמאָל, אָן אַן אָנהויב און אָן אַ סוף... ווי אין די אויסטראַכטונגען. אָט האָסטו זיך דערוווּסט, און באַלד זעסטו, אַז דו ווייסט גאָרנישט.

אַמאָל, אַמאָל האָט זיך דער זיידע איינגעקוקט אויפן עלטער־זיידן. און ער, דער זיידע? ער זוכט זיך צו דערקענען אין שפּיגל, אין דעם בערדל; אַמאָל, אַמאָל, אָן אַן אָנהויב אָן אַ סוף... ווי אין די אויס־טראַכטונגען, ווי אין די מעשיות... און וואָס טוט זשערעמאַיאַ? ניין, ער איז נישט קיין בוגד!... וואַכט אויף דער עלטסטער, און וויל זיך באַווייזן פאַר דעם יונגען מאַן פון וויסן, אָט אַזוי ווי ער זעט זיך דאָ אין דעם חדר מיוחד, אין זיינע טראַכטונגען.

יג

אין פּאַלאַץ איז מען אָבער נישט רויק וועגן זשערעמאיאַן. דער חשד וואַרפט זיך יעדערן אין די אויגן. מען סודעט זיך וועגן אים און מען ווייזט אָן אויפן ווונק. מען ברענגט אַ משל און מען ווייסט שוין נישט צי זשערעמאַיאַ דערווייטערט זיך פון מענטשן, אָדער די מענטשן מיידן אים אויס, כדי דער חשד זאָל נישט פאַלן אויף זיי. דער עלטסטער זעט ווי די השערות און אויסרעכענונגען רייצן זיך אין פּאַלאַץ ביי יעדערן אויפן נאָז מיט דער פרייד, וואָס נקמה באַצאָלט פאַרן געדולד. די ראיות שפּאַרן זיך אין דער לופטן און וואַרטן דער עלטסטער זאָל זיי אויסלייגן פאַרן משפּט.

נאָר ער, דער עלטסטער גייט אַרום איבערן פּאַלאַץ ווי אַ פרעמ־דער, אַ זייטיקער, וואָס איז אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון די לייט פון וויסן.

אמת, מען הערט זיך נאָך צו צו זיינע רייד, נאָר אים דוכט זיך אַז די באַפעלן קומען פון עמעצן אַנדערש, און מען טוט אים אַ טובה, וואָס ענטפערן, ענטפערט מען אים, נישט עמעצן אַנדערש, ער זאָל נישט פאַרשעמט ווערן.

האָט זיך אַ טרייסל געטאָן דעם עלטסטנס שטאַנד אין פּאַלאַץ. ער האָט אַליין נישט געוווּסט צי ער האָט טאַקע דערזען די סכנה פון בגידה, אָדער אים שטייט נישט אָן וואָס אַנדערע לייגן אויס די ראיות איידער ער האָט זיי פעסטגעשטעלט.

— וואָס פאַר אַ ראיות קען ער אָבער ברענגען צום געריכט? און ביי אים, דעם עלטסטן חכם פון פּאַלאַץ, וואָס וואַכט איבער דער גרונד־פעסטונג פון לאַנד, און ציטערט מיטן אָטעם פון די נייע כלי־זיין, ביי אים וועט מען נישט געפינען די זעלבע ראיות?! וויל זיך דער עלטסטער

אָפּרעכענען מיט די לייט פון וויסן, וואָס האָבן אים אַרומגעפּאַנצערט מיט זייערע בליקן און אויסגעהאַמערט זיין טבע, ווי דאָס געווערק, וואָס האָט איינגעשטיינערט די ווענט פון פּאַלאַץ; ער רייצט זיך מיטן יונגן בחורל, וואָס האָט זיך מיט יאָרן צוריק נישט צוגעהערט צו אים, דעם עלטערן מענטשן. ער האָט אויסגעביטן אַ טרער פון ליבשאַפט אויף דעם כבוד פון אַן אויסדערווײלטן, און איצטער מאַכט ער, דאָס יונגע בחורל, צו גאָרנישט, לאַכט אויס די אויסטראַכטונגען פון דעם עלטסטן חכם אין פּאַלאַץ.

וויל ער מער נישט פאָרשן די ראיות. ער וועט אים איבערגעבן צום געריכט. זאָלן זיי משפּטן דאָס יונג בחורל...

— און ווער וועט משפּטן דעם אַלטן מאַן?! בייגט אַראָפּ די פאַרמאַטערטקייט דעם עלטסטן נידעריקער, נידעריקער... ער הייבט אויף אַ האַנט צום אַרומגעשוירן בערדל: — אויף די עלטערע יאָרן מעג שוין אַ מענטש אויך לאָזן אָפּרוען זיינע טראַכטונגען. ער שטעלט אַוועק אַ אַ טראָט און וויל אַוועקגיין פון פּאַלאַץ.

זשערעמאיא שעלו דערווייטערט זיך אָבער נישט פון דעם עלטסטן. ער מיידט אים נישט אויס. ער נעמט נישט אַראָפּ די אויגן פון זיין אַרומגעשוירן בערדל און דערמאָנט זיך אויפן וואָר, וואָס דער זיידע האָט אים פאַרזאָגט אין חלום, ער זאָל געדענקען, ער זאָל נישט פאַרגעסן. און אַז ער טוט אַ קוק ווי דער עלטסטער קרעמפּעוועט איין די פּאַפּירן אין האַנט, פאַרגעסט ער אויך די ראיות און דערזעט אויף די פינגער די תנועות, וואָס קאָרטשען זיך ביי דעם עלטסטן אויפן פּנים:

— איך ווייס נישט... אַליין פאַרגעסן... די באָבע האָט נאָך גע־דענקט... דער עלטער־עלטער זיידע האָט באַשריבן... אָטאָ... טו אַ קוק, מיין קינד... גיי, גיי, וועסטו קומען... האָב נישט קיין מורא...

וויל זשערעמאיא מיטן זיידנס קול דערמאָנען דעם עלטסטן, אַז אין די געשיכטע־ביכער איז נישט פאַרשריבן, אין די חכמות פון וויסן לערנט מען עס נישט. נאָר דער עלטסטער צעפּערטלט זיינע רייד מיט דער קללה וואָס ער האָט אויסגעשניטן אויף זיינע ליפּן און מעקט אָפּ דעם זיידנס געשטאַלט. ציט אַרויף אויף זיך זשערעמאַיאַ זיין שטאָלץ און וויל זיך אָפּרעכענען מיט דעם עלטסטן אין דעם שמועס וואָס ער האָט אַמאָל געלאָזט הענגען אין דער לופטן:

— דער עלטסטער פון די לייט פון וויסן דרינגט אַריין מיט זיין וויסן און שכל אין די סודות, וואָס וועלן אפשר נישט אַנטפּלעקט ווערן פאַר אַ יונגן מאַן פון וויסן. ער, דער הויך געאַכטעטער, דאַרף נישט פרעגן ביי אַ מענטשן וואָס הייבט ערשט אָן גיין אין זיינע טריט, ווי אַזוי אונדזער לאַנד קען באַשיצט ווערן פון דעם שונא, וואָס פאַרשטאַרקט זיך צו ווערן שטאַרקער פון אונדזער ממשלה.

„נישט קיין הכנעה, נאָר גאווה", פאַרהוילט דער עלטסטער זיין רעיון מיט די רייד: — מיר זאָלן זיך גרויסן אין פּאַלאַץ מיטן כבוד וואָס די ממשלה טוט אונדז אָן, און זיך איינקוקן ווי דער שונא שטאַרקט זיך מיט די נייע כלי־זיין!...

— יאָ, ניין, יאָ, יאָ! ניין, נישט צוקוקן. נאָר מיר אַלע לייט פון וויסן, פון דער גאַנצער וועלט זאָלן זיך צונויפּריידן מיט איין דעה, אויפ־דעקן אונדזערע סודות, אַנטפּלעקן די רמזים און מער זיך נישט צורירן צו דעם געווערק. ניין, נישט זיצן אין פּאַלאַץ און צוקוקן ווי די סכנה לויערט איבער אונדזער לאַנד, נאָר אַוועקגיין איבער דער וועלט ווי דער גרויסער חכם דער ייד, קיינער זאָל פון אונדז נישט וויסן, און מיר זאָלן קיינעם נישט זען, וועט נישט זיין קיין סכנה, נאָר שלווה.

— יאָ, נישט קיין סכנה, נאָר שלווה; נישט קיין מלחמה, נישט קיין קריג, נאָר שלום, פרידן... ציילט אויס דער עלטסטער און חזרט איבער וואָרט נאָך וואָרט, אַזוי שיילט ער זיך אויס הויט נאָך הויט פון דעם יונגן מאַן פון וויסן, זשערעמאיא שעלו, וואָס האָט פאַרביטן אַ טרער פון ליבע אויפן כבוד פון פּאַלאַץ, און ער טוט זיך אָן אין זיין חשיבות פון עלטסטן, וואָס דאַרף אויסהיטן דאָס לאַנד פון בגידה. בייסט ער זיך איין אין די רייד: ס'זאָלן נישט זיין קיין סודות, נאָר אַרומגיין איבער דער וועלט מיט די אייגענע רמזים.

דער עלטסטער שטעלט אַוועק פעסט דעם טראָט; ער טוט נאָך אַמאָל אַ קוק אויף זשערעמאיא שעלו, דעם יונגן מאַן פון וויסן, צופּט אויס זיינע תנועות און האַמערט אויס זיין רעיון: — אויב נישט קיין בגידה, איז נאַרישקייט, די סכנה ווערט נישט קלענער.

## יד

ביים משפט האָט זיך דער עלטסטער נישט אַרומגעזען ווי אַזוי ער האָט זיך אַריינגעטאָן אין די אויספאָרשונגען וואָס זענען געבראַכט געוואָרן קעגן דעם חייב. ער האָט פּאַרטייטשט, אויסגעטייטשט די רמזים, סימנים און צונויפגעשטעלט ווערטער פון די קלאַנגען. ער האָט גערעדט אַזוי אויסגערעכנט, ווי ער גיט צו פאַרשטיין אין פּאַלאַץ די אויסטראַכטונגען פון די נייע כלי־זיין, כדי ס׳זאָל נישט זיין קיין ספק אין זשערעמאַיא שעלוס בגידה.

אַז דער שליח פון דער ממשלה האָט זיך אָבער אויפגעשטעלט און אָנגעהויבן ריידן מיט דער שטאָלצקייט, וואָס ער האָט געבראַכט פון עיר הבירה, האָט דער עלטסטער אַ ציטער געטאָן. ער האָט אויפגעהויבן די אויגן פון פּאַפּיר: קליין און דאַר, ווי ער וואָלט זיך געבעטן, באַהאַלטענערהייט, הינטער זיין שאַרפן קול, מען זאָל אים אַוועקשטעלן אויף אַ העכערן אָרט, ער זאָל זיך מערער אָנזען. זיין קאָפּ — גרויס, קיילעכדיק, שאָקלט זיך, זיינע ביינערדיקע פינגער טייטלען אויף דעם חייב זשערעמאַיא שעלו.

האָט דער עלטסטער אָפּגעביסן זיין בליק פון דעם שליחס פּנים און אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ. זיינע בליקן רוען אָבער נישט, זיי גראָבן זיך אין דעם שליחס אויסזען און טראָגן זיך איבער אויף זשערעמאַיא שעלו דעם יונגן מאַן פון וויסן.

זשערעמאַיא, דער חייב, שטייט אַ הויכער, אַ גלייכער, אַ שטאָלצער. ער איז אין איין הייך מיט דעם עלטסטן, נאָר ער בייגט זיך נישט און קאָרטשעט זיך נישט ווי דער עלטסטער, זעט ער אויס העכער. ער נעמט נישט צו די האַנט פון דער מאָרדע און פירט די שפּיץ פינגער איבער דעם קין. ער צופּט אַראָפּ זיין בליק פון דעם עלטסטנס אַרומגעשוירן בערדל און ציט אים אַרויף אויף דעם שליחס פּנים. ער שוימט אַראָפּ דעם שליחס אויפגעברויזטע רייד פון די ראיות וואָס דער עלטסטער האָט געבראַכט, און קלייבט אָפּ פון זיי זיינע אייגענע טראַכטונגען. ער פאַרגעסט אַז ער ווערט דאָ געמשפּט פאַר בגידה און ער וואַרט אויף נאָך אַ וואָרט פון דעם זיידן, אַ בליק פון דער באָבען, וואָס וועלן אַרויסבליצן פון די פּאַפּירן.

ער לייקנט נישט, פאַרענטפערט זיך נישט: — יאָ, ס׳קומען די

ווערטער אויפֿן זינען, איך זוך אַליין די רייד, איך ענטפֿער, אַמאָל קען איך זיי איבעררײַדן, און אַמאָל געדענק איך בלויז אַ קלאַנג.

דער שליח פֿאַרהערט דעם חייבס רייד און שפּאַרט זײַנע בליקן אויף דעם עלטסטן. ער טײַטלט מיט די פֿינגער אויפֿן קטיגור און אויפֿן חייב, ווי ער וואָלט זיי ביידן נישט געשטראָפֿט פֿאַר דער בגידה, נאָר געוואָלט אונטערשניידן די טריט פֿון די געשטאַלטן, זיי זאָלן זיך נישט אויפֿהייבן העכער פֿון זײַן קליינעם געוווּקס.

ציטערן די ראיות ביי דעם עלטסטן אין די הענט, ווי ס׳קאָרטשעט זיך אַ פּאַפּיר אין אויסגעברענטן פֿייער, און זײַנע בליקן פֿונקען אויף דעם שליח: — ער נידערט יעדערן אַראָפּ אין זײַן מיסט, ער זאָל קענען אַוועקשטעלן זײַן טראָט ביי יענעם אויפֿן קאָפּ.

וויל ער דערמאָנען דעם שליח, אַז די ראיות, וואָס ער ברענגט אַרויס, קענען אָפּגעלייקנט ווערן, זײַן גאווה זאָל אַראָפּגענידערט ווערן. ער גורט זיך אָן מיט שטאָלץ און ווייזט אָן מיט דער האַנט, ווי ער וואָלט געוואָלט דערמאָנען אַ קלייניקייט, וואָס דאָס געריכט האָט פֿאַרזען. זײַן האַנט לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער מאָרדע, די פֿינגער גליווערן אויפֿן אַרומגעשוירן בערדל און ער ציט זיך אויס אין איין הייך מיט זשערע־מאיאָן. ער שטאַרקט זיך צו ריידן רויק, געלאַסן: — אמת, פֿאַרן געריכט זענען געבראַכט געוואָרן אַלע ראיות, וואָס זענען צונויפֿגעזאַמלט געוואָרן וועגן דעם יונגן מאַן פֿון וויסן, זשערעמאיא שעלו און דאָס געריכט קען אים געפֿינען חייב.

— אַוודאי, געוויס... קענען זיך די ריכטער נישט דערוואַרטן אויף די וויטערדיקע רייד. און דער שליח וועט אויך נישט אַראָפּלאָזן פֿון זײַן חשיבֿות, זײַן גרויסע שליחות זאָל זיך אָנזען ביים משפּט. לויבט ער דעם עלטסטן פֿאַר זײַן וואַכזאַמקייט, וואָס פֿאַרזעט נישט דעם קלענסטן פּרט פֿון דער באַשיצונג פֿון לאַנד.

בייגט אַראָפּ דער עלטסטער דעם קאָפּ, מאַכט דעם אָנשטעל אַז ער באַשיינט זיך מיט זייער כּבֿוד און רעדט שטיל, שטילער, די פּלוצ־לונגקייט זאָל אַראָפּפֿאַלן שאַרפֿער: — יאָ, ס׳איז נישטאָ קיין ספֿק אין די ראיות וואָס זענען געבראַכט געוואָרן קעגן דעם חייב. איך בעט אָבער רשות ביי דעם שליח פֿון דער ממשלה, און ביי די ריכטער, צו דערמאָנען אויף אַן ענין, וואָס דאָס געריכט האָט אפֿשר נישט געטראַכט אויף דעם

משפט. איך פרעג נישט אָפּ די גילטיקייט פון דעם שליחס רייד, מיין חוב איז אָבער אָנצוווייזן, אַז דאָס געריכט האָט פאַרקוקט אַ ראיה, וואָס דער חייב האָט אַליין נישט געלייקנט. זשערעמאיא שעלו האָט אונדז דער־ציילט, אַז ער האָט איבערגערעדט די רייד, וואָס זיין באָבע האָט אים דערציילט. ער האָט זיך דערמאָנט ווערטער וואָס ער האָט געהערט ביים זיידן. מיט דעם נאָמען יר־מ... האָט אים דער זיידע אַמאָל גערופן און פאַרזאָגט אים, ער זאָל נישט פאַרגעסן דעם יוד, וואָס ווערט אָפּגעהיט פון דור צו דור אין זייער משפחה. ער ווייסט נישט דעם טייטש פון די ווערטער וואָס גייען ביי אים נישט אַרויס פון זינען, זיי לאָזן אָבער אים נישט רוען. דאַרפן מיר אַריינקוקן, אַריינדרינגען אין דער הדרכה פון אונ־דזער לערן־הויז און גאָרטן. אַוודאי איז גרויס די זינד פון דעם חייב, מיר דאַרפן אָבער זוכן דעם טעם טיפער אין זיינע רעיונות, כדי מיר זאָלן פאַרשטיין פאַרוואָס אונדזער הדרכה האָט נישט איבערגעאַנדערשט זיין טבע; אפשר? — פאַלט אַראָפּ ביי זיך דער עלטסטער און פאַרבאָרגט אין זיך זיינע טראַכטונגען, קיין שיין פון זיי זאָל נישט פאַלן אויף די ריכטער.

קוקט דער שליח פון דער ממשלה אויפן עלטסטן און טראַכט נישט וועגן דער הדרכה פון גאָרטן, נאָר ער זוכט צו זאָגן עפּעס קליגערס, שאַרפערס, ווי דער עלטסטער האָט אַרויסגעבראַכט. פאַלט אים איין: „פרויען"! ווייבער וואָס שטייען שטענדיק פאַר זיינע אויגן, נאָר זיינע פינגער ביינערן זיך אויף זייער לייב און זייערע בליקן רייצן זיך מיט זיין געפאַלנקייט. גלייכט ער זיך אויס העכער פון זיין הייך און הייבט אויף זיין קול שטאָלץ און האַרט: — האָט זיך דער חייב, זשערעמאיא שעלו, ביי ווּעמען מיר האָבן צוגענומען דעם כבוד צו רופן זיך אויס־דערוויילטער פון פאָלק, האָט ער זיך געטראָפן מיט פרויען, ווייסן מיר וואָס ער רעדט צו זיי, ווען זיין תאווה זוכט זייער בליק?

דער שליח וואַרט נישט אויף דעם ענטפער פון די ריכטער, ער הייסט אַרויספירן דעם חייב, ער זאָל נישט הערן זיינע רייד. ער גיט אַרויס זיין באַפעל: — זאָל זיך דער חייב טרעפן מיט פרויען, מיט די פאַרריסענע, מיט די, וואָס פאַרבאָרגן זייערע באַגערן אין דער גאווה. וועלן מיר אין די רייד, וואָס זיי וועלן אונדז דערציילן, אין די קלאַנגען וואָס וועלן פאַרצייכנט ווערן אויף די טאָוולען, זיך דערוויסן מערער ווי

פון די ראיות וואָס דער עלטסטער פון די לייט פון וויסן האָט געבראַכט צו דעם משפט.

ער שליסט דעם משפט מיט אַזאַ פעסטקייט, גלייך ווי זיינע רייד וואָלטן געווען האַרבער, פון דעם פסק, וואָס דאָס געריכט האָט אויסגעשמידט פאַר זשערעמאיא שעלו.

טו

אין דער הייך, איבערן גלעזערנעם פּאַלאַץ איז אויסגעשפּרייט לאַנג און ווייט אַ גאָרטן. אין דעם גאָרטן וואַקסן בלומען וואָס בליען זיך פאַנאַנדער אין פאַרשידענע פאַרבן,ביימער וואָס באַשיינען די וועלט מיט זייערע צווייגן און בלעטער, און ביימער וואָס טראָגן אַלערליי פּירות. אויף באַזונדערע ערטער, אויסגעטיילט פון די ביימער, שטייען הויכע אויסגעהאַקטע שטיינער. זיי שטעלן פאָר די געשטאַלטן פון די לייט פון וויסן, וואָס האָבן מיט זייערע אויסטראַכטונגען געגרונטפעסטיקט די נייע כלי־זיין פון גלעזערנעם פּאַלאַץ. אונטער די געשטאַלטן איז איינגעקריצט איין וואָרט: „וויסן”, דאָס געבאָט וואָס לערנט, אַז גבורה ליגט אין דער חכמה פון וויסן.

דער גאָרטן איז פאַרפלאַנצט געוואָרן, ער זאָל באַשיינען דעם פּאַלאַץ און וועקן ערפורכט ביים פאָלק צו דער באַשיצונג פון לאַנד. די קינדער פון פאָלק האָט מען אָבער נישט אַריינגעלאָזן אין דעם גאָרטן. זיי האָבן בלויז געקענט קוקן אויף אים, און באַוווּנדערן אים, אָט אַזוי ווי מען האָט אין אַמאָליקע צייטן געאַכפּערט די הייליקע ערטער פון די טעמפּלען, ווו ס'זענען געהייליקט געוואָרן די דינער פון די געטער.

אין דעם גאָרטן זענען אַרומגעגאַנגען די לייט פון וויסן פון גלעזערנעם פּאַלאַץ. דאָ האָבן זיי זיך געטראָפן מיט די יונג־פּרויען, וואָס די ממשלה האָט אָפּגעקליבן פון די טויזנטער, וואָס האָבן זיך געצויגן פון גאַנצן לאַנד צו דעם גאָרטן פון גלעזערנעם פּאַלאַץ, צו שטילן זייער אומרו און אויסבייטן זייער תאווה אויפן כבוד פון די לייט פון וויסן.

די ממשלה האָט געוווּסט אַז זי קען פאַרווערן די לייט פון וויסן חתונה צו האָבן, דאָס ווייב זאָל זיך נישט דערוויסן די סודות פון די נייע כלי־זיין. זי קען אָבער נישט אָפּטאָן די גלוסטונג פון מאַן צו דער פרוי. האָט מען אַריינגעלאָזן די יונג־פּרויען אין גאָרטן, זיי זאָלן זיין

ווייבער צו די לייט פון וויסן. ס'איז דערביי געווען נאָך אַ טעם; די ממשלה האָט קענען געלערנט די נאַטור פון מאַן און האָט געוווסט, אַז ווי קלוג אַ מאַן פון וויסן זאָל נישט זיין אין זיין חכמה און ווי ער זאָל זיך נישט שטאַרקן אין זיין גבורה, קען ער נישט באַשטיין דער פרוי, וואָס פוצט זיך אין איר רייץ ווי אַ פויגל אין זיינע פעדערן. ער בייגט זיך אַראָפּ אין זיין הילפלאָזיקייט, לאָזט זיך אַראָפּ אין זיין נאַרישקייט, און די תאווה שפּאַרט אַרויס די רייד, וואָס באַווייזן זיך נישט אין די טראַכטונגען אויף די טאָוולען. האָט מען די פרויען געלערנט ווי אַזוי צו באַנעמען זיך מיט די לייט פון וויסן. מען האָט זיי פאַרזאָגט, אַז זיי זאָלן נישט פאַרהילן פון דער ממשלה קיין זאַך וואָס זיי וועלן זיך דערוויסן ביי די לייט פון וויסן וועגן די נייע כלי־זיין, כדי זיי אַליין זאָלן נישט באַשטראָפט ווערן פאַר בגידה האַרבער פון דעם בוגד.

אַ פרוי האָט זיך נישט געטאָרט לאַנג פאַרזאַמען אין דעם גאָרטן, די תאווה זאָל זיך נישט אויסצייטיקן אין דער געטריישאַפט פון ליבע. האָט מען אָפּגעהיט די צייט, וואָס אַ פרוי פאַרברענגט אין גאָרטן פון פּאַלאַץ, און מען האָט זיך פאַרלאָזט אויף די רייד פון די פרויען מערער ווי אויף די ראיות פון די טאָוולען. און נאָך די רייד, וואָס די פרויען האָבן געבראַכט וועגן די לייט פון וויסן, האָט מען זיי אויסגעטיילט דעם כבוד פון דער ממשלה, וואָס האָט באַלויכטן זייער וועג מיט דעם אָפּשיין פון די לייט פון וויסן.

## טז

אַנדערש איז געווען מיט טאַמערלען; זי האָט געקענט קומען און אַוועקגיין, ווען זי האָט געוואָלט און קיינער האָט נישט אַכטונג געגעבן ווי לאַנג זי האַלט זיך אויף אין גאָרטן.

זייער אַ וויטן און לאַנגן מהלך איז טאמערל דורכגעגאַנגען ביז זי איז געקומען אין גאָרטן פון גלעזערנעם פּאַלאַץ. איר וועג האָט זיך אָנגעהויבן אין יענער צייט, ווען זי האָט זיך אויסגעפוצט אין איר נײַ קלייד, אָנגעטאָן דעם זיידענעם טוך אויף די אַקסלען, און איז אַוועק שפּאַצירן איבער דער לאַנגער גאַס פון זשירעווע, ווי ס'ווערט באַשריבן אין משה יודלס געשיכטע „אין בויד".

אין זשירעווע האָט מען זיך דעמאָלט געחידושט פאַרוואָס טאַמערל

האָט זיך אין „אַ מיטן מיטוואָך" אין דער פרי אָנגעטאָן אין שבת־מיטן יום־טוב און מען האָט געפרעגט מיט אַ געלעכטערל: טאמערל, דו פאָרסט שוין ווידער אַוועק?

אין יענעם זומערדיקן פרימאָרגן האָט מען נאָך נישט געוווּסט, אַז דוד לייב, הירשל דעם פּאָטשטערס זון, איז שוין טויט, און קיינער האָט נישט געגלייבט, אַז זי, טאַמערל, האָט געטאָן פאָרן מיט אים ביינאַכט אין זיין בויד קיין דעמאַנאָווע מיט דער פּאָטשט. האָט מען דערמאָנט: טאַקע שוין אַ מאַמע פון צוויי קינדער, אָבער בעסער נישט געוואָרן, אָט אַזוי ווי אַמאָל, ווען זי האָט זיך אַוועקגעשטעלט לעבן קלויסטער מיט אַ לוסטע ברויט אין מויל און געסטראַשעט אַז זי וועט זיך שמדן.

טאַמערל האָט אָבער אין יענעם „מיטן מיטוואָך" נישט געטראַכט וועגן די צייטן, ווען זי האָט געפירט מלחמות לעבן קלויסטער מיט די קינדער פון זשירעווע, מען זאָל זי נישט רופן טאמערל, נייערט טאַמאַראַ. זי האָט געזעסן פאַר די אויגן שימקען, איר מאַן, וואָס האָט געקלאַפּט אין טיש, געדרייט איר מאָרדע מיט דער שווערער לאַפּע, געבריט מיט זיינע בליקן אירע אויגן און געשריגן, אַז ער איז נישט איר מאַן, נאָר אַ ליובאָוניק, און זי — ערגער פון אַ ליובאָוניצע. אין יענעם פרימאָרגן האָט זיך מיט איר גערייצט דוד לייבס בויד, וואָס האָט זיך אויפגעהערט אָפּשטעלן אין די פאַרנאַכטן לעבן איר הויז, דער אַלטער, צעשפּרייטער קרעטשמע. זי האָט זיך אָבער נישט אונטערגעגעבן. איר צאָרן האָט זיך געצונדן שאַרפער פון איר ווייטאָג און האָט זיך אויסגעשניטן אויפן נאָז, לענגער פון די ביינערדיקע פינגער. האָט זי געענטפערט שטיל און רויק: פאַרוואָס זאָל איך אַוועקפאָרן, אַז דוד לייב איז נאָך נישט אַוועקגעפאָרן?

— יאָ, יאָ, האָט זי געוואָלט שאַרפער פאַרשעמען הירשל דעם פּאָטשטערס זון, וואָס איז נאָך נישט קיין דאָקטאָר, אָבער ווייסט שוין אַזוי פיל ווי אַ פּראָפעסאָר.

— בין נאָר וואָס געקומען פון דעמאַנאָווע, אַ גאַנצע נאַכט געפאָרן אין בויד, און ראש חודש, ריכטיק צום יאָר, שטעלן מיר אין סלאָנים אויפן שול־הויף חופּה.

אַז צו טאַמערלען האָבן זיך אָבער דערטראָגן די קללות, וואָס די זשירעווער יידן האָבן זי געשאָלטן אין דעם טאָג פון דוד לייבס לוויה, האָט זי זיך אויסגעליידיקט פון איר ביטערקייט און איז אַריינגעפאַלן אין אירע

קלאָג־רייד: דוד לייב האָט זי אַראָפּגעלאָזן, אַ לעבעדיקע, נידעריקער פון דער בויד, אונטער די רעדער. אַליין האָט ער זיך אויפגעהויבן אויפן שפּיץ בוים, העכער פון איר, ער זאָל זיך באַהעפטן מיט זיין ווייב, מיט דוניען, טויטערהייט. פאַר אים האָט מען אויסגעגראָבן אַ קבר דאָ אין זשירעווע; אָבער פאַר איר?! אירע טריט האָט מען אויסגעברענט אויף די שטיינער פון זשירעווער ברוק און זי האָט נישט ווו אַוועקצושטעלן אַ פוס.

קיינער האָט נישט פאַרנומען טאַמערלס קלאָג־רייד, און טאַמערל האָט נישט געוואָלט צוקוקן ווי דוניע קומט אַרויס אַנטקעגן דוד לייבן, צו באַגעגענען איר מאַן ביים קבר. האָט טאַמערל איבערגעלאָזן אירע צוויי קינדער מיט דער אַלטער מאַמען אין דער צעשפּרייטער, צעלעכערטער קרעטשמע און איז נעלם געוואָרן פון זשירעווע.

מען האָט אין זשירעווע נישט געוווּסט ווו טאַמערל איז פאַרפאַלן געוואָרן, און טאַמערל אַליין האָט זיך אויך נישט אָפּגעגעבן קיין רעכע־נונג ווו ס׳טרעטן אירע טריט און וווהין ס׳טראָגן זי אירע פיס. דער אימפּעט האָט זי נישט געלאָזט איינרוען אויף איין אָרט און דאָס געוויין פון אירע קינדער האָט זי נישט געלאָזן זיך דערטראַכטן צו עפּעס וועגן זיך אַליין.

טאַמערל הערט ווי די מאַמע רעדט איין די קינדער, זיי זאָלן נישט טראַכטן קיין שלעכטס וועגן זייער מאַמען. זי זעט ווי זי שטעלט זיך איין, אויף די עלטערע יאָרן, פאַר איר טאָכטער, און טנהעט זיך אויס מיט די בעלי הבתים פון זשירעווע, זיי זאָלן נישט שעלטן איר בלוט און פלייש: — מיט וואָס האָט זי געזינדיקט? וואָס איז איר חטא? זי אַליין וויל אויך אַזוי ריידן צו די יידן פון זשירעווע און קומען צו אירע קינדער, ווי אַן אַלטע באָבע, מיט אַ פאַטשיילע אויפן קאָפּ און טאָרבעס אויף די אַקסלען. זאָלן זיי מיינען, אַ בעטלערקע גייט אַרום איבער די הייזער. זי וועט אַרויסנעמען מתנות פון די טאָרבעס און איינשטילן זיי מיט די מעשיות וועגן אַ מאַמען, וואָס וואָגלט אַרום איבער דער וועלט און בענקט נאָך אירע קינדער.

זי פאַרגינט אָבער נישט דוניען: אַזאַ ליבשאַפט פון אַ מאַן; טויטערהייט האָט זי אויסגעפירט מערער ווי ביים לעבן: און זי, אַ לעבע־דיקע, איז אַ שפּינוועבס פון אַ שאָטן. טאַמערל ווייסט אַז זי קען זיך

נישט פאַרמעסטן מיט דוניען. זי גיט זיך אונטער: מסתמא איז זי מער נישט ווערט... זי וויל בלויז עמעצער, זאָל ער זיין גאַרישער און מיאוסער ווי דוד לייב; זיינע אויגן זאָלן זיך נישט באַהאַלטן אונטערן טוי פון די בליקן, נאָר זיך אַרויסשפּאַרן ווי ביי אַ פערד פון קאָפּ; זיינע הענט זאָלן נישט ציטערן ווייך, מיטן אָטעם פון איר לייב, נאָר פאַלן שלאַבערדיק ווי אַ קצבס אויפן יאַטקע־קלאָץ; — ער, אָט דער עמעצער, זאָל זי אָננעמען פאַר דער האַנט, אָט דאָ אין דער ווייטער פרעמדער וועלט, און אַ קוק טאָן אויף איר אָט אַזוי, ווי דוד לייב האָט געזען דוניען, ווען זי איז געפאָרן מיט אים אין בויד.

די וועלט קוקט אָבער אויף טאַמערלען מיט שימקעס אויגן: — איך וויים נישט וועמענס קינדער ס׳זענען דיינע בייסטרוקעס! דו האָסט דאָך געוואָלט זיך שמדן, טאָ נאַ שמד זיך.

די רייד קלינגען איר אין די אויערן מיט דעם ביטול פון די זשירעוועער יידן: — טאַמערל, דו פאָרסט שוין ווידער אַוועק? וווּהין פאָרסטו?... קיין מענער וועלן איר נישט פעלן...

טאַמערל קוקט זיך אַרום: אָט זענען זיי; שמייכלען גוט־ברודעריש; באַהאַלטן די רייד אין זייער ווינקען מיט די אויגן: וואָס אַנטלויפסטו? דערקענסט נישט?

טאַמערלען דוכט זיך אַז זי האָט די מענער קיין מאָל נישט געזען, נאָר זיי באַגעגענען זי ווי אַלטע באַקאַנטע פון שימקעס צייטן. זיי דערמאָנען איר אַז דוד לייב האָט זיך שוין לאַנג, לאַנג אַוועקגעצויגן אין זיין בויד, ווייט, ווייט און איבערגעלאָזן זי אויפן האַרטן קולאַק צוקאָפּנס. ווערט זי אין כעס; זי וויל פאַרגלייכן דוד לייבן מיט שימקען, נאָר זי קען נישט אָנמעסטן איינעם אויף דעם אַנדערן, אָט אַזוי ווי זי קען נישט אָנטאָן אויף זיך דער מאַמעס אַלטע פאַטשיילע און קומען צו אירע קינדער ווי אַ בעטלערקע מיט אַ טאָרבע אויף דער פּלייצע.

קלאָגט טאַמערל: — וויי־און־ווינד צו דעם מענטשן, וואָס שרעקט זיך פאַר זיינע זינד מערער ווי פאַר דער שטראָף; אָך־און־וויי צו דעם, וואָס אַנטלויפט פון זיך און קען זיך נישט אויסבאַהאַלטן פון זיין שאָטן.

## יז

דער שאָטן טוט זיך נישט אָפּ פון טאַמערלען; ער קאָרטשעט זיך אין איר צער, און לאָזט נישט איינשטילן די קללות פון זשירעווע. ער טראָגט זי איבער דער וועלט, ווי דער ווינט יאָגט זיך פון דער פּוסטקייט אין דער ליידיקייט. ער ציט אַרויף אויף טאַמערלען הויט נאָך הויט, יאָר נאָך יאָר, און זי באַנייט זיך, ווי די זמנים פון דער צייט פאַרגייען און קומען.

טאַמערל באַווייזט זיך מיט דער שרעק פון שימקעס קולאקעס, מיט דער בענקעניש נאָך דוד לייבן, און זי קוקט זיך איין מיטן שמייכל וואָס נקמה בייסט אַרויס פון בליק. זי לאָזט נישט רוען די וועלט, און די וועלט לאָזט זי נישט איינרוען אין איר וואָגלעניש.

אַז מען פירט אַ כלה צו דער חופה, באַווייזט זיך טאַמערל פאַר דעם חתן אין דער געשטאַלט פון דער, מיט וועמען ער האָט פריער געשריבן תנאים, און זי איז נעבעך געשטאָרבן פאַר דער חתונה. דער חתן זאָל זען אַז די כלה איז געווען שענער, קליגער פון דעם ווייב וואָס ער נעמט איצטער.

אַז אַ מאַן פאָרט אַוועק אויף אַ נסיעה, דערנענטערט זי זיך צו אים מיט איר גוטסקייט און וועקט ביי אים באַהאַלטענערהייט די תאווה, ער זאָל קומען אַהיים אַ זינדיקער און אויפוועקן ביי זיין ווייב אַ חשד.

אַז מאַן און ווייב קריגן זיך, נעמט זי שטענדיק דעם צד פון דעם ווייב און לייגט אויס פאַרן מאַן די פרייד פון שלום־בית, ער זאָל זיך איבערבעטן מיט איר. נאָר שפּעטער אין זייער חדווה, באַווייזט זי פאַרן מאַן די עוולות וואָס דאָס ווייב האָט אָפּגעטאָן, די קריגעריי זאָל אויפזידן, און צעשיידן זיי.

זי ווייסט, אַז זי קען אין די בתי־מדרשים נישט קומען; רייט זי אויף די ווינטן, פאַרציט מיטן שיין פון אירע האָר די גמרות, איר תאווה זאָל מבלבל זיין דאָס לערנען.

און אַז די הייליקע אותיות שטאַרקן זיך איבער טאַמערלען און זי פאַלט אַראָפּ פון די ווינטן, נאַרט זי אַרויס די ישיבה־בחורים אין דרויסן. אַליין שטעלט זי זיך אַוועק אויפן שפּיץ קוימען און קוקט זיך איין מיט אַ שמייכל ווי זיי לויפן אַרום איבער די גאַסן און שפּאַרן זייערע

בליקן, הינטער די לאָדנס פון די פענצטער, וואָס דעקן צו דעם שלאָף אין די שטיבער.

אַז ס׳באַווייזט זיך אָבער דער מאָרגן־שטערן, די מלאכים הייבן אָן זינגען שירה צו זייער באַשעפער, אַלע באַשעפענישן וועקן זיך אויף מיט אַ לויב צו הקדוש־ברוך־הוא און זיי דערציילן פון גאָטס כבוד און פון די ווערק פון זיינע הענט, וואָס ער האָט אויסגעשפרייט איבער דער וועלט; ווען די ערד לאָזט הערן דעם לויב, וואָס טראָגט זיך פון אַלע אירע עקן צו די הימלען און טוט איבערחזרן, אַז אַזוי איז די גלוסטונג פון צדיק, עס זאָל קלינגען אַ לויב און געזאַנג צו גאָט. און איין טאָג רעדט צו דעם אנדערן טאָג פון די וווּנדער, וואָס גאָט שאַפט מיט אים ביים פאַרגיין ביינאַכט און ביים אויפגיין אין דער פרי; און איין קול באַגעגנט זיך מיטן אַנדערן; גייט אויף און שטאַרקט זיך אין זיבן געזאַנגען, אַנטקעגן די זיבן טעג פון וואָך, וואָס שאַלן מיט פרייד און לאָזן הערן איבער דער וועלט:

„שטייט אויף צדיקים לערנען תורה,
שטייט אויף לויבן דעם אַלמעכטיקן גאָט!
הייבט אויף די טויערן פון דער וועלט
און זאָל אַריינקומען דער מלך הכבוד!"

און איבער דער וועלט שטייען אויף יידן צו עבודת הבורא; ווער עס איילט זיך מיטן טלית און תפילין אונטערן האַנט אין בית המדרש דאַווענען, אים זאָל זיין גרינגער צו מיען זיך אויף זיין חיונה; ווער עס זעצט זיך לערנען בהרחבה צו דאַנקען דעם אויבערשטן פאַר דער שפע וואָס ער שיקט אים צו, און ווער עס נעמט אַ ספר אין האַנט צו פרייען זיך מיט דער פרייד וואָס די ווערק פון בורא עולם טרינקען אָן דעם עלות־השחר פון דער וועלט. אָט אין דער צייט פאַלט טאַמערל אַראָפּ פון די ווינטן, ווי אַ זעמדעלע ברעקלט זיך אָפּ פון אַ באַרג. זי טונקט זיך אין דער ליכטיקייט, ווי אין אַ וואַסער און ציטערט, אַז אָט אָט זינקט זי אַראָפּ צום אָפּגרונט...

ראַטעוועט זיך דער שאָטן פון דער קדושה, וואָס פאַרבלענדט זיינע אויגן, און לאָזט זיך אַראָפּ אין דער טומאה וואָס שפרייט די פינצטערניש איבער דער וועלט.

טאַמערל שאַרט זיך צו צו די קלויסטערס. זי טוט אָן די טאָרבעס

פון די בעטלער און שפּאַרט אַריין אין זייער גערזאַנג איר שפּאָט און געלעכטער.

דערשרעקן זיך די גויים: „דאָס זענען קולות פון טייוולאָנים" און ציטערן אַריינגיין אין תיפלה. זי גנבעט אַריין איר בליק אין די לאַנגע האָר פון גלח און צעטומלט זיין פּרעפּלען צו די אָפּגעטער. ער קוקט אויף די געטשעס און זוכט די יונג־פרוי, וואָס באַווייזט איר נאַקעט לייב אָפּענער פון דעם פנים. טאַמערל אָטעמט דורך זיינע לאַנגע, צעלאָזענע האָר, שאָטנט אַראָפּ איר טונקלקייט אויף דעם גלחס אויגן און לייגט אונטער איר שנאה צוקאָפּנס פון דער וועלט.

יח

אַז ס'איז אָבער אויפגעשטאַנען דער צורר פון לאַנד עמלק, וואָס האָט פאַרדאָרבן די ערד און אָנגעפּילט די וועלט מיט רציחה האָבן די שדים, די טייוולאָנים, די בייזע רוחות דערזען, אַז זיין פּחד איז פינצ־טערער פון זייער שרעק, און זיי האָבן זיך באַהאַלטן פון דער וועלט אין די זומפּן און אין די אָפּגרונטן פון די ימען.

די שטראָף וואָס דער אויבערשטער האָט אַראָפּגעשיקט אויפן פאָלק ישראל האָט אַראָפּגענידערט די ווינטן פון די וואָלקנס, און טאַמערל האָט זיך אָפּגעזעצט אויף די דעכער פון די שטיבער אין זשירעווע.

די עינויים קשים, וואָס דער צורר האָט אָנגעטאָן די יידן, האָבן איינגעשלונגען טאַמערלס שנאה און ביטערקייט. ביי איר האָט זיך אויפגע־וועקט די ליבשאַפט פון דער מאַמען צו איר קינד, פון דער טאָכטער צו דער מאַמען. זי האָט געאומערט אויף די דעכער פון זשירעווער שטיבער, אַזוי ווי די באָבע האָט געקלאָגט אין קבר אויף דער ביטערער שטראָף, וואָס האָט זיך אויסגעגאָסן אויף אירע קינדער.

די באָבע האָט אויסגערעדט איר האַרץ פאַר דער מוטער רחל, וואָס איז נעבעך אַליין געפּרווט געוואָרן מיט אַזאַ בראָך, טאַמערל האָט אָבער נישט געקענט צוקומען אַפילו צו איר מאַמען, ווייל זי איז נאָך נישט אויס־געלייזט געוואָרן פון די זינד פאַר די שפיכות־דמים, וואָס זי האָט איר אָנגעטאָן אין דער אַלטער קרעטשמע.

האָט זי געוויינט אַז איר איז שווערער פון דער באָבען: איר

געבעט פאַרנעמט קיינער נישט, נייערט עס קלאָגט פאַרלאָזן אין די פוסטע, לײדיקע יידישע שטיבער פון זשירעווע.

האָט זי אָנגעהויבן בעטן רחמים ביים ווינט ער זאָל אַראָפּלאָזן דעם שטורעם פון סמבטיון אויף די וועגענער, די רעדער זאָלן נישט פירן די יידן צו דער שחיטה אין וואַלד באשין. די רציחה פון פאָלק עמלק איז אָבער שטאַרקער פון דעם שטורמווינט פון סמבטיון און טראָגט די וועגענער העכער פון די רעדער אין וואַלד פון הויף באשין.

האָט טאַמערל אויסגעטאָן איר שאָטן און פאַרצויגן אים אויף די קעפּ פון די פערד, זיי זאָלן נישט זען דעם וועג קיין באַשין. די אויגן פון די עמלקים זענען אָבער שאַרפער פון דעם בליאַסק פון אַ שווערד; זיי ווייזן דעם וועג און יאָגן די פערד מיט זייער פחד, שנעלער פון ווינט, צו דער הריגה פון די יידן. האָט זי זיך געוואָלט אַריינשפּאַרן אין די וועגענער, מען זאָל זי פירן צוזאַמען מיט די יידן צו דער הריגה אין באשין. איר שאָטן האָט זיך אָבער אויסגעצויגן אַפריער פון די פערד און אויסגעלייגט דעם וועג אונטער די טריט פון זייערע קאָפּיטעס. איז טאַמערל פאַרציטערט געוואָרן: „זי שפּרייט אויס דעם וועג!" האָט דער פחד זי אַ שפּאַר געטאָן אויף זיין שרעק און האָט זי אויפגעהויבן העכער פון די ווינטן.

טראָגט זיך טאַמערל פון מזרח אין מערב; פון צפון אין דרום און זוכט, ווער ס'זאָל נעמען נקמה פאַרן יידיש בלוט, וואָס די ממזרים פון לאַנד עמלק האָבן פאַרגאָסן.

יט

נישט איין זומער האָט געבראַכט טאַמערלען פון מזרח אין מערב, און נישט איין ווינטער האָט זי געטראָגן פון צפון אין דרום. אַלערליי צייטן האָט זי געהאַט, זינט זי איז אויסגעוואָרצלט געוואָרן פון דער ברוקירטער גאַס אין זשירעווע. זי האָט געשטעלט אַנדערע אין סכנה און האָט זיך אַליין געשראָקן אין געפאַר. זי האָט זיך געפרייט, ווען זי איז געשטאַנען אויפן שפּיץ קוימען און זיך איינגעקוקט ווי אויפן מאַרק שוימען די געשרייען פון תאווה. זי האָט געאומערט, ווען זי האָט זיך אין קעלט געשפּאַרט אונטער אַ פענצטער און מקנא געווען די ליכטיקע וואַרעמקייט פון אַ שטוב. זי האָט זיך אָבער קיין מאָל נישט געפייניקט אין צער אַזוי

ווי איצטער, ווען זי האָט זיך געטראָגן אויפן געווייַן פון די קליינע קינדער, און פאַר אירע אויגן האָבן זיך געקאָרטשעט די עינויים קשים פון די יידן אין זשירעווע.

זי האָט זיך נישט געוואָלט אָנשפּאַרן אויף די ווינטן, וואָס האָבן פאַרטויבט דעם געשריי פון די געפּייניקטע, די שערי רחמים זאָלן אים נישט דערהערן, און זי האָט נישט געפונען קיין רו אין דער פינצטערניש, ווייל די נאַכט האָט נישט באַהאַלטן דעם ייד פון דעם אויג פון עמלק. אַזוי, להבדיל, באלף אלפי הבדלות, געפינט נישט קיין רו דאָס אויג פון עמלק, וואָס האָט אַראָפּגעקוקט פון דאַך ווי דער סם טריפט אַריין טראָפּנווייז אין די קאַלכאויוונס, די גסיסה פון די קדושים זאָל זיך ציען לענגער.

די רשעים לאָזן נישט אַריין דעם אויג אין גיהנום, און די שרצים שליידערן אים אַרויס פון די זומפּן. טראָגט ער איבער דער וועלט די עינויים קשים פון די אומגעקומענע יידן, וואָס האָבן זיך אָפּגעזעצט אין זיינע שוואַרצאַפּלען.

דאָס אויג באַווייזט זיך נישט אין די שטעט אויף די געמאַרקן, ווו די נאַכט באַלייכט זיך מיט דער ליכטיקייט פון טאָג. נאָר ס'שפּאַרט זיך אַרויס איבער די בערג און טאָלן צו דערשרעקן די נאַכט, מיטן פּחד פון די יידן, וואָס די פינצטערניש האָט נישט געוואָלט באַהאַלטן פון דעם עמלק.

און גראָד דעמאָלט, ווען מאַן, ווייב ציען אַראָפּ אויף זייער וועג די פרייד פון די שטערן, קאַרבט זיך אויס דאָס אויג אין דער לבנה.

— אַ פּנים פון אַ מענטשן! ווערט דער גאַנג טונקעלער, די רייד שטילער, אומעטיקער.

— יאָ, אַ פּנים, אַזאַ פּחד! דאָס מויל שלינגט איין די נאָז.

— ניין. נישט קיין דוכטעניש, אַ פּנים, אַזאַ פּנים; גיב אים אַ האַנט, וועט ער כאַפּן אַ האַק.

לייקענען נישט די חכמים, די קלוגע לייט; און די נאַראָנים שעמען זיך נישט און באַהאַלטן נישט זייער שרעק.

מען קוקט זיך נישט אַרום ווי מען פאַרלאָזט די בערג און די טאָלן, וווהין מען איז געקומען זומער אָפּרוען פון דעם יאָך אין שטאָט. מען דערציילט אַז אַ סך ערטער וואָס האָבן אַמאָל געהייסן „די בערג פון פרייד" און האָבן געקלונגען אין די בערג און וועלדער מיט דער פרייד

און פאַרגעניגנס פון די גאַסט־הייזער, זענען פאַרפּוסטעוועט געוואָרן צוליב דעם אויג וואָס האָט זיך דאָרטן אויסגעקאַרבט אין דער לבנה. פון „די בערג פון פרייד" איז געבליבן דער נאָמען „דאָס שוואַרצע אויג" מיט די מעשיות וואָס מענטשן האָבן דערציילט וועגן פּנים, וואָס זיי האָבן דערזען אויף דער לבנה. מען האָט אָפּגעמשלט ווי אַזוי דאָס פּנים האָט זיך באַוויזן פאַרנאַכט אויף די שפּאַצירן. ווי אַזוי דער פּחד איז געקומען צו חלום און יעדערער האָט אויף זיין אופן עפּעס אַריינגעטייטשט אין דער מראה. די לייט פון וויסן האָבן אין „שוואַרצן אויג" געזען אַ שאָטן פון די גלגלים וואָס שלאָגט אָפּ די שרעק, וואָס דער מענטש טראָגט אין זיין געדעכעניש און דערזעט עס אין זיינע רעיונות. עלטערע מענטשן, די יידן וואָס האָבן נאָך געדענקט וואָס זייערע טאַטעס און זיידעס האָבן זיי געלערנט, האָבן געזען אין „שוואַרצן אויג" אַ סימן פון דעם שלעכטס וואָס קען ח"ו קומען אויף דער וועלט. זיי האָבן זיך דערמאָנט אין די מלחמות וואָס זענען געפירט געוואָרן אויף דער וועלט. האָבן זיי אין „שוואַרצן אויג" דערזען דעם פּרצוף פון עמלק, וואָס האָט אומגעבראַכט די יידן פון מעבר לים, און זיי האָבן דערמאָנט די קינדער אויפן אומגליק וואָס איז אַמאָל געבראַכט געוואָרן אויפן יידישן פאָלק.

אַז ס'איז אָבער געשטאָרבן די לעצטע באָבע, וואָס האָט נאָך געדענקט, וואָס אירע זיידעס האָבן דערציילט וועגן דעם צורר ימח שמו וזכרו, האָבן די יידן פון לאַנד חפשי פאַרגעסן וואָס ס'ווערט אָפּגעמשלט אין „שוואַרצן אויג" און האָבן אויסגעטייטשט די סימנים אָט אַזוי ווי די לייט פון וויסן האָבן געלערנט.

כ

אַנדערש איז אָבער געווען טאַמערל; די שנאה פון דער וועלט, וואָס האָט געביסן אירע בליקן, דער פּחד וואָס האָט זי געטראָגן העכער פון ווינטן, האָט געהאַלטן וואַך איר זכרון, און זי האָט אין אירע וואָגלענישן נישט געקענט פאַרגעסן וואָס די ממזרים פון עמלק האָבן געטאָן דעם פאָלק ישראל.

זי האָט אין „שוואַרצן אויג" דערקענט די רציחה, וואָס האָט גע־טריבן די יידן אין די וועגענער צו דער הריגה אין וואַלד באַשין. האָט

זי זיך אַראָפּגעלאָזן פון די ווינטן און האָט זיך פאַרמאָסטן מיטן „שוואַרצן אויג".

די רשעות פון אַ גאַנץ פאָלק איז אָבער שאַרפער פון דער נקמה פון איין מענטשן, אַזוי ווי דער ים איז טיפער פון די טייכן, וואָס טרינקען אים אָן. שפּאַרט דאָס „שוואַרצע אויג" דעם פחד פון רציחה, און טאַמערל זעט די עינויים קשים וואָס זענען איינגעקריצט אין זיינע שוואַרצאַפּלען.

ס'ציטערט אירער אַ פוס אויפן געזימס פון דאַך... אַ האַנט שפּאַרט זיך צום צוים פון פערד... ציינער בייסן די נעגל... ראַנגלט זיך נקמה מיט רציחה אין מיטן נאַכט, ווען די וועלט שלאָפט אויף די בעטן, וואָס האָבן איינגעפרוירן דאָס געוויין פון די קינדער.

טאַמערל הייבט זיך אויף אויף די קוימענס, איבער די דעכער, פון די שטיבער אין זשירעווע; זי וויל אויסבייסן די עינויים קשים פון דעם „שוואַרצן אויג" און ברענגען זיי אויף די פליגלען פון נקמה, צו דער שוועל פון דער מאַמעס אַלטער צעשפּרייטער קרעטשמע, אַזוי ווי די נשמה האָט געטראָגן פּרצס דריי מתנות צום כסא הכבוד.

ציט זיך דאָס „שוואַרצע אויג" מיטן רויך פון די קאַלכאויוונס, אין מיידאַנעק, און שפּאַרט אַרויס פון נקמה דעם רוצח אייכמאַן וואָס האָט אויסגעשמידט די וועגן פאַר די פאַרשלאָסענע וועגענער מיט געפאַנגענע יידן.

וויגט זיך נקמה מיט רציחה אויף די עינויים קשים, אַזוי ווי דאָס געשריי פון דעם ברודערס בלוט וועגט זיך מיטן שטיין אויפן ווינט.

אַז ס'שלינגט איין נקמה די רציחה, אָטעמט אַרויס די הריגה; שטאַרקט זיך די רציחה, גייט אויס די נקמה. און די עינויים קשים קלאָגן אונטערן קאָלנער פון דער נאַכט.

זעט טאַמערל, אַז מיט נקמה וועט זי נישט אָפּמעקן די רציחה פון פּנים פון דער ערד, אַזוי ווי זי קען נישט אויסבייסן מיט אירע בליקן די גרויזאַמקייט פון שימקעס אויגן. לאָזט זי זיך אַראָפּ פון די קוימענס פון די דעכער, שאַרט זיך אַוועק אויף דער ערד, אונטערן שאָטן פון „שוואַרצן אויג", זוכן די רציחה, וואָס שאַרפט דעם מעסער אויף רציחה.

## כא

טאמערל קוקט זיך איין אויף דעם גאָרטן פון דעם גלעזערנעם פּאַלאַץ און זוכט די תכסיסי־מלחמה, וואָס פאַרמעסטן זיך מיט דער רציחה. זי זעט אָבער בלומען,ביימער, אויסגעטראָטענע וועגעלעך, פאַר־שאָטנטע ווינקלען. די פרויען טראָגן אַ פריער פון זיך זייער רייץ און די מענער נידערן אַראָפּ אין זייער אונטערטעניקייט.

מאַן און ווייב דעקן אויף זייער נאַקעטקייט ווי נאָר אַ בליק באַ־געגנט זיך מיט אַ בליק. די תאווה פאַרלויפט דעם וועג דעם שאָטן און דער שאָטן דאַרט איין אונטער טאמערלס טריט.

„ווי אַמאָל אין די בערג פון פרייד", טראַכט טאַמערל, און אומערט:

— פון זשירעווע איז זי פאַרטריבן געוואָרן, די רציחה האָט זי נישט דעריאָגט, די ליבשאַפט האָט פאַרבלענדט איר די אויגן, און די נקמה האָט קיינעם נישט דערזען... טאָ צוליב וואָס זאָל זי זיך באַווייזן אויף דער וועלט, און ווער וועט זיך אַרומקוקן אויף איר?...

דער מאַן פון וויסן פון גלעזערנעם פּאַלאַץ, וואָס קלייבט אָפּ די פרויען פאַרן גאָרטן פון די אויסדערוויילטע, טראַכט אָבער אַנדערש. ער האָט דערקענט אין טאמערלס אויגן, אַז זי קוקט טיפער ווי יענע פרויען וואָס קומען אויסבייטן זייער שמייכל אויף דעם כבוד פון די יונגע לייט פון וויסן. טוט ער אַ קוק אויף טאַמערלען מיט די בליקן, וואָס וואַכן איבער דעם געוועדק פון פּאַלאַץ.

— שימקעס אויגן! ציט זיך טאמערל אַריבער מיט איר שאָטן.

— ניין, די כלי־זיין וואָס רציחה שאַרפט קעגן רציחה.

— און די נקמה?

— די נקמה שלייערט זיך אין דיינע שלייערן.

— די רציחה זאָל זי איינשלינגען?

— ניין, די נקמה זאָל אויספירן די באַפעלן פון דער ממשלה.

— טרעטן מיט די פיס אין די טריט פון די פרויען?

— אויסגעוואָרצלטע טריט בייסן זיך איין אין די נעגל.

— און וואָס באַווייזן די בליקן?

— זיי שלאָגן אָפּ דעם פחד פון „שוואַרצן אויג", דערקענען זיי דעם בוגד.

— און ווער וועט מיך דערקענען?

— דיך טאָר מען נישט דערקענען.

— און אַז איך וועל אָנטאָן דאָס היטעלע וואָס איך האָב געטראָגן אין זשירעווע אין אַ מיטן מיטוואָך? — לאַכט זיך פאַנאַנדער טאַמערל.

— וועט זיין שענער. קלוגשאַפט מיט שיינקייט.

— אויסגעפּוצט, אַוודאי! קלוג און שיין... שטעלט טאמערל אַוועק אַ טראָט מיט אַן אָנשטעל, ווי זי וואָלט אַרויסגעפירט טאַמאַראַן פון זשירעווע איבערן גאָרטן פון פּאַלאַץ.

כב

די וועגן פון גאָרטן לייגן זיך אויס גלאַטע, אויסגעטראָטענע, פאַר־בלאָנדזשען אין די קוסטעס, ווערן פאַרפאַלן אין די טונקעלע ווינקלען, און ציען אויס אָפריער פון טאַמערלען איר שאָטן.

קוקט טאמערל אויף טאַמאַראַס אויסגעצויגענער נאָז, איינגע־פאַלענע באַקן און מאַכט חוזק פון טאַמאַראַן מיט די רייד וואָס די מיידלעך פון זשירעווע האָבן אַמאָל אָפּגעלאַכט פון טאַמערלען: — מיט אַזאַ אויסזען, מיט אַזאַ פּנים...

דער שאָטן פּלאָנטערט זיך אָבער אין די באַהעלטענישן פון גאָרטן, פּענטעט די טריט פון די יונגע לייט פון וויסן, און אָט פאַרנייגט זיך איינער פון זיי פאַר טאַמערלען.

טאַמערל וועבט אים איין אין אירע בליקן און זי זעט אַז ער וועט שוין פון איר נישט אָפּטרעטן. שטעלט זי אַן איר חידוש:

— קיין שענערער נישט דערזען?

ביי דעם בחור קלעפּן זיך די רייד אין זיין נאָכגיביקייט. זיין פּנים קנייטשט זיך ווי ס'וואָלט זיך געצוואָגן אין שרעק. און אָט אָט דער־וויסט זיך טאַמערל וואָס ער האָט געטראַכט ביינאַכט, וואָס זענען געווען זיינע באַגערן נעכטן, נאָך ווען ער האָט ער געבענקט אייערנעכטן. זי קען עס איבערגעבן מיט יעדער תנועה און אויסהערן די לויב פון פּאַלאַץ.

טאַמערל נעמט זיך אָבער נישט איבער, זי פאַלט גאָר אַראָפּ ביי זיך: — וועט זי אויך קענען אַזוי געוועלטיקן איבער שימקען? וועט זי אויך קענען קוקן אויף דעם, ווען אירע באַגערן זוכן?

זי איז זיך אַליין מבטל און ציט אַריבער איר ביטול אויף דעם

יונגן מאַן פון וויסן. ער לאָזט זיך אַראָפּ פון זיין שטאַנד, און די גאווה רייצט זיך מיט אים ווי די שוואַרצע פליגלען, וואָס פליען אַוועק פון פייל.

דער יונגער מאַן פון וויסן גיט זיך אָבער נישט אונטער. ער זאָגט אַ וואָרט, פּרוּווט פאַרפירן אַ שמועס:

— אַז די זון גייט אונטער, גייען אויף די פרויען אין זייער שיינקייט.

— זיי בליען ביינאַכט און ווערן פאַרוועלקט אין פרימאָרגן.

— און ביי טאָג, אַ גאַנצן טאָג ?

— דאַרן זיי אייַן אין זייער אייגן לייב,

— און טאַמערל ?

וויל דער מאַן פון וויסן זאָגן איר אַ שבח, נאָר די ווערטער היפּן זיך איבער אין די רייד און שלאָגן זיך אָפּ איבערן גאָרטן ווי אַ פרעמד געלעכטער.

טאַמערלען דוכט זיך, אַז אָט אָט וועט ער זיך אַוועקיאָגן איבער שול־הייף, ווי די בחורים, וואָס זי האָט אַמאָל אַרויסגענאַרט פון לערנען אין בית־המדרש. זי וועט אָבער נישט אַוועקטראָגן איר געלעכטער אויפן ראַנד פון קוימען.

די קוימענס סטאַרטשען אַרויס פון די חורבות פון די יידישע הייזער. זיי קוקן מיט פּחד פון „שוואַרצן אויג" און טוען נישט אָפּ פון טאַמערלען די עינויים קשים.

וויל זיך טאַמערל נישט טראָגן אויפן ווינט מיטן כוח פון נקמה, וואָס וויגט זיך דאָ אין פּאַלאַץ, אויף די כלי־זיין פון דער רציחה. זי וועט אַראָפּנידערן די עינויים קשים אויף דער ערד און זיך אַוועקשאַרן אויף זיי צו דער באָבען אין זשירעווע, זי זאָל איינגיין צוזאַמען מיט איר, אין איר קבר.

זי וויל בלויז נאָכאַמאָל אַ קוק טאָן אויפן גאָרטן און אָנשפּיצן איר שאָטן אויף דער הכנעה פון די מענער, וואָס פּענטעט זייערע אייגענע טריט.

## כג

ערשט פון דיביימער באַווייזט זיך אַ יונגער מאַן, הויך, אויסגעצויגן, שוואַרצע האָר און דאָס פּנים שלאָגט אָפּ די לויטערקייט פון דער זון.

— זאָל עס זיין אַ מאַן פון וויסן ? חידושט זיך טאַמערל : זי האָט נאָך אַזאַ אויסדערוויילטן נישט געזען דאָ אין גאָרטן. קרימט זי איבער

דאָס וואָרט „אויסדערוויילטער״, מען זאָל זען דעם חוזק פון „וויסן״ וואָס שניידט זיך איין אין איר שמייכל.

— קיין פרעמדע מענער קומען אָבער נישט אַהער, וויל טאַמערל דערגיין: זאָל עס זיין אַ נייער, ערשט אָנגעקומען אין פּאַלאַץ, און די גאווה פון וויסן האָט נאָך נישט פּאַרוויאַנעט זיין פּנים; און אפשר האָט מען אויסגעקליבן דעם שטאַרקסטן, דעם פאַרשלאָסנסטן, אויסצופּרובירן צי זי וועט זיך עפּעס דערוויסן ביי אים?

טאַמערל וויל זיך אָבער מיט קיינעם נישט פאַרמעסטן, זי וויל קיינעם נישט בייקומען. גראָבט זי זיך איין טיפער אין די טריט און קערט זיך אָפּ פון גאָרטן. דער שיין פון איר פּנים שלאָגט זיך אָבער אָפּ אין דעם בליק פון דעם יונגן מאַנס אויגן.

ביי זשערעמאַיאַ שעלו האָט אַ ציטער געטאָן אַ תנועה. ער האָט אויפ־געהויבן אַ פינגער צום פּנים און פאַרלאַנגזאַמט דעם גאַנג. די טריט זענען געוואָרן שווערער. די בליקן ציען זיך נישט אַפריער, נאָר קוקן זיך אַרום אַרום אים: ווי נעכטן, אייערנעכטן; די פרויען מיידן זיך אויס, קומען זיך צוזאַמען און טיילן זיך פאַנאַדער...

אים דוכט זיך אַז זיי אַלע וואַקסן אַרויס פון איין קוסט, וואָס עפנט די בליעכץ ביי דעם מאַן אין די אויגן. רעדט ער איבער נאָך אַמאָל: — ווי נעכטן, ווי אייערנעכטן... און וויל אַוועקשטעלן שנעלער דעם טראָט. ער שטייט אָבער אויף איין אָרט.

אַ געשטאַלט ציטערט אַפריער פאַר אים:

— אַנדערש ווי די פרויען, וואָס רעשן מיט די תנועות מערער ווי מיט די רייד; אפשר פאַרבלאָנדזשעט אַהער, אַ פרעמדע, פון אַ ווייטער וועלט, ווי ער אַליין...

ער שפּאַרט זיך אָבער איין: ער וועט נישט צוגיין.

דאָס געשטאַלט בייגט אַראָפּ דעם קאָפּ און טוט אַ שמייכל: אָט אַזוי זעט אויס אַן אויסדערוויילטער פון פּאַלאַץ?

פאַר זשערעמאיא שטייט אַ פרוי, אַ הויכע, העכער פון די פרויען אין גאָרטן, נאָר איר שאָטן בייגט זי אַראָפּ נידעריקער פון די אַקסלען. דאָס פּנים, ביינערדיק, ווי עס וואָלט זיך אַרויסגעשפּאַרט פון אַן אָפּגעבראָ־כענעם צווייג.

— קיין סימן נישט פון דעם שמייכל, טוט ער אַ ציטער: פאַר־

שטעלט זיך... באַהאַלט ער נישט זיין כעס: — און אַזוי זעט אויס אַ פּרוי וואָס קומט צו די לייט פון וויסן אין גאָרטן פון פּאַלאַץ?

— איך זע אויס ווי מען קוקט אויף מיר.

— און אַז מען קוקט זיך נישט אַרום אויף דיר, וויל זשערעמאַיא שאַרפער אויסריידן זיינע רייד, נאָר ער זעט ווי אירע אויגן גראָבן זיך טיף, טיפער אין אירע בליקן, קוועלן זיך פאַנאַנדער איבערן פּנים, ווי זיי וואָלטן איינגעשלונגען איר גאַנצן אויסזען אין זייער אומעט.

פאַרענטפערט ער זיך:

— טאָ זאָג מיר, ווי קוק איך אויף דיר?

— דו זעסט מיך נישט.

— איך זע דיך נישט, און דו מיך?

— מיינע אויגן קוקן אַלע מאָל אויף דיר.

— ווו זעסטו מיך? פאַרמעסט זיך זשערעמאַיא.

טאַמערל איז אָבער רויק, ציילט אויס די רייד:

— פון דור צו דור, אויפן ווינט, און אין רויך, אויפן שול־הויף, און אונטערן „שוואַרצן אויג".

— יאָ, אַ באַקאַנט קול, נאָר אַ פרעמד פּנים, פּרוווט זשערעמאַיא דערגיין דעם טעם פון אירע רייד.

— דאָס פּנים? — די נאַכט האָט עס צוגעדעקט מיט די געדיכטע צווייגן פון וואַלד; דער גוף? העגנט אַראָפּ פון בויד ווי אַן אָפּגעשונדענע פעל פון אַ געקוילעטע קאַלב. נאָר דער ריח פון דעם אָפּגעשניטענעם היי קען זיך נישט אויסוועפן, טראָגט ער דאָס קול איבער דער וועלט. דער־קענסט נישט?! האָסט פאַרגעסן?!

— פאַרגעסן, פאַרגעסן... דערמאָן, דערמאָן...

נצחון קען זיך אָבער נישט אויסטאָן פון גאווה, רייצט זיך טאַמערל: — און אַז איך וועל אָנטאָן דאָס היטעלע, וואָס איך האָב גע־טראָגן אין אַ מיטן מיטוואָך, פאַרטאָג, אין־דער־פרי וועסטו זיך דער־מאָנען? — וועסטו דערקענען?

— ניין, ניין, יאָ, שטאַמלט זשערעמאַיא, און ס'ברעקלט זיך אָפּ ביי אים: ווי רופט מען דיך?

— פאַרוואָס פרעג איך נישט דיין נאָמען?

גיט ער נאָך: איך הייס זשערעמאַיא.

— זעסט, איך טראָג דעם זעלבן נאָמען פון דעם היי און בויד, אָבער דו, דו האָסט געהייסן אַנדערש.

— יאָ, דער זיידע האָט געזאָגט, איך האָב פאַרגעסן.

— דו ביסט דער חשובסטער מענטש אין זשירעוועו, אַ דאָקטאָר, וואָס איז נאָך נישט געוואָרן קיין דאָקטאָר. אַ מאַן פון וויסן פון די נייע כלי־זיין. צו דיר קומט מען פון דער גאַנצער וועלט אָפּגעבן כבוד, צו לויבן און אַכפּערן דיין נאָמען. דו קענסט זיך אַלץ אויסלערנען אין די ביכער, דאַרפסטו גאָרנישט געדענקען. אָבער איך? פאַר מיר דאַרף זיך דער ווינט איינבעטן אין קוימען מען זאָל לאָזן אַן אָרט פאַר מיינע טריט אין די אויסגעלאָשענע קוילן. האַלט ער, דער ווינט וואַך מיין זכרון, אָט אַזוי ווי פעפער, נעגעלעך, געווירצן זאַלצן איין פלייש. און די פרוי איז באַשאַפן געוואָרן פון דעם מאַנס פלייש און ביין, ווערט איינגעפעפערט אין איר אַלץ וואָס דער מאַן טוט אָפּ מיט דער פרוי; מיט איר, מיט איר מאַמען, באָבען, עלטער־באָבען, ווייט, ווייט אין דעם וואַלד מיט דער בויד, ביז, ביז איצטער — אָט אַזוי ווי איך שטיי דאָ צוזאַמען מיט דיר אין גאָרטן. — דו געדענקסט נישט; טאַמערל קען אָבער נישט פאַרגעסן.

— טאַמערל! לייכט אויף דער נאָמען אין זשערעמאיאס אויגן, ווי אַ קול פון דעם זיידנס רייד.

— זיך דערמאָנט? גליטשט זיך אַרויס טאַמערלס בליק פון בויד און שוימט אַראָפּ די ביטערקייט פון איר צער.

זאָפּט איין זשערעמאיא איר פּיין: — דו מיין כלה, איך צו דיר, דו צו מיר, מיין כלה, דיין חתן...

— דו דערקענסט אָבער נישט דעם חתן, שטאַרקט זיך טאַמערל, איר קול זאָל נישט אויסגיין אין איר אָטעם.

— ער פאַרשטעלט זיך אין דעם זיידנס רייד.

— ניין, ער הענגט אויפן שפּיץ בוים, אונטער די בלעטער, ווי אַ חתן אונטער דער חופּה.

— און די כלה?

— די כלה? זעסט, די נאָז — שאַרפער פון די קללות; די באַקן — פאַרטריקנטע ביינער; די בריסט — איינגעדאַרטע נאָפּלען...

— און די אויגן? וויל זשערעמאיא אַראָפּציען אירע בליקן פון זיין פּנים און באַווייזן טאַמערלען אירע אויגן.

— די אויגן ציטערן אין דער אָפּנאַרעריי פון פרעמדע בליקן.

— וועל איך זיי דערפרייען מיט דער ליבשאַפט פון יענע רגעס, וואָס לייכטן מיטן אמת אין די אויגן — ציט זשערעמאיא אויס זיין האַנט צו טאַמערלען.

אַט־אָ רירט ער זי אָן, נאָר דער זוים פון זיינע פינגער קעלטערט זיך אין טאמערלה קול:

— איך הענג אויפן ווינט; ליבשאַפט שפּראָצט פון דער ערד.

— וועל איך דיך אַראָפּנידערן פון ווינט און אויפגיין אין דיינע טריט פון דער ערד.

— מיינע טריט פאַרשאַרט דער ווינט אויפן זאַמד.

— וועל איך זיי באַטויען מיט דיינע בליקן, ווי אַ גערטנער באַגיסט די בייטן וואָס ער פאַרזעצט אין גאָרטן.

— מיינע בליקן ציטערן אויפן שפּיץ בוים, אין די אויגן פון חתן,

— ווייז מיר דעם בוים, איך זאָל דערקענען דעם חתן,

— אַז דו וועסט דערקענען דעם וועג, וועסטו קומען צום בוים, און דערזען דעם חתן.

— און די כלה?

— די כלה וואָגלט אַרום איבערן וועג און וואַרט אויף איר חתן.

— ווו איז דער וועג?

— אויף דעם וועג האָבן די רעדער פון בויד אויסגעשניטן די קאָליעס, אַז דו וועסט אַוועקשטעלן אויף דעם וועג דעם ערשטן טראָט, וועסטו דערזען די כלה.

דער שאָטן וויל זיך אָבער שפּאַרן אונטער חרפות און בזיונות, איידער אויסגיין אין דער פרייד פון חתן כלה. שטאַרקט ער זיך אויפן ווינט, און שרעקט זשערעמאיאן מיט די ווייען פון דער ערד:

— קאָליעס שניידן זיך אין וועג שאַרפער ווי פּיין קאָרבט זיך איין אין לייב פון מענטשן.

זשערעמאיא בליט אָבער אין דעם עונג פון חתן, וואָס איז משמח די כלה:

— דער ווייטאָג וואָס צעבייסט די פרייד, קוועלט אַרויס די פרייד, אַזוי ווי דער אַקער, וואָס צעאַקערט דאָס פעלד, גייט אויף די זריעה פון פעלד.

פליסט אַריין טאַמערל אירע רייד אין זשערעמאיאס קול, ער זאָל זיך שטאַרקן איבערן שאָטן:

— דער שאָטן, וואָס שפּאַרט זיך אין אַלע באַהעלטענישן, קען נישט אונטערקריכן אונטערן אַקער אויפן פעלד; און דער, וואָס טראָגט זיך אויף די ווינטן, קען זיך נישט אַראָפּלאָזן אויף די קאָליעס.

— ווייז מיר אַ סימן, איך זאָל דערקענען די קאָליעס פון וועג. שיילט זיך אויס פון טאמערלס בליקן: דאָס פערד, די בויד, דער ציטער פון די שטערן:

— ביים וועג שטייט אַ ברייטע, צעשפּרייטע קרעטשמע, אַן אַלטע, אַן איינגעפאַלענע. אין טויער פון הויף שלייערט זיך די כלה אין איר חופּה־קלייד און קוקט אויס אויפן פערד, ער זאָל באַווייזן די בויד. דאָס פערד האָט זיך אָבער אַוועקגעצויגן אין די וואָלקנס, די כלה האָבן די ווינטן אַוועקגעטראָגן, דער חתן איז איינגעשלאָפן אין דעם ריח פון דעם אָפּגעשניטענעם היי און ער וועקט זיך נישט אויף אויסצולייזן די כלה.

— אָט איז דער חתן, דאָס פערד ציט זיך פון די וואָלקנס, די בויד שוועבט אויף די קאָליעס פון וועג און די בליקן לייזן אויס די כלה, שפּרייט אויס זשערעמאיא די הענט צו טאַמערלען, נאָר ער הערט בלויז דאָס קול:

— פון דער בויד האָבן די רוצחים געמאַכט וועגענער, די קאָליעס האָבן פאַרשניטן די רעדער. דעם וועג האָט דער ווינט אָפּגעווישט פון דער ערד.

— וועל איך מיט מיינע טריט אויסטרעטן דעם וועג.

— אַז דו וועסט אַוועקשטעלן דעם ערשטן טראָט, וועלן זיך איינבייסן אין דיר די קללות פון „מיטן מיטוואָך”, אַז דו וועסט זיך אַריינזעצן אין בויד, וועלן די חרפּות פון דער כלה פאַרבלענדן דיינע אויגן.

— וועל איך דיך אויפהייבן אויפן פערד אין די וואָלקנס.

— די וואָלקנס טרינקען זיך אויפן קבר אין די טרערן פון דער כלה, וואָס וואַרט אויף איר חתן.

— וועל איך אויפגיין פון קבר, אויסלעקן די טרערן און איינוויגן מיין כלה אין ריח פון דעם אָפּגעשניטענעם היי.

— דוד לייב !... ציטערט טאַמערל: און ווער וועט דיך אויסלייזן פון דער סכנה?

— איך האָב זיך דערמאָנט, ווער איך אויסגעלייזט.

— שטעל אַוועק אַ טראָט, גענען נענטער, דוד לייב, אָט איז די כלה, אָט־אָ איז דער חתן.

שטרעקט אויס דוד לייב די הענט: — דער וועג איז פאַרוואַקסן מיט די געוויקסן פון קבר.

— וועל איך אויסיעטן דאָס גראָז און אויסלייגן פאַר דיר דעם וועג... בייגט זיך איין טאַמערל.

זי ווערט קלענער, דינער. איר שמייכל נידערט אַראָפּ נידעריקער און גייט אויף אויף דוד לייבס קבר, אין די פאַרוואַקסענע גראָזן.

## כד

דוד לייב שטייט פאַנאַנדערגעשפרייט די הענט. ס׳קוועלט פאַר זיינע אויגן דער שמייכל פון די ליפּן, נאָר זיינע הענט לאָזן זיך אַראָפּ ווי ליידיקע אַרבל פון אַ פרעמדן בגד. שטעלט ער אַוועק אַ טראָט: אָט־אָ בין איך.

— באַהאַלט זיך אין „שוואַרצן אויג״, דערוויטערט זיך אַ קול.

— ס׳איז פינצטער, איך זע נישט, הייבט דוד לייב אַ פוס און זוכט דעם וועג צו טאַמערלען. נאָר ס׳לייכט זיך אַרויס אַ לאַנגע געלע באָרד, ליכטיקער פון פייער; ס׳געשטאַלט זיך אויס אַ מענטש אין אַ לאַנגן, שוואַרצן פּלאַשטש, אַרומגעבונדן מיט אַ שטריק. אויפן קאָפּ טאַנצט אַ קליין היטעלע מיט אַ דאַשעק.

— ווו איז דער זיידע? — זוכט דוד לייב דאָס אַרומגעשוירן בערדל.

— אָט־אָ בין איך...

רוקט אַריין דער זיידע זיינע הענט אין די אַרבל, פאַרלייגט זיי אויפן האַרצן ווי מען וואַרעמט זיך פון קעלט:

— אַז מען האָט אומגעבראַכט דעם לעצטן ייד פון זשירעווע, האָב איך אַראָפּגענומען מיין אַרומגעשוירן בערדל און אָנגעטאָן זיין באָרד.

— און די באָבע?

— זי וואַרט אויף דיר.

— איך זע זי נישט.

— דו קוקסט אויף טאַמערלען, שאָטנט זיך די לויטערקייט פון דער באָרד און פאַרשטעלט די שיין פון דוד לייבס אויגן.

זיינע טריט הייבן זיך אָן וואַקלען און די מידקייט פאַרציט אַ שלאָף אויף אים.

די באָבע קוקט אָבער אויס אויף אים, היט זי זיין גאַנג, ער זאָל נישט געשטרויכלט ווערן. זי שטעלט זיך איין פאַר דוד לייבן, און זוכט אַ זכות פאַר טאַמערל. זי דערמאָנט זיך וואָס זי האָט געהערט אויף יענער וועלט וועגן די נשמות וואָס געפינען נישט קיין תקומה אויף דער וועלט. רעדט זי איבער פאַר דעם זיידן: — ס׳טרעפט אַמאָל אַז אַ נשמה ווערט געניזוקט; אירער אַ ניצוץ גייט אַריין אין אַ פרעמדער נשמה. זוכט דער ניצוץ נתעלה צו ווערן צו זיין מקור און ציט די פרעמדע נשמה צו זיין זיווג. וואָגלט נעבעך אַרום די נשמה מיטן פרעמדן ניצוץ פון איין זיווג צו דעם אַנדערן און זי קען קיין רו נישט געפינען. פאַרוואָס ס׳קומט אַ נשמה אַזאַ שטראָף, קען אַ מענטש נישט פאַרשטיין; ווער ווייסט די וועגן פון דעם רבונו של עולם? אפילו די מוטער רחל, אַז זי האָט זיך דערמאָנט אירע מיידלשע יאָרן, פלעגן זיך שטעלן טרערן ביי איר אין די אויגן; זי האָט נישט געקענט פאַרשטיין פאַרוואָס האָט איר זיווג געבלאָנדזשעט ביז ער האָט זיך מזווג געווען מיט איר. זי קען נישט פאַרגעסן אַז איר מאַן, דער פאָטער יעקב, האָט פריער התונה געהאַט מיט איר שוועסטער לאה, און ערשט דערנאָך גענומען זי פאַר אַ ווייב. איך האָב זיך פאַררעדט וועגן דער מוטער רחל. זאָלן די אמהות נישט נעמען פאַר אומגוט, וואָס איך טראַכט וועגן איר מערער ווי וועגן זיי. און טאַמערל?... אין איר איז אַריין אַ ניצוץ פון דוד לייבס ווייב, האָט זיך איר נשמה געצויגן צו אים. דער מקור, די גאַנצע נשמה, איז שטאַרקער פון אַ ניצוץ, האָט ער חתונה געהאַט מיט דוניען און נישט מיט טאַמערלען.

ביי דוניען, ביי זיין ווייב, פעלט פאָרט אַ ניצוץ. ס׳איז אַ פגימה... און די נשמה דאַרף מען אומקערן גאַנץ, אָט אַזוי ווי זי איז געגעבן געוואָרן. האָט זי געהאַט כרת ימים און נישט איבערגעלאָזן קיין דור. דוד לייב האָט נישט געקענט געבן קיין תיקון זיין ווייבס ניצוץ אין טאַ־מערלס נשמה, אַפילו נאָכן טויט, ווייל ער איז, פאַר קיין יידן געדאַכט, געווען אַ מאבד עצמו לדעת, און ס׳דאַרפן אוועקגיין דורות ביז ער וועט אַליין געפינען זיין תיקון. האָט טאַמערלס נשמה געוואָגלט איבער דער וועלט, ביז זי איז געקומען צו משה יודלס אַן אור־אור אייניקל. איי, פאַרוואָס משה יודלס? אויף דעם איז אויך פאַראַן אַ פשט... איר האָט

געצויגן צו זיין שטאָם, ווייל משה יודל האָט אַמאָל באַשריבן אין זיינע כתבים די מעשה נורא פון דוד לייבן מיט טאַמערלען. האָט ער זיך אַריינגעמישט אין זייער אומגליק. אפשר טאָר זיך טאַקע נישט דער בן אדם גראָבן אין די סודות, וואָס דער אויבערשטער טוט אַריין אין דער נשמה, און נאָכמאַכן דאָס געשטאַלט פון מענטשן. דאָס איז גלייך ווי געצנ־דינערײַ. וואָס מיינסטו איז אַ געץ? אַן איבערקרימעניש פון דעם וואָס דער מענטש זעט און טראַכט. האָט משה יודל מסתמא געזינדיקט, אפשר בלא יודעים. ס׳ווערט אָבער פאַרשריבן, מען פירט אַ רעכענונג. האָט די זינד געוואָגלט טאַמערלען צו משה יודלס אָפּשטאָם. זי האָט נישט דער־מאָנט ירמיהון זיין אייגענעם נאָמען, נייערט גערופן דוד לייב, ער זאָל איר געבן אַ תיקון, זי זאָל אויסגעלייזט ווערן פון איר אַרומוואָגלען. דער זכות, וואָס זי איז בייגעשטאַנען דעם נסיון און נישט איבערגעגעבן קיין יידן אין גויישע הענט פון פּאַלאַץ, וועט איר ביישטיין און זי וועט קומען צו קבר ישראל. זיין שכר? דעם יוד פון משה יודלס נאָמען, האָט מען אָפּגעהיט אין דער משפחה, האָט ער זיך דערמאָנט. און אָט־אָ זעסטו דאָך ווי ער דערנענטערט זיך צו זייך שטאָם, ער קומט צו דער באָבען. טאָר מען נישט לייגן קיין שטרויכלונגען אויף זיין וועג.

זעט דער זיידע אַז אויף יענער וועלט זענען פאַראַן מדרגות ווי אויף דער וועלט. יעדע מדרגה איז פאַרבאָרגן אין אַ סוד און ער איז נאָך נישט דערגאַנגען אַלע סודות, באַווייזט ער דעם אייניקל זיין אַרומ־געשווירן בערדל, וואָס האָט אים נישט געלאָזט פאַרגעסן, אַז ער איז אַ ייד, ער זאָל אַליין געפינען דעם וועג, און פּרוּווט זיך אַוועקציען הינטער דער לאַנגער צעשפּרייטער באָרד.

דוד לייב לאָזט אים אָבער נישט אָפּ:

— און ווּו איז דער גרויסער חכם, דער ייד?

— אָטאָ איז ער.

אַ פייער גייט אויף פון אַ שייטער־האָלץ און שלאָגט זיך אָפּ אויף איינגעפאַלענע בנינים, אַרויסגעסטאַרטשעטע קוימענס.

רייבט דוד לייב די אויגן פון גרויס ליכטיקייט, ער זאָל זיך קענען אַרומקוקן וואָס ס׳טוט זיך אַרום אים.

— דאָס לייכטן די קינדערישע שיכלעך, די וועלט זאָל נישט פאַר־פינצטערט ווערן פון „שוואַרצן אויג“.

— און ווו זענען די קינדערלעך?

— אין מיינע טאָרבעס, זיי זאָלן זיין עדות אַז איך האָב מיט מיינע כלי־זיין נישט געוואָלט אומברענגען די וועלט, נאָר אָפּראַטעווען אַ ייד.

— ווו איז דער ייד? עפנט דוד לייב ברייט די אויגן. דאָס פייער ווערט קלענער; ס'דערברענען שטיקער האָלץ; אַרום די איינגעפאַלענע געביידעס טונקלט זיך. און אין שאָטן פון פייער ציטערט אַ שוואַרץ, שפּיציק בערדל:

— זיידע!

— ניין, אָט איז דער גרויסער חכם דער ייד.

טוט זיך דוד לייב אַ יאָג, נאָר זיינע פיס שטייען געפּענטעט. דער גרויסער ייד מיט די טאָרבעס דערווייטערט זיך און ווערט פאַרפאַלן.

— ווו איז ער?

— זעסט, נעמט דער ייד אַרויס די הענט פון די אַרבל און ווייזט אָן אויפן פייער.

איבערן פייער הענגט אַ טשייניק.

דער לעצטער ייד האָט נעבעך נישט באַוויזן אויפצוקאָכן דאָס וואַסער, קען איך נישט אַוועקגיין, איך שטיי דאָ און היט דעם טשייניק, ער זאָל נישט קאַלט ווערן.

— דער עלטסטער זאָל אין פאַלאַץ נישט אויסגיסן.

דער עלטסטער שטייט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ, בייגט זיך איין נידעריקער, זיין אַרומגעשוירן בערדל טאַנצט אין די פונקען פון פייער. ער טריפט אַרויס איינציקע ווערטער, שטיל און ווייך:

— איך קען נישט צוקומען צו אים: בעט, ער זאָל מיר פאַר־געבן.

נעמט אַרום דוד לייבן אַ רחמנות. ער וויל אים מוחל זיין פאַר דעם שלעכטס, וואָס ער האָט אים געטאָן אין פאַלאַץ, און אָנטאָן אים זיין בערדל. שטעלט ער אַוועק אַ טראָט, טוט זיך אַ יאָג נאָכן בערדל, נאָר ער טראָגט זיך אַוועק ווייטער, שנעלער...

אַרום אים טונקלט זיך אַ ליידיקייט און שרעקט מיט דער שטיל־קייט. בעט זיך דוד לייב:

— טאַמערל, איך בין איינער אַליין.

ער וויל נאָך עפּעס זאָגן, נאָר ער קען זיך נישט דערמאָנען די רייד וואָס זי האָט גערעדט צו אים. זאָגט ער איר צו:

— איך וועל דאָ וואַרטן. איך וואַרט... קום... נעם... און פּרוּווט אויסשטרעקן די הענט פון בויד. נאָר די הענט לאָזן זיך אַראָפּ שווער, אָט אַזוי ווי אים אַליין ציט צו דער ערד.

זיפצט די באָבע:

— די קללה גראָבט טיפער ווי די ברכה, האָט טאַמערל אויסגע־שניטן דעם וועג שאַרפער ווי דער זיידע האָט אויסגעלייגט מיט זיינע גוטע רייד. זי שטעלט זיך איין פאַר איר שטאָם און בעט צו גאָט אַזוי צו זאָגן: — רבונו של עולם, טאַטע, פאָטער אין הימל, וואָס לייטזעליקט מיט רחמים יעדעס באַשעפעניש זיינעם, דערבאַרעם זיך אויף מיין קינד, ער זאָל נישט געשטרויכלט ווערן פון דעם שלעכטס, וואָס לויערט אויף זיין וועג. זאָל פון אים נישט אָפּגענומען ווערן דער ווילן צו גיין ווייטער אין דיינע וועגן. גיב אים כוח צו שטייגן פון מדרגה צו מדרגה, ביז ער וועט זיך דערנענטערן צו די זיידעס און באָבעס און דערהערן זייערע רעכטפאַרטיקע רייד.

שטאַרקט זיך דוד לייב... ער עפנט די אויגן:

— דער שטעקן ציטערט אין דער לופטן, ווי פונקען פייער אויפן ווינט.

חידושט ער זיך: פון וואַנען אַזאַ ליכטיקייט?

— זיי האָבן פאַרברענט דאָס הויז פון יעקב, לייכטן אין פלאַם די הייליקע נשמות.

— איך זע זיי נישט.

— דער וואָס איז זוכה, דערזעט זיי אומעטום, אויף יעדן וועג, וווּ ער שטעלט זיין טראָט.

— דאָס „שוואַרצע אויג" פאַרשטעלט מיר דעם וועג צו דער כלה, וואָס וואַרט אויפן חתן.

— קוק אויף די עינויים קשים, זיי וועלן דיר ווייזן דעם וועג.

— שווער, שווער, פאַלט ווידער אָן אַ פאַרמאַטערטקייט אויף דוד לייבן און נידערט אַראָפּ אויף אים אַ שלאָף.

דערמאָנט זיך די באָבע, אַז דעם זיידנס נשמה האָט אַן אויסרייד אויף איר. זי, די באָבע, איז אַמאָל אַרויס פון רשות, וואָס ווערט געגעבן

די מתים אויף דער וועלט, און האָט זיך צו נאָענט דערנענטערט צום ויידן, איז ער געניזוקט געוואָרן. די נשמה קען עס נישט פאַרגעסן; זי מאָנט די טעג וואָס זענען אָפּגעשניטן געוואָרן פון איר לעבן. פאַרשטעלט זי דעם וועג פאַר דער באָבעס געבעט. אירע רייד הייבן זיך אויף צו די טויערן פון הימל און איר פגימה וועגט זיי אַראָפּ צוריק, אויף די לעפצן. אַזוי ראַנגלט זיך אויף דוד לייב מיטן זכות, וואָס ער האָט מתקן געווען טאַמערלס נשמה, און מיט איר שאָטן וואָס קאָרטשעט זיך אין זיינע טריט.

קוקט זיך איין די באָבע ווי דער גרויסער ייד — דער חכם — קלייבט אָפּ די קינדערישע טרערן פון דעם פאַרטאָג־טוי, זיי זאָלן זיין בעטער פאַר זייערע מאַמעס און טאַטעס. בעט זי אים, ער זאָל זיך אויך מיען פאַר איר און ווייזן דעם וועג אַ קינד פון איר שטאַם.

געשטאַלט זיך אויס אַ ייד מיט טאָרבעס אויף די אַקסלען, אַ שטעקן אין האַנט.

וואַכט אויף דוד לייב: — גרויסער ייד, חכם פון דער וועלט.

— די חכמה האָט דער פּאַלאַץ איינגעשלונגען, טוט אַ זיפץ דער ייד.

— און די וועלט?

— זי שטייט אַ נאַקעטע.

— און דער ייד?

— דער ייד היט דעם נאַר אין זיינע טאָרבעס, די חכמה זאָל אים נישט פאַרצוקן.

— און ווער האַלט די חכמה?

— דער ווינט טראָגט די הכמה; אַמאָל פאַרגעסט ער די חכמה ביי איינעם, און אַמאָל לאָזט ער איבער די קלוגשאַפט ביי אַן אַנדערן.

— און די נאַרישקייט?

— די נאַרישקייט וואַלגערט זיך אויף דער ערד אונטער די טריט און ס׳גייט אויף ווי אַ בליעכץ פון דער זריעה.

— ווו זענען די טריט?

— טו אַ קוק אויף זיך אַליין, וועסטו דערזען.

— ס׳שווינדלט מיר אין די אויגן.

— אַז מען וויגט זיך אויף אַ הוידע, דרייט זיך דער קאָפּ.

— מיינע טריט גליטשן זיך ארויס פון די פיס.

— זיי גייען אויף אין מדרגות.

— אָט, אָט, פאַרחלשט דוד לייבס קול.

— וואָס האָסטו דערזען?

— איך זע ווי דער גרויסער ייד קומט און גייט אַוועק;

— ניין. דו אַליין גייסט און קומסט צוריק; שטעל אַוועק נאָך אַ טראָט, נאָך, נאָך... אָט, אָט...

## כה

ס׳באַווייזט זיך אַ גאַס, ס׳וויגט זיך אַ וואַסער. צעוואָרפענע הייזער טוליען זיך אונטער די אַראָפּגעלאָזענע דעכער. חיים לייב קומט אַנט־קעגן. ער האָט זיך אַ גאַנץ לעבן געיאָגט נאָך דער מצווה פון הכנסת־אורחים. האָט מען אים געגעבן דעם כבוד צו באַגעגענען דעם אורח.

אַרומגעבונדן מיט דעם שטריק, וויל דוד לייב דערקענען דעם גרויסן ייד.

— ניין, דאָס איז די שטריק פון מיין מי וואָס איך האָב געטראָגן איבער די דערפער.

— ווו איז דער זיידע?

— ער איז נאָך אויף יענער וועלט.

— ווו בין איך?

— דו ביסט געקומען קיין זשירעווע.

— און טאַמערל?

דערשרעקט זיך די באָבע, אַז דער שאָטן, וואָס האָט געוואָלט טאַמערלען איבער דער וועלט, זאָל ח״ו נישט קריגן קיין שליטה אויף דוד לייבן, דערמאָנט זי אים אין איר מאַן, זיין עלטער־עלטער זיידע:

— דער זיידע זאָגט איצטער תהילים מיט דוד המלכס ניגון, ער קוקט זיך איין אויף די מלאכים ווי זיי טוען לויבן דעם אויבערשטן. זעט ער נישט וואָס ס׳טוט זיך אַרום אויף דער וועלט. נעם נישט פאַר אומגוט וואָס ער באַווייזט זיך נישט צו דיר. אַזוי זענען שוין די מאַנסבילן; זיי טוען זיך אַריין אין דער תורה און זיי פאַרגעסן צו וועמען די תורה איז געגעבן געוואָרן. דיין באָבע האָט איר גאַנץ לעבן געזאָגט תחינות פאַר די קינדער. זאָג איך איצטער אויך אַ תחינה, און בעט פאַר די קינדער פון דער וועלט. אָט האָסטו זיך דערמאָנט און געקומען.

— דער זיידע האָט זיך נישט פאַרגעסן שטעלט זיך אײַן דוד לייב פאַר זיין זיידן.

— ער ווייסט נעבעך נישט, אַז אויף יענער וועלט קען מען זיך נישט דערמאָנען, וואָס מען געדענקט נישט אויף דער וועלט.

— ער האָט דערמאָנט די מעשיות, וואָס דו האָסט דערציילט.

— די מעשיות וואָס משה יודל האָט פאַרשריבן אין זיינע כתבים? אוי, אוי; דאָס איז געווען אַמאָל, אַמאָל, מיט אַ צייט צוריק; מען האָט דעמאָלט געוווסט ווען דער יאָרצייט פאַלט אויס און מען האָט געפונען דעם קבר. אָבער היינט; איצטער האָט זיך אָפּגעטאָן די פרייד פון מיין הויז. זיץ איך אויף דער קאַנאַפּע, קוק אין פענצטער פון דער ליידיקער וועלט און פאַרנעם ווי די מוטער רחל קלאָגט אויף די קינדער פון ישראל וואָס נבוזראדן האָט געפירט אין גלות.

„אַ קול ווערט אין רמה געהערט
אַ יאָמער, אַ ביטער געוויין
רחל מבכה על בניה
(רחל וויינט אויף אירע קינדער
זי וויל זיך נישט טרייסטן נאָך אירע קינדער
וואָס זיי זענען מער נישטאָ".

— מיין בראָך איז אָבער גרעסער ווי דער מוטער רחלס. אַז די מוטער רחל איז געשטאַנען לעבן איר קבר אויפן וועג ווי מען גייט צו אפרת, איז אַרויס אַ בת קול:

פאַרמייד דיין קול פון געוויין
און דיינע אויגן פון טרערן,
וואָרום פאַראַן אַ לוין פאַר דיין מי, זאָגט גאָט;
און זיי וועלן זיך אומקערן פון לאַנד פון דעם פיינט
און פאַראַן אַ האָפנונג פאַר דיין לעצט, זאָגט גאָט,
און די קינדער וועלן זיך אומקערן צו זייער געמאַרק,

אַז איך בין געלעגן אין קבר און געזען ווי מען האָט מיינע קינדער געפירט אין באַשין צו דער הריגה.

און אויפן גאַס — מען קען משוגע ווערן! אויפן גאַס — קוק זיך צו און ווער דול!

די גאַס איז אויסגעשטאָרבן און אין איין גרויס געפילדער, איין געשריי —

די גאַס — ווייט, ווייט אַרויף און ווייט אַראָפּ איז ליידיק און — די גאַס איז פול.

וועגענער מיט יידן! קוק אויף די וועגענער — אויף די וועגענער איז אָך און ווי, איז אַ געשריי...

אָ, וועגענער פון פּיין באַלאָדן לעבעדיק און צו דעם טויט געפירט!

די פערד זיי זענען געגאַנגען, און די רעדער, אויך זיי האָבן זיך געדרייט...

(יצחק קאַצענעלסאָן: „דאָס ליד פונעם אויסגעהאַרגעטן יידישן פאָלק״).

דעמאָלט איז דער כסא הכבוד געווען צוגעדעקט מיטן טרויער פון די פּרוכתן וואָס מען נעמט אַראָפּ תשעה באב, פון ארון הקודש, און די שערי רחמים זענען געווען פאַרשלאָסן. טאָ ווי אַזוי קען איך דערציילן מעשיות פון יענע צייטן, ווען פורים האָבן געבליט קאַרשן־ביימער, און שבועות איז מען געפאָרן אין שליטנס?

— און ווי אַזוי זאָל איך זיך דערמאָנען אין יענע צייטן? אַמפּערט זיך דוד לייב מיט דער באָבען, ווי מען כאַפּט זיך אויף פון שלאָף נאָך אַ שווערן חלום. ער קוקט זיך איין אויף דער באָבען. ער זעט זי און זעט זי נישט. ער הערט קלאָר ווי אירע רייד פאַלן ערגעץ אַראָפּ, נאָר ער קען נישט כאַפּן קיין וואָרט.

— איך ווייס, איך ווייס... קריגט זיך נישט די באָבע מיט דוד לייבן. זי פאַרענטפערט זיך: — איך האָב זיך געוואָלט אַראָפּריידן פון האַרצן. אַן אשה; זיי, די מאַנסבילן, זיצן און לערנען. איך טו ריידן. אַ וואָרט גייט נישט אויס ביז עמעצער פאַרנעמט אים נישט. וועט עס אַמאָל קומען צו דיר.

— אָבער איצטער, היינט, וואַקלט זיך דוד לייב פון די טריט: — ווו איז ער? זשערעמאיא? ווו איז דער עלטסטער? ניין, דוד לייב, און טאַמערל באַהאַלט זיך. ער שטרעקט אויס אַ האַנט, ווי ער וואָלט געטאַפּט דעם וועג אין דער פינצטער:

— טו אַ קוק, וואַכט די באָבע איבער אים — אַמאָל דערזעט מען וואָס מען קען נישט דערהערן.

די שטוב ווערט גרעסער, ברייטער, געשטאַלטן שטייערן אין ווייסע

קיטלען, אַרומגעבונדן מיט גאַרטלען, איבערגעדעקט מיט לאַנגע ברייטע שלייערן, ווייסע, דורכגעשניטן מיט בלויע שטרייפן. די פּנימער זעט מען נישט. זיי זאָגן, ריידן, בעטן...

דוד לייב זוכט די באָבען, נאָר ער זעט זי נישט. ער פרעגט זיך נאָך ביי די געשטאַלטן. נאָר קיינער ענטפערט נישט. פאַלט אויף אים אַן אַ שרעק. ער וויל זיך אומקערן אין פּאַלאַץ, זיך באַווייזן פאַרן עלטסטן, ער זאָל זאָגן אַ וואָרט וואָס ער קען פאַרשטיין. דערהערט ער דער באָבעס קול: — זיי טוען תפילה, ווען זיי נישט מפסיק זיין. אַן אשה קען נישט דאַווענען צוזאַמען מיט די מאַנסבילן, שטיי איך פון ווייטן. שרעק זיך נישט מיין זון פאַר די יידן. זיי וויסן נעבעך נישט, אַז אונטער די טליתים ציטערט אויף די קיטלען דער גזר מן השמים. טו אַ קוק, וועסטו זען פאַרוואָס דער ונתנה תוקף טוט זיך אָן אין אַזאַ פּחד.

יידן אין קיטלען און טליתים גייען איינגעבויגן; גייען, גייען איינע אויף די אַנדערע; קאָפּ אויף קאָפּ ווי אַ וואַסער שפּאַרט זיך צו אַ ברעג. קינדער שוועבן איבער דער עדה אויף די קיטלען, ווי ווייסע פליגלען. ס'איז שטיל; אַ שווייגן וועגט זיך אַראָפּ פון די פּנימער ווי ערד לייגט זיך אָפּ אויף דער ערד.

קען דוד לייב נישט פאַרשטיין: — אַזוי פיל מענטשן, גרויס, קליין, קיין וואָרט, קיין פּיפּס?

— זיי זענען אין באַשין אויף דער ערד פון הריגה. דערנענטערט זיך די באָבע צו דוד לייבן.

די גאַס ווערט ליידיק. מען זעט נישט קיין מענטשן. דוד לייבן דוכט זיך, אַז ווייט ווייט, קוים מיטן אויג צו דערזען, דערווייטערט זיך דער גרויסער ייד מיט זיינע טאָרבעס און שטעקן. גיט ער זיך אַ שפּאַר. ער וויל דעריאָגן דעם גרויסן ייד. ציט אויס די באָבע די האַנט: — לויף נישט מיין קינד, ער באַווייזט זיך אומעטום, קיינער קען אים נישט אָניאָגן.

— ביי וועמען זאָל איך פרעגן? פאַרוואָס?, פאַרוואָס? ווער וועט מיר ענטפערן?

פאָרשט דוד לייב וואָס קומט דאָ פאָר אַרום אים, גלייך ווי ער וואָלט פּלוצלונג דערזען, אַז אַ דוכטעניש נאַרט אים אָפּ.

— די באָבע וועט דיר ענטפערן. זעצט זיך די באָבע אַוועק אויף

דער קאַנאַפּע: — אָט דאָ האָב איך אַמאָל, אַמאָל פאַרצייטנס דערציילט די מעשיות.

— די מעשיות וואָס דער עלטער־עלטער זיידע האָט פאַרשריבן, וואָס דער זיידע האָט דערמאָנט.

— יאָ, זיי דערמאָנען, אמת, ס'איז אַ שבח פאַר אים; ער האָט נישט פאַרגעסן. בליעכץ פאַלט אָבער אַראָפּ און וועלקט. דער עיקר איז די פּירה. און די פּירה איז צוגעדעקט מיט די בלעטער. אַז אַ ייד היט אָפּ די מצוות, דערזעט ער דעם טעם פון דער פּירה. אָט הער: אַז איך האָב אַמאָל געזאָגט „אלה אזכרה" האָב איך אויך נישט פאַרשטאַנען. איך האָב געוויינט מיט ביטערע טרערן פאַרוואָס קומט עס זיי, געפרעגט ווי דו, פאַרוואָס? שפּעטער אַז איך בין זוכה געווען צו הערן וואָס די מוטער רחל האָט גערעדט וועגן די עשרה הרוגי מלכות, האָב איך ערשט פאַרשטאַנען דעם טעם פון דער פּירה. אָט זע, וואָס זי האָט דערציילט אַזוי צו זאָגן: אַז די אבות האָבן זיך דערוווסט פון דער ביטערער גזירה, האָבן זיי זיך אַוועק־געשטעלט פאַר הקדוש ברוך הוא און אָנגעהויבן ריידן אַזוי צו זאָגן: אין דיין הייליקער תורה ווערט געשריבן אַז ווויל איז דעם מענטשן וואָס גייט נישט אין דער עצה פון די רשעים, נייערט צו דער תורה פון גאָט איז זיין באַגער, און אין זיין תורה טראַכט ער טאָג און נאַכט. און ער וועט זיין ווי אַ בוים געפלאַנצט ביים בעכן וואַסער, וואָס גיט זיין פּרוכט אין צייט און זיין בלאַט ווערט נישט פאַרוועלקט. איז פאַראַן אין דעם וויינגאָרטן פון גאָט צבאות אַ שענערער בוים מיט צווייגן ווי רבי עקיבא מיט זיינע תלמידים? פאַרוואָס פאַרשניידט דער גערטנער דיביימער, וואָס זענען געפלאַנצט ביים בעכן וואַסער און זייער בליעכץ, וואָס ווערט נישט פאַרוועלקט? זו תורה וזו שכרה. איז דאָס דער שכר פון דער תורה פאַר די צדיקים וואָס באַגערן צו דיין תורה?

האָט דער רבונו של עולם געענטפערט, אַז דער שכר פון די צדיקים איז אַזוי גרויס, אַז זייער טויט לייכט ליכטיקער פון זייער לעבן. וויפל דורות זענען שוין אַוועק אַז די צדיקים זענען אומגעבראַכט געוואָרן מיט די שווערסטע מיתות, אָט אַזוי ווי דער רוצח פון עמלק האָט פאַר־שניטן מיינע קינדער, און אָט האָסטו נישט לאַנג געזען ווי די קינדער פון ישראל, די יידן, זענען געשטאַנען אין קיטלען און טליתים, געקלאָגט ביי דעם „אלה אזכרה" און זיך געלייטערט אין זייערע טרערן. דו האָסט

זיך געחידושט, אפשר ח״ו אין כעס געוואָרן, פאַרוואָס זיי זענען נישט מפסיק. איך האָב אַמאָל אויך נישט פאַרשטאַנען. די ווערטער זענען אָבער געקומען צו מיר אין דער מוטער רחלס רייד. זיי וועלן אויך קומען צו דיר. אַ וואָרט כליפּעט, ווי אַ קינד אָטעמט ביי דער מאַמען אין בויך, און עס פאַרגייט נישט ביז מען פאַרנעמט עס נישט. אָט טו אַ קוק, זע ווי ישראל זיצט אין סאָד און לערנט מיטן זעלבן פשט ווי ר׳ עקיבא האָט אויסגעטייטשט די תורה פאַר זיינע תלמידים.

דער סאָד שפּרייט זיך אויס. דאָס בליעכן פאַלט אַראָפּ, די פּירות ווייזן זיך אין די גרינע בלעטער און דער ניגון שיינט אַרויס פון דער זון אויף די שפּיץביימער.

שטעלט אַוועק דוד לייב אַ טראָט. ער דערנענטערט זיך צו ישראלן און אָטעמט איין אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט, נאָר אים פירן די משרתים פון דעם באַהאַלטענעם קאַמער.

כו

דער קאַמער איז אין טיפן הייל אונטערן פּאַלאַץ, ווי דער קאַזעמאַט אין אַמאָליקע צייטן.

ער איז באַלויכטן מיט דער טונקלקייט פון פאַרנאַכט, וואָס נידערט אַראָפּ צו דער נאַכט, נאָר ווערט קיינמאָל נישט פינצטער. די שטילקייט פון די ווענט שמעקט מיט ריחות, וואָס האַלטן דעם מענטשן אין דרימל, נאָר לאָזן אים נישט איינשלאָפן. די ריחות וועקן ביי אַ מענטשן די רעיונות וואָס וואָרצלען אין אים טיפער פון זיין זיידן און עלטער־זיידן און באַווייזן אויף די ווענט די געשטאַלטן וואָס ער זעט. די זעונגען ווערן אָפּגעצייכנט אויף אַ טאָץ, וואָס טונקט זיך אין דער פאַרבאָרגעניש פון פּאַלאַץ.

די חכמים, וואָס האָבן געפאָרשט די טבע פון מענטשן האָבן גע־ווּוסט, אַז דער מענטש אַנטפּלעקט זיך אין זיינע טראַכטונגען אָפּענער, ווען ער אַנט נישט אַז מען וויל עפּעס אויסגעפינען ביי אים. ווען ער וויסט אָבער, אַז מען פאָרשט זיינע רעיונות, קען ער מיט זיין שכל און שרעק פאַר דער שטראָף, באַהערשן זיך אַליין, ער זאָל נישט טראַכטן וועגן יענע זאַכן וואָס זענען אַ סכנה פאַר אים.

איז דער קאַמער געווען אַ טיפע געהיימעניש אין פּאַלאַץ און מען

האָט אַריינגעפּירט אַהין דעם מענטשן דורך זייטיקע וועגן, ער זאָל נישט וויסן ווהין ער קומט.

אין דעם קאַמער האָט מען אַריינגענאַרט זשערעמאַיאַ שעלו. נאָך דעם ווי טאַמערל איז פלוצלונג נעלם געוואָרן פון הויף און האָט נישט אויסגערעדט קיין וואָרט וועגן דעם וואָס זי האָט זיך דערוווּסט ביי דעם בוגד. האָט מען אַלערליי השערות געמאַכט וועגן טאַמערלס אַנט־רינען: געשטאָרבן, אומגעבראַכט, זי זאָל נישט דערציילן... פאַרקערט, ער האָט גאָר איר איבערגערעדט.

וועגן זשערעמאיאן איז שוין קיין ספק נישט געווען. ס'איז קלאָר געוואָרן אַז דער חשד איז נישט קיין אומזיסטער — ער איז אַ בוגד. מען האָט בלויז געזוכט צו דערגיין אין זיינע אויפפירונגען וואָס דאַרף איבער־געאַנדערשט ווערן אין דער הדרכה, מען זאָל אויף ווייטער פאַרהיטן דעם פאַלאַץ פון אַזאַ בגידה.

האָבן די חכמים פון גלעזערנעם פאַלאַץ געפאָרשט זשערעמאיאס זעונגען, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט פון קאַמער אויף די טאַצן און זיך צוגעהערט צו די רייד וואָס האָבן אָפּגעקלונגען אין זיינע טראַכטונגען. זיי האָבן געזען ווי ער איז איינגעוואָרצלט טיף אין די דורות, אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, און נאָך ווייט, ווייטער, אַ סך פריער.

האָבן זיי געקנייטשט די שטערנס איבער דער מסקנא: — מען קען אָפּגעווינען אַ מענטשן, ווען ער איז נאָך יונג, פון זיינע טאַטע־מאַמע. מען זעט דעם יונג און מען זעט זיינע עלטערן, ווייסט מען וואָס מען דאַרף איבעראַנדערשן אין זיין נאַטור. מען קען אָפּפרעמדן אַ מענטשן פון זיין זיידן און באָבען, די יאָרן דערווייטערן יונג פון אַלט. אָבער די עלטער־עלטער זיידעס און באָבעס? זיי וואָרצלען ביי דעם מענטשן טיפער פון אונדזער וויסן. די ראיות זענען קלאָר; די לייט פון וויסן איז אָבער שווער צו באַנעמען מיטן שכל און זיך דערגרונטעווען מיט זייער חכמה ווי טיף זיי זענען איינגעוואָרצלט אין מענטשן. קוקן זיי אויף דעם עלטסטן, ער זאָל זיך צוזאַמען מיט זיי אַריינטראַכטן אין דעם שווערן ענין, אַט אַזוי ווי ער גיט זיי צו פאַרשטיין מיט זיין קלאָרן שכל און טיפן וויסן די אַנדערע אויפגאַבן פון גלעזערנעם פאַלאַץ.

זיי וועלן זיך אָבער איצטער נישט ווענדן צום עלטסטן. זיי טאָרן זיך נישט אַריינמישן אין זיינע טראַכטונגען.

כז

דער עלטסטער איז אַריינגעטאָן אין די פּאַפּירן, וואָס ער האָט באַקומען פון עיר הבירה וועגן זשערעמאַיא שעלו.

נאָך די איינפּירונגען פון גלעזערנעם פּאַלאַץ, האָט דער שליח פון עיר הבירה געבראַכט דעם פאַרזיגלטן פאַרמעט צום עלטסטן חכם אין זיין חדר מיוחד, ער, דער חכם האָט געדאַרפט פאַרלייענען דעם פּסק פאַרן פאַרמשפּטן און זען אַז ער זאָל ריכטיק דורכגעפירט ווערן.

האָט דער חכם צוגענומען דעם פאַרמעט, צוגעטראָגן אים צו די אויגן, ווי ער וואָלט עפּעס געדאַרפט דערקענען, באַקוקט דעם זיגל פון איין זייט, פון דער אַנדערער זייט, און אַראָפּגעלאָזן דאָס פּאַפּיר נאָכלעסיק נידעריקער פון פּנים. נאָר פּלוצלונג האָט ער איינגעשטייפּט די פינגער אין פאַרמעט מיטן ווייטיק פון אַ שאַרפן ביס און געוואָלט אים אַ שליידער טאָן אויף דער ערד.

דער שליח האָט אַ הייב געטאָן אַ האַנט, די הייליקייט פון דער ממשלה זאָל נישט אַראָפּפאַלן, און האָט זיך דערשראָקן פאַר זיין געוואַגטקייט. האָט ער אָפּגעטראָטן אַ טראָט און זיך פאַרענטפערט: געוואָלט פאַרהיטן...

— און ווער וועט אויסהיטן דיך, מיך, דעם מענטשן? האָט זיך אַ שמייכל פאַרקרימט ביי דעם עלטסטן אויף די ליפּן.

— דער עלטסטער וואַכט איבער אונדז מיט זיין חכמה און היט אונדז אויס פון סכנה.

— איבער אייך אַלעמען, דאָס גאַנצע לאַנד, דער ממשלה? — פרעגט דער עלטסטער און מאַנט ביי זיך אַליין. נאָר דעם שליח דוכט זיך, אַז דער עלטסטער ענטפערט אים און זאָגט אים צו. פאַרנייגט ער זיך נאָך אַמאָל און דערווייטערט זיך אין זיין הכנעה. דער עלטסטער פירט דעם וויכוח מיט זיך אַליין:

— יאָ, זיי אַלעמען, אָבער זיך אַליין?! אָטאָ... ער זיצט ביים טיש... ווער איז אָבער דאָרטן אָפּגעזונדערט אין פּאַלאַץ, און ווער זיצט דאָ ביים טיש?

אַמפערט זיך דער מענטש, וואָס איז אָפּגעזונדערט אין פּאַלאַץ מיטן געשטאַלט פון טיש, און לייענט פאַר אים דעם כתב וואָס איז אָנגעקומען פון עיר הבירה...

— ביי דעם פאַרמשפּטן ווערט צוגענומען דער כבוד „אויסדערוויילטער פון פאָלק", „מאַן פון וויסן" און ער ווערט אָנגערופן „דער מענטש זשערעמאיא שעלו".

— „דער מענטש זשערעמאיא שעלו" האָט זיך צוגעגעבן נאָך אַ נאָמען וואָס איז נישט אַרויסגעבראַכט געוואָרן קלאָר אויף די טאַצן.

— דאָס געריכט וועט דעם פאַרמשפּטן נישט באַצייכענען מיט דעם צוגעגעבענעם נאָמען, אַזוי ווי ער וועט אים נישט משפּטן פאַר די רייד, וועמענס טייטש מען האָט נישט געקענט דערגיין.

— דאָס געריכט באַפעסטיקט זיין פּסק בלויז אויף די ראיות פון די טאוולען און טאַצן, וואָס די לייט פון וויסן האָבן דורכגעלייענט און פאַרשטאַנען.

— די ראיות באַווייזן אַז דער מענטש זשערעמאַיאַ שעלו האָט נישט אָפּגעהיט די סודות וואָס גרונדפעסטיקן די גרענעצן פון אונדזער לאַנד און באַשיצן די קינדער פון אונדזער פאָלק.

— די ממשלה האָט אָנגעטאָן דעם מענטש זשערעמאיא שעלו דעם גרויסן כבוד און אויסגעקליבן אים פאַר דעם אויסדערוויילטן פון פאָלק, אַריינגענומען אים אין גאָרטן און געפירט אים אין די טריט פון די לייט פון וויסן. ער האָט נישט אָנגענומען די פירונגען פון פּאַלאַץ, נישט געפרייט זיך מיט זייערע פייער־טעג און נישט געטראַכט נאָך זייער שטייגער. ער האָט זיך געצויגן נאָך די טריט פון זיינע זיידעס, עלטער־זיידעס, ווייט פון פּאַלאַץ, פרעמד פון די געזעצן פון אונדזער לאַנד און זיך אַריבערגעטראָגן אויף זיין אייגענעם וועג, אין די שטעט און דערפער וואָס געפינען זיך אין די גרענעצן פון דעם שונא.

דאָרטן אין די שטעט, וואָס זענען טיף איינגעגראָבן אין זיין געדעכעניש, אַז זייערע נעמען האָבן זיך נישט אָפּגעקריצט אויף די טאַצן, האָט ער זיך צונויפגערעט מיט די באָבעס און זיידעס פון זיין פאָלק, פון דעם פאָלק ישראל, וואָס איז אַמאָל געקומען צו די ברעגעס פון אונדזער לאַנד און געפונען רו און שלווה דאָ. אונדזער ממשלה האָט געטראַכט, אַז די קינדער פון ישראל זענען איינגעגלידערט אין אונדזער

פאָלק ווי די אברים פון איין גוף. מיר זעען אָבער, נאָך די טראַכטונגען פון דעם מענטש זשערעמאיא שעלו, אַז די ממשלה מאַכט אַ טעות. גערעכט זענען די רייד וואָס ווערן געשריבן אין די הייליקע שריפטן וועגן פאָלק ישראל: „פאַראַן איין פאָלק, צעזייט און צעשפּרייט צווישן אַלע פעלקער אין אַלע מדינות, און זייערע געזעצן זענען אַנדערש ווי ביי איטלעכן פאָלק, און די געזעצן פון מלך טוען זיי נישט". דער מענטש זשערעמאיא שעלו איז נישט געווען אַנדערש. ער האָט זיך געצויגן נאָך זיינע באָבעס און זיידעס און מיט זיינע אייגענע רמזים און סימנים איבערגעגעבן זיי אונדזערע סודות.

גרויס איז די סכנה פון זיין בגידה, און זיינע טראַכטונגען וועלן זיין אַ סכנה כל זמן דער מענטש וועט לעבן, ווייל דער פּראָשעק פון שיכחה צעמישט בלויז דעם וויסן, ער וואָרצלט אָבער נישט אויס די באַגערן, וואָס ליגן פאַרבאָרגן אין מענטשן טיפער פון זיין שכל און וויסן.

— דעריבער איז דער פּסק פון געריכט אַזוי צו זאָגן: איידער־נאָך אַ נאַכט וועט קומען אין פּאַלאַץ, זאָל דער מענטש זשערעמאיא שעלו אומגעבראַכט ווערן מיט דעם טויט וואָס ער אַליין וועט אויסקלייבן. דער פּסק זאָל בלייבן פאַרשריבן אין ספר הזכרון פון פּאַלאַץ, די לייט פון וויסן זאָלן זיך אָפּלערנען פון אים ווי אַזוי אויסצוקלייבן די אויסדערוויילטע זין פון פאָלק, וואָס דאַרפן געהייליקט ווערן צו דער דינסט פון דער ממשלה.

דער עלטסטער האָט דערהערט ווי ס'איז פּלוצלונג שטיל געוואָרן אין זיין חדר מיוחד. האָט ער זיך אָנגעהויבן אַרומקוקן ווער איז דאָ אַנטשוויגן געוואָרן.

אויפן טיש ליגט דער פּאַרמעט אויסגעשפּרייט. דער זיגל שיינט אַרויס גאווהדיק. די לאַנגע געצירקלטע שורות האַקן אויס וואָרט נאָך וואָרט. די ווערטער טורעמען זיך איינס אויף איינס און ציטערן אין די תנועות פון פּנים, וואָס שלאָגן זיך אָפּ אין געלעכטער פון שפּיגל: — דער פאַרמשפּטער לייענט אַליין זיין פּסק, וואָס דאָס געריכט האָט אַרויסגעטראָגן. הייבט זיך אויף דער עלטסטער פון שטול און ציט זיך אויס אין זיין גאַנצער הייך. ער מאַכט דעם אָנשטעל פון דער שטאָלצקייט, וואָס ער באַווייזט אין פּאַלאַץ פאַר די לייט פון וויסן: קיינער זאָל קיין טעות נישט מאַכן, מען זאָל זיך אָפּלערנען. זיינע פיס וואַקלען זיך אָבער,

און זיין קאָפּ לאָזט זיך אַראָפּ. זעצט ער זיך צוריק אַוועק אויפן שטול און שפּאַרט זיך אָן אויפן טיש: נישטאָ קיין כוח...

דער עלטסטער טוט אַ ציטער, ער האָט פלוצלונג דערהערט דעם זיידנס קול. ער הייבט די האַנט צו זיין אַרומגעשוירן בערדל: — האָט ער אַמאָל אַרויסגעבראַכט אַזאַ וואָרט? יאָ... ניין... יאָ, יאָ!... נישט אין דער גרונטפעסטונג פון לאַנד, וואָס האָט פאַרזיגלט זיין כבוד, נייערט אין דעם פּאַפּיר פון דעם מענטשן, וואָס קען זיך שוין מער נישט רופן דער אויסדערוויילטער פון פאָלק. אָט איז ער... טראָגט דער עלטסטער צו דאָס פּאַפּיר צו די אויגן און בייסט זיך איין אין זיין שמייכל: — איין מענטש, דער זעלבער מענטש; איינער ווערט געמשפּט פון דער ממשלה, און דער אַנדערער פון זיך אַליין.

— און די ממשלה? פרעגט דער פאַרמשפּטער.

וויל דער עלטסטער באַגעגענען זשערעמאיא שעלו פּנים אל פּנים און ענטפערן אים מיטן זיידנס קול: אַ מענטש עלטערט זיך ווי אַ בוים, און די ממשלה — ווי אַן אָפּגעטראָגענער בגד...

## כח

זשערעמאיא איז אָפּגעזונדערט אין פּאַלאַץ פון די לייט פון וויסן. קיינער רעדט נישט צו אים און ער טאָר זיך נישט אַריינמישן אין די רייד פון די אַנדערע לייט. מען פאַרזעט אים אָבער נישט. פון עיר הבירה קומען אָן שטאַפעטן, וואָס דערמאָנען, וויפל שעה, מינוטן, רגעס דער־וויטערן דעם טאָג פון דער נאַכט.

דער חכם באַווייזט זיך אָבער נישט פון זיין היכל. שטעלן זיך איין די העכסטע לייט פון וויסן, די וואָס גיבן אַכטונג אויף די איינפירונגען פון פּאַלאַץ, און קומען מיט די לעצטע ידיעות פון עיר הבירה צום חכם אין היכל.

זיי זעען, דער חכם זיצט אָנגעלענט אויף זיין טיש ווי ער וואָלט געדרעמלט. חידושן זיי זיך און ציטערן צוגיין צו אים. זיי זאָגן נישט אַרויס קיין וואָרט. שטעלן אַוועק אַ טראָט און קערן זיך אום צוריק; שטעלן ווידער אַוועק אַ טראָט און קומען צוריק.

דעם חכם דאַכט זיך אַז אָט בייסן זיי זיך איין אין זיין לייב און נעמען צו זייערע שאַרפע ציין; זיי בייסן זיך ווידער איין און לאָזן ווידער

איבער סימנים. ער שטיינערט זיין ווייטאָג, און טוט נישט קיין ריר מיט קיין תנועה. נאָר פלוצלונג שפּאַרט זיך אַרויס זיין שאַרפקייט, הייבט ער זיך אויף פון טיש, שטייפט איין דעם פאַרמעט אין האַנט און טראָגט אים צו צו די לייט פון וויסן.

— אָט דאָס איז דער פּסק פון דער ממשלה, נייך, דער כתב פון אַ מענטשנס לעבן, מיין לעבן, דיין לעבן.

קוקן די העכסטע לייט פון וויסן אויף דעם עלטסטן מיט צעשפּיצטע בליקן, וואָס באַווייזן זיך מיט דער שרעק פון איין פּנים. — ס׳איז דער חוב פון עלטסטן דורכצולייענען פאַר דעם פאַרמשפּטן דעם פּסק, איידער ער ווערט אויסגעפירט.

— און ווער ווערט פאַרמשפּטן דעם, וואָס משפּט? לאָזט אַרויס דער עלטסטער דאָס פּאַפּיר פון האַנט און לאָזט זיך אַליין אַראָפּ אויף זיין שטול.

די עלטסטע לייט פון פּאַלאַץ הערן די רייד פון דעם עלטסטן, נאָר זיי קלינגען אָפּ נישט מיט זיין קול, האָבן זיי מורא עפּעס איבערצופרעגן. זיי קענען אָבער מער נישט איבערטראָגן די שטילקייט, וואָס זעצט זיך אָפּ אין חדר מיוחד מיטן פּסק פון פּאַרמעט, דערמאָנען זיי דעם עלטסטן אויפן באַפעל פון דער ממשלה, אַז מען זאָל ענדערן די רמזים, די סימנים פון די כלי־זיין, דער שונא זאָל נישט קענען לערנען פון די סודות וואָס דער בוגד האָט אַרויסגעגעבן. זיי ווילן באַווייזן דעם עלטסטן אַז זיי טראָגן דעם יאָך צוזאַמען מיט אים, און זיי זאָרגן:

— יעדע זאַך איז איינגעבויט, איינגעשמידט, אויסגערעכנט, אויס־געמאָסטן, אָפּגעוואויגן; ווי אַזוי קען מען עס איבעראַנדערשן?

— איבעראַנדערשן! שרייט אויס דער עלטסטער און שטעלט זיך אויף ווי ער וואָלט געדאַרפט ענטפערן די שופטים וואָס משפּטן אים. נאָר זיין קול פאַלט אַראָפּ און ער טוט אַ שמייכל: שווער, שווער, מען קען נישט.

— מיר ווייסן, מיר ווייסן, זעען די העכסטע, אַז דער עלטסטער גיט זיי נאָך. דערנענטערן זיי זיך נענטער צום טיש.

— דאָס ווייסט איר! שרייט אויס דער עלטסטער, און רירט זיך נישט פון אָרט, ווי ער וואָלט זיך געווערט קעגן זיי: — און דעם מענטשן

